שלמה וואַסערמאַן

# הימישע מענטשן

(דערציילונגען)

דאָס בוך איז אַרויסגעגעבן דורך דער איניציאַטיוו פון:
ד"ר חיים זשיטלאָווסקי איקוף קלוב 1
לובלינער ברענטש 19, א. פ. פ. אָ.
בראָנקס מיטלשול א. פ. פ. אָ.
שול 1, א. פ. פ. אָ.
און די אַרבעטער פון האַרווי־בעריך שאַפּ, א.ל.ג.וו.יו.

ניו־יאָרק 1948

אין ליכטיקן אָנדענק :

מיין ברודער און דריי שוועסטער

מיט זייערע משפחות אין פּוילן,

וועלכע האָבן געטיילט דעם טראַגישן גורל

פון זעקס מיליאָן קדושים.

# אינהאַלט:

# אַ גאַסט

אין אַ פרייטיק־צו־נאַכטס איז דאָס געווען: די בענטש־ליכט האָבן העל באַלויכטן דעם שיין־געגרייטן טיש. אַרום טיש זיינען געזעסן מרים, איר מאַן סאַל, זייער טאָכטער פלאָרענס און — דער פון מאָרד־לאַגער גע־ראַטעוועטער גאַסט, שמעון — מרימס ברודער.

עס איז דאָס ערשטע מאָל אין פיל יאָרן, ווי שמעון זיצט ביי אַ היימ־לעכן משפחה־טיש און ס'איז דער ערשטער אָוונט פון דער קנאַפּער וואָך, וואָס ער איז דאָ, אַז דער שוועסטערס פאַמיליע אַליין פאַרברענגט מיט אים, ווייל ביז איצט האָבן געהאַלטן אין איין קומען לאַנדסלייט, נאָכפרעגן זיך אויף אייגענע.

אַ לאַנדספרוי האָט געוואָלט וויסן צי איר אַלטע מאַמע איז כאָטש געווען פון די גליקלעכע צו שטאַרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט, איידער מ'האָט אָנגעהויבן מאָרדן.

אַן עלטערער לאַנדסמאַן האָט געוואָלט איינרעדן שמעונען, אַז עמע־צער פון זיין משפחה איז אַוודאי געבליבן לעבן, ווייל ווי איז דאָס מעג־לעך, אַז פון אַזאַ גרויסן שטאַם זאָל קיין וואָרצל נישט פאַרבלייבן . . .

אַ טאַטע וויל וויסן וואו ס'איז אַהינגעקומען זיך יינגסטע מיידעלע, ווייל אַלע באַריכטן, וואָס ער האָט ביז איצט געקראָגן, האָבן גענוי דער־ציילט פונעם אומקום פון זיין פרוי און צוויי זין. איז אפשר דאָס קינד ביי קריסטלעכע שכנים לעבן־געבליבן און עס ווייסט אַפילו נישט, אַז ס'האָט אַ טאַטן אין אַמעריקע . . .

די שוועסטער מרים, אַ מיטליאָריקע פרוי מיט אַ גוטמוטיק פריילעך פנים, האָט געקוקט מוטערלעך, פאַרדאגהט אויפן ברודער, ער זאָל חלילה קיין שלעכטע ניייעס נישט דערציילן. אין זיין שוויגן האָט זי אָפט גע־זען די לאַנדסלייטס לעצטע האָפענונג פאַרגיין . . . זי אַליין האָט ווי מורא געהאַט צו פרעגן ביי אים אויף אייגענע, צי האָבן זיי נישט געהאַט דעם זעלבן גורל ווי די נאָענטסטע, פון וועלכע ער איז איינער געבליבן.

און כאָטש איצט, ביים שבתדיקן טיש, האָט גערוט די גרויסע פרייד איבערן נס פון ניצול־ווערן, האָט דאָך פון די טיפענישן פון זייערע גע־מיטער געוויייעט אַ שטילער אומעט, וואָס האָט זיך געשפרייט ווי אַ שאָטן אויף אַ זון־באַלויכטענעם באַרג, און וואָס האָט דערמאָנט: פון אַ גרויסער

# שלמה וואַסערמאַן

משפחה איז איינער געבליבן לעבן — איינער!

מרים האָט אַלע ווילע געכאַפּט אַ קוק אויף איר געראַטעוועטן ברו־דער, ווען זי געדענקט קוים פון דער היים, און אַ פאַרטראַכטקייט האָט זיך פאַרצויגן אויף איר עטוואָס געקנייטשטן שטערן. זי וויל אויסרע־כענען אין וועמען ער איז געראָטן: אויגן האָט ער בלויע, ווי די מאַמע, האָר — שוואַרצע, ווי דער טאַטע און, ווען ער זאָל זיין פולער אויפן פנים, וואָלט ער טאַקע געווען ענלעך אויפן טאַטן.

איר שטערן קנייטשט זיך פון פאַרדראָס, וואָס ער האָט גאָר ווינציק לייב אויף זיך גענומען, זינט ער איז ביי איר. דערלאַנגט זי מיט נאָך אַ פולערע האַנט די שבתדיקע מאכלים און קוקט מיט געטרייע שוועסטער־אויגן, אַז ער זאָל עסן וואָס מער און זיך זעטיקן פאַר אַלע זיינע הונגער־יאָרן.

איר דאַכט זיך אָבער אויס, אַז עפּעס אַ מאָדנע בענקשאַפט באַהאַלט זיך אין זיינע אויגן, וואָס לאָזט אים נישט הנאה האָבן פון דעם עסן און עס פאַלט אויף איר אַ שרעק: צי האָט ער זיך אַמאָל שוין ווידער נישט דערמאָנט אין די שול־קינדער, מיט וועלכע ער האָט געלערנט? צי הערט ער נישט ווידער די טויטע שטילקייט פון די ליידיקע שול־בענקלעך, אויף וועלכע זיינע קינדער־שילער וועלן שוין קיינמאָל נישט זיצן? און אפשר דערטראַגט זיך צו אים דאָס געוויין פון זיין פאַרלוירן־געוואָרענעם טעכ־טערל?...

זי איילט זיך צו פאַרטרייבן די טרויעריקע בענקשאַפט פון זיינע אויגן און הויבט־אָן מיט אַ ווייכער שטימע:

— עס, שמעון, די עסנס זיינען דאָך אַזוי געשמאַק און היימיש, פונקט ווי די מאַמע וואָלט זיי צוגעגרייט.

— איך עס און, דאַכט זיך, שוין אַ ביסל צופיל, — האָט ער געענט־פערט מיט זיין נאַטירלעכן מונטערן קול, נאָר דאָסמאָל באַגלייט מיט אַזאַ ביי־טאָן, וואָס האָט געלאָזט אַ שווערע שטילקייט אין צימער. אין דער שטילקייט האָט געשוועבט דער מאַמעס געשטאַלט... אָט גרייט זי גע־שמאַקע מאכלים... איר פנים איז פול מיט פרייד פון נצחון, איבער דעם, וואָס זי האָט פאַרטריבן דעם הונגער פון הויז: „אַ מאכל, מלא־טעם! דער קייסער אַליין מעג דאָס עסן"...

אין דער שווערער שטילקייט ווערט דער מאַמעס געשטאַלט נאָך ליכ־טיקער. ליכטיקער און פלאַמיקער... אַרום איר פלאַטערן פלאַם־פייער־דיקע צונגען און זי לויכט אין הייליקן געבעט — לאָזט לעבן!...

מרימס מאַן, סאַל, האָט דערשפּירט, אַז באַלד וועט די שטילקייט אויפגעריסן ווערן פון זיין ווייבס פאַרשטיקטער טענה צו דער וועלט: „פאַר־וואָס? אוי, פאַרוואָס איז דאָס געקומען מיין מאַמען?" האָט ער אָנגעהויבן פאַרטרייבן דעם אומעט מיטן געזאַנג פון פרייטיק־צו־נאַכטיקע זמירות. מען דאַרף משמח־זיין אַ גאַסט.

אָבער באַלד אין אָנפאַנג פון זיין זינגען איז געווען דער טאָן פון: „נישטאָ קיין ברירה, דער רבי האָט געהייסן פריילעך זיין..."

פלאָרענס, דאָס ניינצן־יאָריקע קאַלעדזש־מיידל, האָט נישט דער־פילט דעם אונטער־טאָן פון געצוואונגענעם געזאַנג. זי האָט זיך בלויז געחידושט, וואָס דער טאַטע האָט זיך אַזוי צעזונגען. נאָך קיינמאָל האָט זי אים נישט געהערט אַזוי זינגען. זי איז געוואוינט געווען צו הערן פון טאַטן אַלערליי טעאַטער־לידלעך, אָפט — מיט אַ צוויי־דייטיקן מיין... זי האָט זיך אָבער גלייך משער־געווען, אַז דאָס זינגט אַזוי היינט דער טאַטע צוליב דעם גאַסט אַ געזאַנג פון דער אַלטער היים, און זי האָט דע־ריבער אַ ווענד־געטאָן איר טונקל־חנעוודיק פנים מיט די בלוי־גרינלע־כע אויגן צום אָנקל, מיט שטילן געבעט, אַז ער זאָל מיטזינגען. זי ווייסט, ער האָט אַ שיינע שטימע. זי האָט אים שוין געהערט זינגען ביי זיך אין צימער.

נאָר אויף שמעונס פנים איז געווען אַן אומבאַהאָלפענער שמייכל אַזאַ, וואָס האָט פאַרטרויט: „ער וואָלט גערן מיטגעזונגען, נאָר ווי קאָן ער, אַז ער זעט פאַר די אויגן אַזויפיל אומגליקלעכע פרייטיק־צו־נאַכטסן, אַזוי פיל טעג און נעכט מיט פיין, אַזוי פיל יאָרן מיט בלוטיקן געראַנגל פאַרן לעבן..."

אויך סאַל האָט דערפילט, אַז די זמירות האָבן פאַרלוירן דעם אַמאָ־ליקן טעם, אַז דער אַלטער אינהאַלט איז שוין לאַנג אויסגעוועפּט און דער נייער איז גאָר ניט קיין זמירותדיקער... ער האָט איבערגעריסן דאָס זינ־גען און זיך ווי פאַרענטפערט:

— אָ, אַמאָל איז געווען אַנדערש. ווען מיר האָבן זיך געפלעגט צע־זינגען ביים טאַטנס טיש, האָט דאָס אָפּגעקלונגען אין געסל... יאָ, דאָס געסל שטייט מיר נאָך איצט פאַר די אויגן... אויףביידע זייטן וועג — ווערבע־ביימער. לעבן דער ראָגאַטקע — די קוזשניע. אַנטקעגן — דער פלומפּ... נאָר וואָס איז דאָ צו רעדן, אַז אַלץ איז איצט דאָרט חרוב געוואָרן...

# שלמה וואַסערמאַן

— נײַן! — האָט שמעון אַ זאָג געטאָן, — נישט אַלץ איז חרוב געוואָרן.

מרים האָט מיט פריידיקן חידוש אַ קוק געטאָן אויף אים און כמעט אויסגעשריגן:

— הייסט עס, אַז די מלחמה האָט אויסגעמיטן אונדזער שטעטל?...

— יאָ, — האָט שמעון, אַ טרויעריקער, אויסגעשעפּטשעט, — די הייזער זײַנען כמעט געבליבן גאַנץ...

פון שמעונס ענטפער זײַנען אַלע געבליבן זיצן מיט געבויגענע קעפּ, און ווי זיך צוגעהערט צום געוויין פון זייערע הערצער: „די הייזער זײַנען כמעט געבליבן גאַנץ... אָבער די יידן פון די הייזער, די יידן?..."

די טרויעריקע שטילקייט איז פּלוצים צעשטערט געוואָרן פון קלינגען פונעם טיר־גלעקל. מרים האָט זיך מיט אַ ציטער אויפגעכאַפּט פון אירע געדאַנקען און אַ מורמל געטאָן צום מאַן:

— אַוודאי דײַנע פריינט...

סאָל האָט איר געענטפערט מיט אַ וואונק־בליק, וואָס האָט געמיינט: „האַלט זיך בעסער אין דער מעלה און פראַווע נישט קיין ליטישע געלעכטערס".

פלאָרענס האָט דערשפּירט דעם ערב קידער־ווידער צווישן טאַטע־מאַמען, האָט זי זיך שנעל אויפגעהויבן פון טיש און איז — מיט אַ מינע פון „זאָל זײַן שלום־בית" — אַוועק עפענען די טיר.

עס זײַנען אַרײַנגעקומען צוויי מענער, און געבליבן שטיין ווי אָפּהענגיק אין אָנבליק פון דעם געגרייטן טיש. סאָל האָט זיך אָנגעהויבן אײַלן מיטן עסן. שמעון האָט באַמערקט, אַז זײַן שוואָגער איז געוואָרן זייער אומרואיק, ווי עפּעס אַ תאווה וואָלט אים באַפאַלן און פאַרביטן זײַן געמיטלעכע משפחה־פריינטשאַפט אויף עפּעס אַזעלכעס, וואָס איז אַ סך ווינציקער, אַ סך שוואַכער און דאָך געבוגג שטאַרק צו פאַרענדערן אים אַזוי, אַז אַלץ, וואָס איז געווען ביז איצט, זאָל האָבן געווען בלויז אַ ביי־זאַך, אַזוי ווי נאָר לפּנים וועגן...

דערווײַל האָט מרים, מיט איר געוויינלעכער גאַסטפרײַנטלעכקייט, פאָרגעשטעלט פאַר איר ברודער די צוויי מענטשן: מיסטער פייגאָלד און מיסטער קאָטלער.

ביידע מענער זײַנען געווען פון מיטל־וואוקס, מיט רונדע פּנימער פון ווייס־געלבלעכן שאַפּ־קאָליר, וואָס האָט דערציילט, אַז עס פעלט זיי זון און פרישע לופט. קאָטלער האָט זיך שאַרף אײַנגעקוקט אין גאַסט, ווי ער

וואַלט זיך קלייבן זאָגן עפּעס גאָר וויכטיקס, און טאַקע באַלד אַ פֿרעג געטאָן:

— נו, ווי גלייכסטו אַמעריקע? אַ שיינע מדינה, האַ?

און אײדער שמעון האָט צייט געהאַט צו ענטפֿערן אויף אָט דער פֿראַגע, וואָס אַלע פֿרעגן אים באַלד נאָכן ערשטן שלום־עליכם, האָט פֿײַנגאָלד — אַ שנעלער, אומרואיקער מענטש — אויסגערופֿן:

— פֿאַרוואָס זאָל ער נישט גלייכן אַמעריקע. ער האָט דען עמעצן אין יוראָפּ?

— גערעכט. — האָט קאָטלער מסכּים געווען. — דאָס פֿאַרשאָלטענע יוראָפּ! פֿון מײַן גאַנצער משפּחה דאָרטן איז קיינער נישט געבליבן . . . דער גרעסטער וואונדער איז, באמת, ווי אַזוי דו ביזט אַרויס אַ לעבעדיקער . . .

אַ ווײַלע איז שטיל געווען. זיי האָבן געוואַרט, שמעון זאָל אָנהויבן דערציילן פֿון נסים אָדער העלדישקייטן, נאָר ער האָט געשוויגן. עס איז אים געווען שווער צו רעדן. עס איז אים שווער געווען צו דערמאָנען די אַלערליי מינים טויטן, וועלכע ער האָט איבערגעלעבט.

— ווי אַזוי כ'בין אַרויס אַ לעבעדיקער? — האָט ער איבערגעפֿרעגט און אַליין געענטפֿערט: — כ'ווייס נישט.

— נו, וואָס איז דער אונטערשייד, אַבי האָסט זיך געראַטעוועט און ביסט שוין דאָ, — האָט פֿײַנגאָלד אַ זאָג געטאָן, שנעל, ווי ער וואָלט זיך געאײַלט צו אַ שיף וואָס גייט באַלד אָפּ. און דערבײַ אַ צי געטאָן קאָטלערן בײַם אַרבל, — קום אין צווייטן צימער, לאָמיר זיי נישט שטערן דאָס עסן.

אין צווייטן צימער האָבן זיי שוין געטראָפֿן אויפֿגעשטעלט דאָס קאָרטן־טישל. זיי האָבן דאָס אָנגענומען פֿאַר אַ סימן, אַז אַפֿילו צוליב דעם טייערן גאַסט, וועט סאָל נישט ברעכן דעם מנהג פֿון שפּילן קאָרטן פֿרײַטיק־צו־נאַכטס בײַ זיך אין הויז . . . דאָס, וואָס סאָל איז נאָך געבליבן זיצן בײַם טיש, איז פֿון העפֿלעכקייט־וועגן, ביז אַלע וועלן האָבן אָפּגעגעסן. דערווײַל האָבן זיי געהאַט אַ געלעגנהייט גוט צו באַטראַכטן דאָס צימער.

זיי האָבן באַטראַכט דאָס מעבל, געזאָגט מבֿינות אויף די אויסגעהאָנגענע לאַנדשאַפֿט־בילדער און ווי מיט אַרויפֿגעצוואונגענעם דרך־ארץ זיך אָפּגעשטעלט בײַ דער שאַפֿע מיט ביכער. נאָכדעם ווי זיי האָבן געהאַט איבערגעלייענט די נעמען פֿון עטלעכע ביכער, האָט קאָטלער פֿאַרטרוילעך אַ זאָג געטאָן:

— מען דערציילט, אַז אַמאָל האָט סאָל געלייענט אַ סך ביכער.

## שלמה וואסערמאַן

— מאַלע וואָס מען דערציילט און מאַלע וואָס אַמאָל, — האָט פּיינ־גאָלד דערוווּדערט. — אַמאָל איז מיין ווייב געווען אַ יונג מיידל. די אונ־טערשטע שורה — היינט! היינט איז ער פאַרקאָכט אין קאָרטן אַזוי ווי מיר!

קאָטלער האָט אין אָט־די ווערטער דערפילט, אַז מען מוז נישט האָבן קיין דרך־ארץ פאַר ביכער, און אים איז געוואָרן לייכטער אויפן האַרץ. אַן אויפגעלעבטער האָט ער זיך צערעדט:

— אָט דאָס וואָס איך האָב געטראַכט אַלע מיינע יאָרן: וואָס קומט שוין אַרויס, אַז מען לייענט ביכער? מען לעבט דען לענגער דערפון? און קיין מיליאָנער דערפון ווערט מען דאָך אויך נישט, — איז צו וואָס זיך דרייען אַ קאָפּ? . . .

סאָל איז אָנגעקומען און געזען זיינע פריינט ביים ביכער־שראַנק, האָט ער אויסגערופן:

— איר זעט די ביכער? הלוואַי פאַרדינען מיר דאָס יעדן טאָג, וואָס זיי האָבן מיך אָפּגעקאָסט! איצט, ווער רירט זיך צו צו זיי? . . .

קאָטלער, בטבע אַ גוטער, האָט אים גענומען טרייסטן:

— אָ, ס'איז גאַנץ שיין צו האָבן ביכער אין הויז. איר האָט אַ דער־וואַקסענע טאָכטער, עס קומען פריינט צו איר, איז זאָלן זיי זען . . . אַ חוץ דעם, וואָלט דאָך דאָ די וואַנט געווען ליידיק . . .

— „די וואַנט וואָלט געווען ליידיק", — האָט סאָל אין געדאַנק אי־בערגעחזרט זיין פריינטס טרייסט מיט אַ טאָן פון חרטה, וואָס ער האָט זיך אָפּגעלאָזט פון לייענען, וואָס ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון דעם גרויסן פאַרגעניגן, וואָס ער פלעגט געניסן דערפון . . . גאַנץ אָפט דערוועקט זיך ביי אים דער דורשט, אָבער ער פאַרשפּילט דאָס אין קאָרטן . . . ער האָט אַ זיפץ געטאָן און זיך אַוועקגעזעצט אין „מזלדיקן" ווינקל ביים טישל:

— נו, לאָמיר אָנהויבן! ווער האָט דאָס תהילימל? . . .

:: : ::

ביים פרייטיק־צו־נאַכטיקן טיש, אַרום וועלכן עס איז איצט געזעסן שמעון, מרים און פלאָרענס, האָט געשוועבט דער „פּאַטש אין פּנים", וואָס סאָל האָט געגעבן מיט זיין אַוועקגיין אין צווייטן צימער אַריין, דאָרטן קאָרטן צו שפּילן . . .

מרים האָט אָבער ניט אַרויסגעוויזן קיין שום פאַרדראָס. זי האָט

## הײמישע מענטשן

געהאַט בײַ זיך באַשלאָסן הײַנט מער אױסצופֿרעגן איר ברודער װעגן די נאָענטע און װײַטע קרובֿים. און כאָטש זי האָט שױן נאָך פֿאַר שמעונס קומען געקראָגן פֿאַרשײדענע ידיעות װעגן זײער טראַגישן גורל, האָט זי אָבער געװאָלט הערן פֿון אים מער פּרטים.

שמעון איז אָבער זײער קאַרג אױף צו שילדערן דאָס שלעכטס, װאָס ער האָט זיך אָנגעזען און אַלײן איבערגעלעבט, כאָטש ער װײסט שױן, אַז די מענטשן דאָ האָבן ליב צו הערן אײנצלהײטן, אַפֿילו די שױדערלעכ־סטע. עס איז אים שװער צו פֿאַרשטײן, נאָך װאָס דאַרף מען װיסן מער אײנצלהײטן, אַז אַלע װײסן פֿון זעקס מיליאָן אומגעבראַכטע ײדן. פּונקט אַזױ, איז אים געװען אומדערטרעגלעך דאָס, װאָס בײַ דער רעליף־פֿאַר־זאַמלונג, װאו די שװעסטער האָט אים מיטגענומען, אָפּצוגעבן אַ לעבעדיקן גרוס װעגן די אומגעקומענע שװעסטער און ברידער, — איז עס אױסגעע־קומען װי דאָס אַרױסשטעלן פֿאַר אַלעמען אַן אָפֿענע װאונד, פּונקט װי אַ בעטלער, װאָס אַנטבלױזט זי, כּדי װײך צו מאַכן הערצער: „נאָט, זעט, ס׳איז אַן אמתע װאונד! פֿריש פֿון גאַז־אױװן . . .״

און װאָס נאָך פֿײַניקלעכער: נאָך דעם װי ער האָט שױן געהאַט אָפּגערעדט, האָבן געװיסע צוהערער אַפֿילו געװאָלט זען דעם אױסגעע־ברענטן נומער אױף זײַן אָרעם . . .

די שװעסטער האָט אים לאַנג ניט געלאָזט מיט זײַנע מחשבֿות. זי װיל װיסן װען צו שטעלן יאָרצײַט־ליכט:

— איז דאָס אמת, — האָט זי אָנגעהױבן, — אַז דעם ערשטן טאָג פּסח איז . . .

— יאָ, אמת. — האָט ער שנעל איבערגעשלאָגן. ער האָט גוט געע־דענקט: „דעם ערשטן טאָג פּסח . . .״ שױן דאָ איז ער געװאָר געװאָרן, אַז די שװעסטער װײסט שױן פֿון לאַנדסלײַט װעגן דעם טאַטנס אומקום...

פֿלאָרענס האָט נישט קלאָר פֿאַרשטאַנען דעם באַדײַט פֿון די עטלעע־כע אָפּגעהאַקטע װערטער, אָבער לױט די געבײטענע קאָלירן אין דער מאַ־מעס פּנים און לױט די טרערן אין אירע אױגן, האָט זי באַגריפֿן, אַז עס מוז זײַן עפּעס שרעקלעכס און הײליק.

שמעון איז געזעסן מיט אַ צװױיטיקט פּנים, װי ער װאָלט איצט אױפֿסנײַ געטריבן געװאָרן מיט אַלע ײדן פֿון שטאָט, צו זען װי מען צװינגט דעם טאַטן צו פֿאַרברענען ספֿרים און ביכער אױפֿן שול־הױף. ער הערט דעם מערדערס באַפֿעל, און באַלד דעם טאַטנס שטאָלצן „נײן!״ . . . ער פֿילט, װי די קילע, פֿרישע פּסח־לופֿט װערט אָנגעגליט פֿון פֿײַער.

ער זעט, ווי דער מערץ־ווינט צעטראָגט אָפּגעבערענטע שמות, און דעם טאַטנס גרויע באָרד פלאַטערט אין די פלאַמען . . .

— איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן, — האָט שמעון אָנגעהויבן רעדן, ווי ער וואָלט ענדלעך אָנגעכאַפּט דעם פאָדעם פון בלוטיקן קנויל, — קיינמאָל נישט פאַרגעסן דעם לויטערן „ניין", וואָס דער טאַטע האָט געזאָגט און וואָס האָט אונדז אַלעמען דערפרייט. איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן זיין גבורה, צו גיין אַליין ווי אַ קרבן אויפן מזבח פון דעם ספר...

ער איז פּלוצים שטיל געוואָרן, אַקוראַט ווי ער וואָלט מורא געהאַט צו פאַרזאָגן, אַז מיט ווייטערדיקע רייד וועט ער פאַרשוועכן דעם טאַטנס הייליקייט . . .

פון צווייטן צימער האָבן זיך אַ טראָג געטאָן אָפּגעריסענע ווערטער:

„דיל", „ספּעיד" . . . „דער גרינבער שפּילט נישט קיין קאָרטן? . . . מען דאַרף אים אַריינגעמען אין דער געים, וואָלט ער פאַרגעסן אין יוראָפּ מיט אַלע צרות" . . .

אין שמעונס אויגן האָט אויפגעפלאַמט אַ פאַרדראָס:

— „פאַרגעסן די צרות? פאַרגעסן דאָס הייליקע געדעכעניש פון אייגענע, אויסבייטן דעם צאָרן און צער, דעם חלום אויף אַ בעסערער וועלט, אויסבייטן אַלץ אויף קאָרטן?" . . .

פלאָרענס איז מיט שטילע טריט אַוועק צולענען די טיר פון צווייטן צימער. מרים האָט מיט ציטער נאָכגעפאָלגט איר ברודערס אומרואיקע באַוועגונגען. ער האָט אויף גיך אַרויסגענומען אַ ציגאַרעט — גרייט צום פאַררויכערן. מרים האָט אומבאַקוועם אַ שמייכל געטאָן און מיט אַ פאַרשולדיקטער שטימע געבעטן:

— שמעון, באַגיי זיך היינט. מיך מאַן האָט איינגעפירט, נישט צו רויכערן שבת ביי אונדז . . .

שמעון איז געבליבן שטיין אָנגעבויגן צו דער האַלב־געעפנטער טיר, פון וואַנען ס'האָט זיך געהערט דאָס קלינגען פון קאָרטן־געלט. ער האָט איבערראַשט געקוקט, אָט אויף זיין שוועסטער און אָט אויף פלאָרענסן, אַזוי ווי ער וואָלט ביי זיי געוואָלט אַ דערקלערונג: דער טאַטע — אַ קרבן פאַרן ספר, דער ברודער מאָטל — אַ קרבן פאַרן כבוד פון פאָלק, און ער דאַרף דאָס אַלץ איצט פאַרשוועכן מיט אַ קליין קרבנדל — אַ ציגאַרעט אויפן מזבח פון . . . קאָרטן־שפּיל . . .

פלאָרענס האָט זיך איינגעשטעלט פאַרן פעטער און געבעטן:

— מאַ, דער אָנקל קאָן דאָך אַריינגיין אין אַן אַנדערן צימער, וואו

## היימישע מענטשן

קיינער איז נישטאָ, וואו עס ברענען נים קיין שבת־ליכט און דאָרט פאַר־רויכערן . . .

שמעון האָט מיט אַ ביטערן שמייכל געקוקט, ווי עס טאַנצן די שאָטנס אויף דער וואַנט פון די צאַנקענדיקע שבת־ליכט. עס האָט זיך אים אויס־געוויזן, אַז אַט־די שאָטנס זיינען די מענטשן, וועלכע ווילן זען דעם „נור־מער אויפן אָרעם", וועלכע וויינען און . . . שפּילן קאָרטן. די שאָטנס — דאָס זיינען דער שוואָגער מיט זיינע פריינט, וואָס ראַנגלען זיך צווישן די קאָרטן און דעם קיום פון פאָלק דורך . . . נישט רויכערן אום שבת . . . די שאָטנס, — דאָס זיינען די פרומע יידן מיט ביקסן אין די הענט, אין די וועלדער וואו ער איז געווען צוזאַמען מיט זיי . . . אַ שאָטן — ער אַליין, שטענדיק מיט געווער אין האַנט קעגן שונא.

מיט באַדויער האָט ער אַ קוק געטאָן אויף דער צאַרטער פלאָרענס, איז צוגעגאַנגען צו זיין שטילער שוועסטער און, דאָס ערשטע מאָל זינט ער איז דאָ, האָט ער זי אַרומגענומען און אַנטשלאָסן אַ זאָג געטאָן:

— מרים, עס זיינען נאָך געבליבן אַ סך יידן, וועלכע מען דאַרף ראַ־טעווען, און . . . מיר וועלן זיי ראַטעווען . . .

# אַן אַ טרייסט

— נו, עס וועט דיר נאָך לאַנג נעמען? — האָט הײמי אַרײַנגערעדט אין צווייטן צימער אַרײַן.

— ניין, נישט לאַנג, — האָט דאָריס, זיין פרוי, געענטפערט.

היימי איז געבליבן זיצן לעבן דער פאַרמאַכטער ראַדיאָ אין פולער דערוואַרטונג, אַז אָט באַלד קומט זיין ווייב אַרײַן און זיי וועלן גיין.

דער היינטיקער גאַנג איז ניי און פיינלעך. גאָר אינגאַנצן אַנדערש, ווי ער איז געוואוינט געווען אין די עטלעכע און צוואַנציק יאָר פון זייער צוזאַמענלעבן.

אַלע אָוונט זיינען זיי געגאַנגען שפּאַצירן. בלויז אין שלעכטע וועטערס פלעגן זיי בלייבן אין הויז. דאָס איז געווען אַ גרויסע אָפּקומעניש פאַר זיי. די שפּראַך — אויסגעוועפּט, די געדאַנקען — בלאַנק. נישטאָ פון וואָס צו רעדן . . .

אין אָט אַזעלכע אָוונטן האָט דאָריס געקאָנט אָן שום סיבה איבערשטעלן אַן אַש־טעצל פון איין אָרט אויף אַ צווייטן, אָדער אַ וויש טאָן מיט אַ פינגער איבער אַ שטיק מעבל צו זען, צי ס'האָט זיך שוין ווידער איבערן טאָג אָנגעקליבן אַביסל שטויב, און באַלד נאָכדעם זיך אָוועקגעזעצט מיט אַ טיפן זיפץ.

דער זיפץ איז געבליבן הענגען אין דער לופטן. היימי האָט זיך נישט ווייסנדיק געמאַכט. ער האָט געוואוסט, אַז איר זיפץ איז אַן אַריינפיר צו אַ שמועס אָן ווערטער, אַ שמועס, וואָס באַקלאָגט זיך, אַז אַלץ אין הויז איז אין צו־גוטער אָרדענונג; אַז זאַכן שטייען דאָ יאָרן־לאַנג אויף איין אָרט ווי פאַרגליווערט, — קיינער נוצט זיי נישט.

דאָס קליינע פּיאַנע־שפּילעכל, וואָס שטייט אויפן קאַווע־טישל, רוקט זי פון איין פלאַץ צום אַנדערן, נאָר זי עפנט דאָס נישט אויף. בלייבן די זיסע קלאַנגען פאַרשלאָסן אין די געדערים פון דעם אויטאָמאַטישן פּיאַנעלע, פונקט ווי איר טיפע בענקשאַפט נאָך אַ קינד איז פאַרבאָרגן אין איר האַרץ.

דער מאַן פאַרשווייגט דעם אָנצוהערעניש־זיפץ. ער הערט כלומרשט נישט, ווייל ער ווייסט, אַז די האָפענונג אויף אַ קינד איז שוין לאַנג פאַרלאָשן. אָיי די גרויסע בענקשאַפט לאָזט נישט אָפּ און נאָגט דאָס גאַנצע

לעבן, — איז טאָקע בעסער צו שווייגן.

זיי שווייגן אויס דעם ווייטיק, וואָס אין הויז איז גראָד דאָ פון אַלעם גוטן, נאָר עס פעלט קינדערשע שטיפעריי, וואָס זאָל אָפּשטעמפּלען די אויסגעשמירטע הענטלעך אויף אַ נאָר־וואָס אָפּגעוואַשענער טיר, אָדער אַ צי טאָן אַ פיין־געפּרעסט פאַרהענגל און אַליין זיך באַהאַלטן ערגעץ אין אַ ווינקל . . .

זי וואָלט אָנגעשריגן אויפן קינד, ווי איר שכנה טוט אַמאָל: „זאָלסט מיר שוין אָוועקגיין פון דאָרטן! אַזאַ שאָדנווינקל! אַזאַ „מיסטשיף"! אומעטום איז דאָס פול! אוי, מענטשן, ווער האָט נאָך אַזאַ טייוול, אַזאַ אוצר!"

אירע אויגן גייען איבער פון זיס־פיינלעכן באַגער צו האָבן אַזאַ טייערן שאָדנווינקל, — אַ קינד, וואָס זאָל קריכן וואו מ'דאַרף נישט, עס זאָל זינדיקן קעגן איינגעפּרווירענעם מעבל, עס זאָל עפּעס צערייסן, פאַר־שלעפּן, צעברעכן און צעשטערן דעם איינגעגעסענעם אומעט פון הויז.

דאַן וואָלט זי זיך צעבייזערט: „דו אַזוי און אַזוי!" . . . זי וואָלט דעם קינד דערלאַנגט אַ פּעטשעלע אויפן ווייכן אָרט. זי וואָלט דאָס אַ כאַפּ געטאָן אויף די הענט, צוגעדריקט צו זיך. זי וואָלט זיך אַ וואַלגער געגעבן מיט אים אויפן בעט. זי וואָלט אויסגעקושט יעדן אבר פון קינד און געשריגן: „אוי, מאַמע, אַזאַ מיסטשיף!" און וואָלט אַזש געוויינט פון נחת . . .

איז אָבער נישטאָ ביי זיי קיין קינד און ס'איז פּוסט אין הויז. נישטאָ די גרויסע פרייד פון אַ קינד. טראָגט זי די איינזאַמקייט פון דעם פיין־מעבלירטן אַפּאַרטמענט אין דרויסן אַרויס אויף אַ שפּאַציר. פריילעכער ווערט זיי נישט דערפון, גייען זיי אַוועק צו דער פאַמיליע שאַפּיראָ.

דאָרטן איז אַלעמאָל פריילעך. אַהין, צו די שאַפּיראָס, קומען זיי כמעט פון זינט דאָריס האָט זיך באַקענט מיט בערנאַרדן. דאָס איז געוועזן דאַן, ווען מ'האָט אים דאָס ערשטע מאָל אַרויסגעבראַכט אויף דער ליכ־טיקער, זוניקער גאַס אין אַ נייעם קינדער־וועגעלע, איינגעדעקט אין אַ בלויער קאָלדרע צווישן בלויע קישעלעך, אַז מ'האָט קוים אַרויסגעזען דאָס צאַרטע, ראָזע פּנימל.

דאָריס האָט נאָך דעמאָלט געהאָפט, אַז אויך זי וועט זיין צווישן די גליקלעכע פרויען, וואָס האָבן ווער עס זאָל זיי רופן „מאַמע". דערפאַר פלעגט זי זיצן אין דרויסן מיט די יונגע מאַמעס, וועלכע האָבן געהיט זייערע קינדער און געקליבן פון זיי דערפאַרונג, אַז ווען דאָס גליק וועט

זיך באַוויזן צו איר, זאָל זי וויסן ווי אַזוי דאָס אויפצונעמען.

מרס. שאַפּירא, מיט דער פולער מאָס פרייד פון אַ יונגער מאַמע, האָט תמיד געהאַט אַ טרייסט־וואָרט פאַר דאָריסן. דאָריס האָט דאָס ליב געהאַט צו הערן און דערוויל זיך געפרייט מיט דעם געראָטענעם בער־נאַרד, וואָס איז מיט יעדן טאָג געוואָרן קליגער און שענער, פונקט אַזוי ווי זי וואָלט געוואָלט אַז אירס אַן אייגן קינד זאָל זיין.

איינמאָל, ווען בערנאַרד איז פלוצים פאַרשלאָפט געוואָרן, צי פון קריגן בייע ציינדלעך, צי פון עפּעס אַן אַנדער קינדערשער קראַנקהייט, האָט דאָריס נישט אָפּגעטראָטן פון זיין בעטל. זי האָט געהאַלטן אין איין געבן עצות:

— רופט אַן אַנדערן דאָקטער. מען דאַרף אַ ספּעציאַליסט. מיר גע־פעלט נישט די מעדיצין . . .

ווען דעם קינד האָט אָנגעהויבן בעסער ווערן, האָט זי ווידער גע־היט זיין יעדע מינע: „אוי, דאָס קינד ניסט! צום געזונט! צו לאַנגע יאָר! ס'איז אַ גוטער סימן. כ'האָב איך געזאָגט, אַן אַנדערן דאָקטער . . . בין איך אפשר נישט גערעכט געווען?" . . .

אַ צווייטן מאָל, ווען דאָס קינד איז קראַנק געוואָרן, האָט דאָריס אויך גיך געגעבן דעם מאַן אָפּצוזעסן און דערנאָך אים געבעטן: „היימי, קום מיט, עס איז אַ רחמנות אויף זי. זיי זיינען אַביסל פאַרצווייפלט. זיי האָבן דאָ קיינעם נישט. לאָמיר זיי העלפן מיט אַ גוט וואָרט".

היימי האָט גוט געוואוסט דעם טעם פון עלנט, איז ער דערפאַר גערן מיטגעגאַנגען מיט זיין פרוי צו ברענגען אַביסל היימישקייט צו מענטשן וואָס אַן באַקאַנטער משפּחה דאָ אין לאַנד.

די פריינטשאַפט צווישן די צוויי פאָרלעך איז געוואַקסן צוזאַמען מיט בערנאַרדן. די צוויי מענער פלעגן רעדן פון זייערע פאַכן, וועגן זייערע יוניאַנס און שעפער. טיילמאָל האָט מען גערעדט וועגן אַ בוך, אָדער וועגן טעאַטער, און נישט זעלטן וועגן פּאָליטיק. אַפילו ווען זיי זיינען נישט איינשטימיק געווען, האָבן זיי דאָך גערעדט מיט טאַקט און דרך־ארץ. ווען מען איז זיך צעגאַנגען, איז נאָך אַלץ געבליבן אַ פאַרזעצונג אויף מאָרגן.

זיי פלעגן אויך פאַרברענגען געמיטלעך ביים שיין־סערווירטן טיש. דאָס קינד בערנאַרד איז אָבער געווען דער הויפּט־מחותן. היימי האָט אים גענומען צו זיך אויפן שויס, געוויזן אים דעם מעכאַניזם פון זיין זייגערל, און יענער האָט דווקא געוואָלט מיטן פינגערל אָנרירן די קליינע רעדע־

לעך, וואָס באַוועגן זיך, דרייען זיך אַן אויפהער.

באַגייסטערט אַ סך מאָל פון קינדס חכמות, האָט היימי אים געכאַפּט צו זיך אויף די פּלייצעס, געלאָפן מיט אים איבערן צימער און געזונגען:

— „קויפט זיך אַ זעקעלע זאַלץ! ווי טייער? אַ גראָשן, אַ דרייער. ווי טייער אַ שאָך?״ . . .

דאָ האָט שוין בערנאַרד דערפילט די געפאַר פון „כאַפּן אין הינטן אַריין אַ פּאַטש״, האָט ער אַנגעהויבן בריקען מיט די פיסלעך. היימי האָט זיך גענומען דרייען און לויפן, כדי אויסצומיידן טאַטע־מאַמעס און דאָריס׳ בלומרשטע פּעטשלעך, און דאָס קינד האָט זיגעריש געלאַכט מיט זיין גאַנצן קערפּערל.

אין אַזעלכע מאָמענטן האָט מען געקאָנט מיינען, אַז דאָס קינד איז אַלעמענס. דאָריס׳ אויגן האָבן געלויכטן פון דעם גרויסן פאַרגעניגן, וואָס איר מאַן האָט צוליב איר, וואָס זי האָט אים באַקענט מיט דער פאַמיליע שאַפּיראָ.

באַלד זיינען אירע בליקן איבערגעגאַנגען צום קינד, באַטראַכט דאָס אויסזען: די אויגן — בלוי, די האָר — בלאָנד, דאָס פּנימל — רונד, דאָס נעזל — געטאָקט. אינגאַנצן ווי אין מיין משפחה געראָטן. אַזוי וואָלט זיכער מיינס אַן איינגס אויסגעזען! . . . אָבער אין מיטן דער פרייד און צעשטראַלטן פּנים האָט איר האַרץ אַ שטילן זיפץ געטאָן.

מרס. שאַפּיראָ האָט פון גרויס גליק זיך געבייזערט:

— מענטשן, איר פירט דאָך מיר איבער מיין בחור! איר מאַכט אים פאַר אַ הולטאַי! ער וועט מיר נאָך, חלילה, אַוועק אויף קרומע וועגן!

— נישט געזאָרגט! — האָט דאָריס געענטפערט, — מיר האָבן דיין זון אויסגעלערנט צו שטעלן זיך אויף די פיסלעך, וועט ער שוין גיין אויפן ריכטיקן וועג! חוץ דעם האָסטו נישט די איינציקע דעה. ער איז אונדזער אַלעמענס קינד.

דאָס איז אַלעמען געפעלן געוואָרן, און פון דאַן אָן איז געבליבן בערנאַרד — „אונדזער קינד״ . . .

גאָר גוט איז זיי געווען, ווען די שאַפּיראָס זיינען אַמאָל אַוועק אויף אַ חתונה, צי אין טעאַטער, און איבערגעלאָזט דאָס קינד מיט זיי אַליין. דאַן האָט דאָריס געלויכטן מיט מאַמישער ווירדע. די טיף־טליענדיקע צאַרטע מאַמע־בענקשאַפט האָט זיך צעפלאַמט אין אירע אַלע אברים.

זי האָט אויסגעזען ווי איינע וואָס האָט געקראָגן אַ דעה איבעם לעבן.

## שלמה וואסערמאַן

זי האָט וועגן וועמען צו זאָרגן, וועמען אָפּצוהיטן, וועמען צו באַשיצן. זי האָט געקאָמאַנדעוועט:

— בוירנאַרד, גיי נישט אַהין! בוירנאַרד, טשעפּע נישט! בויר־נאַרד — צייט שלאָפן צו גיין!...

און ביים איינשלעפערן דאָס קינד, האָט זי אים געזונגען אירע אַלע נישט־אויסגעזונגענע מאַמע־געזאַנגען...

אין אַזאַ צעבליטער בענקשאַפט האָט היימי גאַר שטאַרק ליב דאָריסן. זי איז דאַן מילד און צאַרט. איר קערפּער איז בויגעוודיקער. ליבע און רייץ איז אין איר יעדן קער. אין אירע אויגן מיניען זיך פייערלעך פון האָפענונג צו ברענגען אַ נייעם דור אויף דער וועלט.

נאָר אַזעלכע אָוונטן זיינען אַוועק, ווי שיינע חלומות...

און בערנאַרד איז געוואַקסן, שיין, געזונט און הויך. ער איז אַרויס־געוואַקסן פון פּאַבליק־סקול און ווי אַריינגעוואַקסן אין האַי־סקול. פון דאָרטן אין קאַלעדזש אַריין. און צוזאַמען מיט די עלטערנס פרייד איז אויך געוואַקסן די פרייד ביי דאָריסן און היימין פון אונדזער געראָטן קינד.

און אַז בערנאַרד איז דאָס ערשטע מאָל געקומען מיט זיין מיידל צו זיי, האָט דאָס ביי דאָריסן און איר מאַן אויסגעזען ווי אַ וואונדער. דאָריס האָט פאַרריסן איר ברוין־גרוילעכן קאָפּ צום פּאַרליבטן פּאָרל און גע־זאָגט:

— זע נאָר, איידער וואָס־ווען, און אונדזער קינד האָט שוין אַ „סוויטהאַרט"...

זיי האָבן איבערדערציילט אַ סך שטיקלעך און שפּיצלעך, וואָס זיי האָבן פאַרגעדענקט פון בערנאַרדס קינדער־יאָרן. דאָס מיידל האָט גע־לאַכט מיט אַ פאַרליבטן חן. אירע געלאָקטע האָר האָבן זיך צעטאַנצט אויף אירע אַקסלען. פון איר געבלימלטן קליידל האָבן יונג־צעבליטע גלידער אַרויסגעזונגען מיט גלוסטונג און פרייד.

דאָס הויז איז אָנגעפילט געוואָרן מיט יום־טובדיקייט פון איר זיין דאָ. אַלץ איז געוואָרן באַלעבט, ווי אויפגעכאַפּט פון אַ לאַנגן פאַרגליווערטן דרעמלען. עס האָט אויסגעזען, אַז דער שטענדיקער עלנט אין הויז האָט זיך מיטאַמאָל אָפּגעטאָן ווי אַ בייזער חלום...

שפּעטער איז שוין דאָס מיידל געקומען צו זיי אַליין. זי איז געקו־מען מיט די בריוו פון איר געליבטן אין דער אַמעריקאַנער בעיווי. זי איז געקומען צו זיי ווי אַן אייגענע, אַזוי גוט ווי זי איז געקומען צו בער־נאַרדס עלטערן...

# היימישע מענטשן

היינט איז דאָס ערשטע מאָל וואָס עס קומט אָן אַזוי שווער היימין און דאָריסן צו גיין צו זייערע פריינט, די שאַפּיראָס. היימי ווייסט פאַר־וואָס עס נעמט דאָרטן דאָריסן אַזוי לאַנג דאָס צוגרייטן זיך. ער הערט אירע פאַרשטיקטע זיפצן. ער הערט ווי עס פאַלט איר דאָרטן ממש פון די הענט.

ער האָט זיך אויפגעשטעלט, אומגעדולדיק געשפּאַנט איבערן צימער, ווי ער וואָלט נישט געקאָנט תופס זיין, אַז זייער אַלעמענס פרייד פון עט־לעכע און צוואַנציק יאָר איז שוין מער נישטאָ.

דאָריס איז אַריינגעקומען פון צווייטן צימער. אירע פאַרוויינטע אויגן האָבן אויסגעמיטן זיין בליק. אָן ווערטער זיינען זיי אַרויס פון הויז און אַוועק צו זייערע אַלטע פריינט.

ערשט ביי די שאַפּיראָס טיר, ווען זיי זיינען געבליבן שטיין, ווי זיי וואָלטן מורא געהאַט אָנצוקלינגען, האָט דאָריס איבערגעריסן דאָס שווייגן און זיך געבעטן ביים מאַן:

— היימי, פּליז, רינג די בעל!

— כ'קאָן נישט, דאָריס, די האַנט לייגט זיך מיר נישט, — האָט ער צעבראָכן געענטפערט.

גראָד איז אָנגעקומען אַ שכנה פון הויז. זי האָט געקוקט אויף זיי מיט אַ טרויעריק פּנים און געזאָגט:

— די טיר איז איצט אָפן, אָפן פאַר אַלעמען.

זיי זיינען באַגעגנט דער שכנה. די שאַפּיראָס זיינען געזעסן מיט געבויגענע קעפּ, און מיט אויגן, וואָס זעען גאָרנישט אַרום זיך. שאַפּיראָ האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, אָבער נישט ווי אַ באַגריסונג, נאָר ווי אַ באַשטעטיקונג:

— יאָ, טייערע פריינט, אונדזער זון בוירנאַרד איז מער נישטאָ.

עוועלין, בערנאַרדס מיידל, האָט זיך געטוליעט צו מיסעס שאַפּיראָ. אירע שיינע ליכטיקע האָר זיינען געווען ווי אויסגעלאָשן. זי האָט אין זיך געשטיקט דעם ווייטיק, אָבער נישט לאַנג אויסגעהאַלטן. האָט זי פאַר־וואָרפן דעם קאָפּ אויף מיסעס שאַפּיראָס שויס און געהעשעט, ווי אַ קינד. און באַלד, ווען מענטשן זיינען אַריינגעקומען, האָט זי זיך געשטאַרקט און יעדן אונטערגערוקט אַ שטול.

עס האָט זיך אָן עפן געטאָן די טיר און ס'האָט זיך אַריינגעשטעלט אַ קאָמיטע פון עם שאָפּ, וואו שאַפּיראָ האָט געאַרבעט. זיי זיינען געקו־מען אינעם נאָמען פון די מענטשן אין שאָפּ, מיט דער גאַנצער אָפּנהאַר־

ציקער געטריישאפּט צו קרעפּטיקן זיי, צו טרייסטן טאַטע־מאַמע: אַז די צייטונגען שרייבן וועגן זייער העלדישן זון; אַז דורות נאָך אונדז וועלן מיט בענטשונג דערמאָנען בוירנאַרד שאַפּיראָ, דעם יידיש־אַמעריקאַנער העלד. „טאַ נעמט זיך אין די הענט אַריין, די צייט וועט אייך טרייסטן"...

אַזוי האָבן זיי געוואָלט זאָגן. אָבער דער שטילער צער, וואָס האָט אַנגעפּילט דאָס הויז, האָט ווי פאַרשלאָסן די ליפּן ביי דער קאַמיטע.

עס איז געווען אַ שווערע שטילקייט. אייניקע האָבן אַן אייגענעם וויסן געקלאַפּט מיט אַ פינגער אויף די קני, אַנדערע האָבן מיט אַ הוסט איינגעהאַלטן דאָס געוויין. איינער פון דער קאַמיטע האָט איינגערוימט אַ צווייטן אַ סוד אין אויער און יענער האָט געענטפערט מיט אַ „אום־הום"...

די איבעריקע האָבן זיך איבערגעקוקט און אויך צוגעלייגט אַן אויער. עמעצער האָט אַ זיפץ געטאָן און געזאָגט: „אַוודאי איז ביטער, זייער ביטער . . ." און מ'האָט ענדלעך גובר געווען די פּיינלעכע שטיל־קייט.

— זיכער איז שלעכט, — האָט אַן אַנדערער געוואָלט אַזוי־ערנאָך טרייסטן.

— ס'איז מלחמה, מוזן זיין קרבנות. אָבער עס זעט זיך שוין דער סוף פון די באַנדיטן.

דאַריס האָט זיך אויסגעהיטן פון דעם שמועס. איר האַרץ האָט אָנ־געהויבן האַסטיקער קלאַפּן, דאָס בלוט איז איר געקומען אין פּנים אַריין. פאַר דער מורא פון בזיון, אַז פרעמדע מענטשן זאָל אַמאָל נישט איבער־פרעגן: „אַזוי, קיינמאָל נישט געהאַט קיין קינדער?" — האָט זי גע־שוויגן. זי האָט געטראַכט, אַז די מענטשן וועלן זיכער שטילערהייט זי באַדויערן, טראַכטנדיק: „אַפילו דעם שטאָלצן צער פון האָבן קינדער אויף דער מלחמה איז זיי נעבעך נישט באַשערט געווען" . . .

מיסעס שאַפּיראָ האָט ווי דערפילט דאַריס' פאַרלוירנקייט און ראַפּ־טאָם זיך אַ קער געטאָן צו איר מיט אויגן ווי אַמאָל, ווען זי — וועלנדיק זי טרייסטן מיט איר פרייד — האָט געפּלעגט אויסרופן: „ווי קומט צו מיר אַזאַ שוואַרצער ציגיינער! נאַ, כאַפּ אים! נעם אים דיר!" און דאַריס האָט אים אַ כאַפּ געטאָן אין אירע אויסגעשטרעקטע אָרעמס, אים צוגעדריקט צו זיך, אַז זיין בייכעלע האָט אַזש געטאַנצט פון געלעכטער. די העל־געלאָקטע האָר האָבן געפּלאַטערט און דאָס גליקלעכע פּנימל מיט די טעלעכע פאַרנטדיקע צייגדלעך האָבן זיך געבעטן: „נאָך, מאַ!"

אַ צעוויטיקטע האָט מיסעס שאַפּיראָ איצט אַ מורמל געטאָן צו איר:

# היימישע מענטשן

— אונדזער . . . קינד, דאָריס, אונדזער קינד ! . . .

אירע אויגן האָבן מיטאַמאָל אָנגעהויבן קוקן שאַרף און אָנגעשטרענגט אין דער ווייטקייט אַריין, געקוקט מיט אַזאַ מאַמע־ציטער, ווי זי וואָלט געזען בערנאַרדן זיך ראַנגלען מיט בייזע כוואַליעס אין ברייטן ים, וואָס אָט פאַרשווענקען זיי אים, אָט קומט ער צוריק אַרויף . . . ער וועט זיגן . . . ער וועט זיך ראַטעווען . . . ער איז שטאַרק . . . ער איז אַ גוטער שווימער . . . נאָר וואו איז ער ? „בוירנאַרד, וואו ביזטו ? לאָז זיך נישט ! שטאַרק זיך ! . . .” און זי זעט : אַ ווייסע האַנט אין מיטן שוימיקן ים. זי רופט, די האַנט : „טאַטע ! מאַמע ! כ'ל־ע־ב ! גוט־באַי !” . . .

— דאָריס, אונדזער קינד ! — האָט זי איבערגעחזרט און איז זיך פאַרגאַנגען אין אַ טיפן אינערלעכן געיאָמער.

דאָריס איז צוגעלאָפן, אַרומגענומען זי און געוואָלט זי טרייסטן, נאָר האָט זיך נישט געקאָנט באַהערשן. אירע אַקסלען האָבן אויך אָנגעהויבן קאָנוואולסיוו צו צוקן פון פאַרשטיקטן געוויין. און אַזוי זיינען זיי ביידע, אַרומגענומענע, געבליבן שטיין ווי פאַרשטיינערטע.

ווען זיי זיינען ענדלעך געקומען צו זיך, האָבן די מענטשן אין הויז זיך געשטעלט אַרום די צוויי פרויען, מיט די טיילוויז גרויע קעפּ. נאָר אויסגערעדט, געמונטערט און געטרייסט האָט מען איינע, די מאַמע — מיסעס שאַפּיראָ.

דאָריס האָט זיך ביסלעכווייז אָפּגערוקט אָן אַ זייט, ווי זי וואָלט געווען אין וועג. זי האָט זיך צוריק אַוועקגעזעצט לעבן איר מאַן און שטיל, אין צעבראָכענעם האַרצן ביי זיך, באַדויערט וואָס קיינער האָט נישט דערפילט איר טיפן ווייטיק, וואָס אַפילו טרייסטן זי האָט קיינער נישט פאַרוואָס . . .

שפּעט ביינאַכט זיינען די מענטשן זיך צעגאַנגען אַהיים. אַ קאַלטער נאָוועמבער־ווינט האָט געריסן זייערע קליידער און געטראָגן מיט בייזקייט די אָפּגעפאַלענע בלעטער. נאַקעטע ביימער־שפּיצן האָבן זיך געבויגן הין און צוריק קעגן דעם לבנה־באַלויכטענעם הימל. דאָריס האָט זיך פעסט געהאַלטן אָן היימיס אָרעם און זיך געטוליעט צו אים. אַ פאַרטראַכטער האָט ער פּלוצים אַ פרעג געטאָן:

— וואָס ?

— גאָרנישט.

— דאַכט זיך, האָסט געזאָגט, אַז ביזט זי מקנא.

— וועל... יאָ, צו זיי קומען אַן טרייסט־בריוו, אַפילו פון רעגירונגס־מענטשן . . .

היימי האָט געשוויגן. דער ווינט האָט ווי אויפגעכאַפּט און צע־טראָגן די ווערטער:

— „אַן אַ טרייסט, אַן אַ טרייסט . . ."

# בענקשאַפט

ס'איז געווען אַ זונטיק נאָכמיטאָג. אַ רעגן איז געגאַנגען שוין דעם צווייטן טאָג. אַ ניו־יאָרקער רעגן, וואָס שלאָגט זיך, דאַכט זיך, מיט דער דעה — גיין צי ניט גיין? נאָר שווערע, נידעריקע כמאַרעס הערן נישט אויף צו זייען ווי דורך אַ זיפּ אַ דינעם רעגן.

— אַ בייזע אַנשיקעניש! — האָט מיסטער לערנער פּראָטעסטירט אין דער וועלט אַריין, בעת זיין אומרואיקן שפּאַנען איבערן צימער. ער איז אָפּט געבליבן שטיין ביים פענצטער, אַנגעבויגן זיין בלאָנד־גרוילעכן קאָפּ צו די פאַרלאָפענע שויבן, זיי איבערגעווישט מיט זיינע פאַראַרבעטע פעינטערישע פינגער, און אַרויסגעקוקט אין הויף אַריין אויף די אויסגע־ווייקטע גראָזן אוןביימלעך, אויף די טונקל־רויטע ווענט, און צוריק זיך אָפּגעווענדט מיט אַ הייב פון די אַקסלען, ווי איינער רעדט: „נאַדיר אַ וועטער צום רומל!"

ער איז געבליבן שטיין אין מיטן צימער, מיט שטילן טרויער אין זיינע ברוינע אויגן געקוקט אויף זיין ווייב, וועלכע איז געזעסן אויף דער סאָפע מיט בריוו אויף איר שויס און געלייענט זיי מיט אַ גליקלעכן שמייכל אויף איר מאַט־לענגלעך פּנים, און ער האָט פאַרדריסלעך אַ טראַכט גע־טאָן: „וויפיל איז דער שיעור צו לייענען די זעלבע בריוו?"

ס'האָט אים געאַרט וואָס זי באַמערקט נישט זיין אומרו. אָט־אָ וועט ער איר, דאַכט זיך, באַלד זאָגן: הער זיך איין, פערל! דו דערקענסט גאָרנישט אין מיר? אפשר מיינסטו, אַז די ענדערונג איז פון דער שווע־רער אַרבעט, פון שמירן ווענט, רייסן זיך צו דער סטעליע אָדער קריכן אויף די דילן? ניין! . . . אַרויסגיין אין גאַס צו טרעפן אַ פריינט, אַ באַקאַנטן אָפּצורעדן זיך פון האַרצן — קאָן איך נישט, אַז דער הימל ווייַנט, די לופט איז שווער און דאָ־אָ־אָ אין האַלדז איז ענג, פונקט ווי כ'וואָלט געפעינט אין אַ פאַרמאַכטן קלאָזעט. און דו . . . נו, ווער קאָן רעדן צו דיר, אָדער דו גייסט אַרום שטיל, פאַרטראַכט, גלייך דער זון וואָלט נאָך געשלאָפן נאָך אַ שבת־נאַכטיקן פאַרברענגען, אָדער דו לייענסט אויפסניי די אַלטע בריוו זיינע . . .

אָט־דאָס האָט ער איר געוואָלט זאָגן מיט פאַרוואורף, אָבער אַנשטאָט דעם האָט ער בלויז אָפּגעהאַקט אַ פרעג געטאָן:

# שלמה וואסערמאן

— געפינסט דען עפּעס אין די אַלטע בריוו ביי?

— האַ? — האָט זי, אַ פאַרנומענע, זיך אָפּגערופן און ווייטער גע־וואָלט לייענען. זי האָט אָבער דערשפּירט אויף זיך דעם מאַנס אומרו־איקע בליקן און אַ פאַרחידושטע זיך ווי פאַרענטפערט, אַז קיין נייע קומען נישט . . .

— די אַלטע דאַרפסטו דאָך שוין קענען אויף אויסנווייניק.

— אָבער אַז איך לייען זיי, דאַכט זיך מיר, אַז איך הער אים רעדן...

— האָט זי שטיל אַ זאָג געטאָן.

ער האָט אָפּגעווענדט זיינע בליקן פון איר מיט חרטה, וואָס ער האָט איר געשטערט די פרייד צו הערן הערשלען רעדן . . .

זי האָט אַראָפּגענומען די לייען־גלעזער פון די אויגן, נאָכגעקוקט אים און געפרעגט:

— עפּעס קאָנסטו זיך היינט, דאַכט זיך, נישט געפינען קיין אָרט. איז עפּעס דער מער מיט דיר?

— וואָס האָט צו זיין דער מער? גאָרנישט, — האָט ער געענט־פערט אין אַ טאָן ווי ס׳וואָלט געווען אַ זעלבסט־פאַרשטענדלעכע זאַך, אַז ער איז שטאַרק באַעוולהט געוואָרן.

ער האָט זיך האַסטיק אַוועקגעזעצט לעבן דער ראַדיאָ, גרייט זי אָן עפן צו טאָן אויף די העכסטע טענער, כדי זיין שלעכטע שטימונג זאָל פאַרשריגן ווערן. און זאָל זי טאַקע אויך וויסן, אַז אין אַזאַ שלעכטן וועטער און פון זון . . . ער האָט אַ קוק געטאָן אויף איר, אויף איר בלאַס־אָפּגעצערט פּנים, גלייך זי וואָלט נעכט נישט געשלאָפן. זיין פאַרדראָס איז באַלד צערונען געוואָרן און ער האָט געטראַכט: „אפשר איז אַ מאַ־מעס האַרץ אַ נביא? . . .” ער האָט פּאַמעלעך אַוועקגענומען די האַנט פון ראַדיאָ־קנאָפּ און געוואַרט, זי זאָל עפּעס אָנפאַנגען רעדן, כדי ער זאָל האָבן אַ געלעגנהייט זי צו טרייסטן . . .

נאָר זי איז געזעסן שטיל מיט אַ בריוו אין האַנט, וועלכע האָט גערוט אויפן אָנלען פון דער סאָפע. אירע גרוי־גרינע אויגן האָבן געקוקט מיט אַ ווייט־פאַרטראַכטן בליק, ווי זי וואָלט געזען איר בן־יחיד הערשל אין אַ ווילד־פרעמדן לאַנד, ווי ער זוכט מיט זיינע הירשן־אויגן דעם שונא וואָס לויערט אויף אים.

פון דער שטילקייט, וואָס האָט געהערשט אין הויז, האָט אויסגעזען, אַז די ביכער־שראַנק, די פּיאַנע, דאָס בילד אויפן וואַנט און יעדעס שטיקל מעבל — זיינען די באַלעבאַטים און קוקן פרעמד אויף צוויי פאַרבלאָנ־

## היימישע מענטשן

דזשעטע מענטשן, וועלכע האָבן מורא אַ וואָרט אויסצורעדן.

אין שטילער בענקשאַפֿט דערמאָנט זיך מיסטער לערנער, אַז מיט אַ צוועלף יאָר צוריק האָט ער אָנגעשלאָגן הערשלען. ס'איז אויך געווען אַזוי רעגנדיק. פֿאַרוואָס איז דאָס געווען? שווער זיך צו דערמאָנען, נאָר ער זעט אין ווינקל פֿון הויז אַ צעשראָקן קינד בליפּען . . . ס'איז געווען איר שולד! אַ מאַמע דאַרף וויסן, ווען דער טאַטע ווערט אין כּעס דאַרף זי זאָגן: סטאָפּ! וואָס עפּעס שלאָגן אַן אומבאַהאָלפֿן קינד? . . . איצט, דאַכט זיך אים, קוקט זי אויך אין יענעם ווינקל און זעט דעם איצטיקן סאָלדאַט אַלס בײַן יאָריק קינד אַן אויסגעפּאַטשטן, ווי אַ געשלאָגן הינטל מיט נישט קיין אויסגעפֿירטע וואונטשן . . . אָט וועט זי אים באַלד פֿאַר־וואָרפֿן: „אַ טאַטע זאָל זיך נישט קאָנען קאָנטראָלירן! . . .”

— דאַרפֿסט נישט זײַן אַזוי פֿאַרזאָרגט, מאָריס. מײַן האַרץ זאָגט מיר, אַז מיר וועלן אין גיכן קריגן בריוו פֿון זון, — האָט מרס. לערנער איבערגעריסן די שווערע שטילקייט און איז מיט לאַנגזאַמע טריט צוגע־גאַנגען צום מאַן.

ער האָט אויפֿגעהויבן דעם קאָפּ, געקוקט אויף איר געבלימטער זו־מער־קלייד, אויף אירע אַנטבלויזטע אָרעמס, וועלכע האָבן אויסגעזען אָפּ־געצערט. ער האָט דערפֿילט אין איר טאָן, אַז זי זוכט בײַ אים שוץ, זוכט בײַ אים טרייסט אין איר עלנט, האָט ער מיט דינעם בעפּל אין זײַנע אויגן געזאָגט:

— ווער? איך זאָרג זיך וועגן זון? איך טראַכט . . . כ'טראַכט גאָר וועגן דעם פּאַסקודנעם וועטער . . .

— איז דען דאָס ערשטע מאָל אין לעבן אַזאַ וועטער? אַ מאַן דאַרף זיך קאָנען האַלטן . . . ווייסטו גאָר וואָס, לאָמיר זיך אַרײַנכאַפּן אין אַ מואווי, — האָט זי אים פֿאָרגעשלאָגן ווי אַ גוט טרייסט־מיטל. זי האָט אים קאָקעטיש אַ גלעט געטאָן איבערן קאָפּ און איז אַוועק זיך איבערטאָן.

גראָד איז די מואווי אויך נישט געווען קיין פֿריילעכע. אַ מואווי — פֿול מיט מענטשלעכע פּײַן און לײַדן פֿון נאַצי־מערדערייען איבער באַ־זיגטע פֿעלקער; דער חורבן פֿון זײַן געבורטסלאַנד פּוילן; דער גע־ראַנגל פֿון זײַן פֿאָלק אין די געטאָס. דאָ און דאָרטן — אַ טרייסט פֿון אַ נקמה־אַקט אינעם פֿאַרעקשנטן קאַמף קעגן מענטשן־חיה. ס'איז זײַ אַביסל לײַכטער, ווײַל אין דער פֿינצטער האָט קיינער נישט געקאָנט זען די פֿײַכטקייט אין זייערע אויגן, וועלכע האָבן זיך באַלד אָנגעהויבן לייטערן פֿון די גוטע מלחמה־נײַעס.

# ש ל מ ה   ו ו א ס ע ר מ א ן

זיי האָבן אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם און געזען דעם כוח פון אונדזער לאַנד. געזען, ווי אונדזערע גייען, שווימען, פליען מיטן בעסטן וואָפן קעגן שונא, וועלכער איז אומעטום: אין געדיכטע דזשאַנגלס, אין הייסן אַפריקע, אין פראָסטיקן אַלאַסקע — אונדזערע קומען באַפרייען, זיי קריכן אויף די בייכער, שפּרינגען פון די הימלען!... אָט שטייגט אַרויס אַ גרופּע פון אַן עראָפּלאַן, וואָס איז געפלויגן איבער שונאס לאַנד. אַ רע־פּאָרטער פרעגט זיי אויס און — אוי, הערשל! ס'איז דאָך הערשל! — האָט מיסעס לערנער אויסגעשריגן.

אַלע אַרום האָבן זיך אַ קער געטאָן צו איר מיט פראַגעס:

— אייער זון?

— וועלכער איז דאָס?

נאָר דאָס בילד איז שוין געהאַט פאַרשוואונדן און דער עולם האָט אָנגעהויבן פּאָדערן, מען זאָל נאָכאַמאָל ווייזן דעם פילם און לאַנגזאַם, אַז אַלע זאָלן קאָנען זען הערשלען. דער פאַרוואַלטער פון טעאַטער האָט צוליב־געטאָן דעם עולם. דער פליער, וועלכער האָט טאַקע אויסגעזען צו זיין די לערנערס זון, איז געוואָרן אַלעמענס גאַסט. אַלע, ווי איין משפחה, האָבן זיך געפרייט, געפרעגט וועלכער ס'איז, אַפּלאָדירט און געשריען: ה ע ר ש ע ל ע!

נאָר ער דאָרט, אויפן בילד, האָט בלויז איינמאָל געגעבן אַ זייטיקן בליק צום עולם, ווי ער וואָלט עמעצן געזוכט, צו לאָזן וויסן פון זיך אַז ער לעבט און איז געזונט. ער איז באַלד אַוועק מיט זיינע חברים — אַלע אין פליערישע קליידער. בלויז אַן אויגנבליק האָט מען נאָך געקאָנט זען זיין פּראָפיל.

די מאַמע האָט זיך אַ ריס געטאָן פונעם אָרט מיט אויסגעשטרעקטע הענט: אָט־אָט פאַרהאַלט זי אים, קוקט אים אין די אויגן אַריין: יאָ, דער זעלבער טייערער הערשעלע! — שרייב אָפּט! דו ווייסט ווי מיר בענ־קען?... נאָר ער קוקט שוין נישט מער צו קיינעם, שפּאַנט מיט די אַנדערע אין טאַקט און פאַרשווינדט.

די מאַמע האָט לאַנגזאַם אַרויפגעלייגט די ליידיקע הענט אויף איר ברוסט, ווי זי וואָלט דאָרטן צוגעטוליעט דעם לעצטן בליק פון זון.

מיסטער לערנער האָט באַמערקט דעם געמיש פון פרייד און צווייפל, וואָס ראַנגלט זיך אין זיין ווייבס האַלדז, האָט ער זיך געמאַכט מוט און אַ שפּאַס געטאָן:

— ער קוקט אויס גוט פון אַנקל סעמס קעסט.

# היימישע מענטשן

זי האָט געשוויגן. ערשט אויפן וועג האָט זי געפרעגט:
— ביזט זיכער, אַז דאָס איז געווען אונדזער הערשל?
— האַ? וואָס הייסט?...
— עפּעס יאָ ער און נישט ער — כ׳ווייס נישט...
— וואָס דיר קאָן אַלץ איינפאַלן, — האָט ער זי פּראָבירט באַרו־איקן.

ווען זיי זיינען צוריקגעקומען אין הויז, איז שוין געווען אָוונט. ער האָט זיך געוואָלט באַפרייען פון שווערן אומעט, האָט ער געמאַכט שטאַרק ליכטיק, אפשר וועט דאָס העלפן. זי האָט זיך אָנגעטאָן אַ געפרעסט פאַר־טעכל און אָנגעהויבן זיך פאָרען אין הויז צוגרייטן עפּעס עסן. דער וויס־געדעקטער טיש אין קיך האָט אויסגעזען יום־טובדיק פון די פינקלדיקע טעלער, גלעזער און לעפל.

ביים טרינקען די טיי האָט זי פאַרטראַכט געפרעגט:
— עפּעס ווי אַ פרעמדער האָט ער אויסגעזען, ניין?...
— האָסט נישט באַמערקט זיין שמייכל אין ווינקל פון די ליפּן? ס׳איז הערשל...

— טאַקע זיין שמייכל געווען, — האָט זי באַשטעטיקט, זיך אַלעמאָל דערמאָנט עפּעס אַנדערש און פּראָבירט פאַרגלייכן מיטן דעמאָלטדיקן הערשעלען, ווען ער איז נאָך געווען אַזוי־אַ גרויס. אירע אויגן לייכטן פון גליקלעכע דעראינערונגען און גוטע האָפענונגען.

זי שפּינט די פאַנטאַזיע פון זיין צוריקקער און באַמערקט נישט דעם טיפן צער אין מאַנס אויגן, וועלכער זיצט מיט אַ פאַרגליווערטן שמייכל אויף זיין פּנים, ווי ער וואָלט זיך מיטגעפרייט מיט איר, נאָר ער זעט איצט אַ סך הערשעלעך: אַ הערשעלע ביי דער מאַמעס ברוסט, מיט אייגעלעך וואָס פאַרמאַכן זיך אַלעמאָל פון זיסן תענוג; אַ הערשעלע, צו וועלכן ער כאַפּט זיך צו אין מיטן נאַכט צו הערן זיין אָטעם; אַ הערשעלע, וואָס פילט־אָן דאָס הויז מיט פרייד פון זיינע ערשטע טריט, ערשטע קלאַנגען, וואָס זיינען ענלעך אויף ווערטער, און — אָט: איינעם שוין אַ הערשל וואָס גייט אַליין אין סקול, קעמט זיך שוין די האָר, רעציטירט גוטע לי־דער...

הערשעלעך אַ סך. אין יעדן ווינקל פון הויז — אַ הערשעלע, וואָס וויל זיך שפּילן, וואָס וויל פרייד, וויל לעבן; און איין הערשעלע אַ גרוי־סער, אַ שטאַרקער, וואָס איז אַוועק מיט עראָפּלאַן, מיט ביקס און באָמבע זיך שלאָגן מיטן שונא פאַר זיינע ברידערלעך, פאַר די קליינע הערשע־

לעך . . . איינעם אַ הערשל, ווען די מאַמע האָט נאָך אַמאָל צו זען . . .
אפשר איז די ידיעה, אַז ער איז פאַרלוירן געגאַנגען, אַ טעות ? ס'האָט
שוין מיט אַ סך פאַסירט און שפּעטער האָבן זיי זיך אָפּגעזוכט . . . מ'דאַרף
וואַרטן, נישט זאָגן איר . . .

— אָבער איך פאַרשטיי נישט, פאַרוואָס האָט ער שוין אַזוי לאַנג
נישט געשריבן ? — האָט זי זיך ווידער אומגעקערט צו איר צווייפל און
איבערגעשלאָגן זייַנע מחשבות.

ער האָט זיך געכאַפּט צום אויסגעקילטן גלאָז טיי און פלעגמאַטיש
געענטפערט :

— פאַרוואָס ? . . . כ'ווייס . . . מלחמה . . . בריוו קאָנען אויך
פאַרלוירן ווערן . . . מלחמה . . .

# די באַפרייטע

אין אַפּאַרטמענט 2־אי האָט זיך דערהערט אַ קלונג פון טיר־גלעקל.

מיסטער גלאַנץ האָט אויף שנעל פאַרשפּיליעט דעם פּאַסיק פון די הויזן, וואָס איז ביי אים שטענדיק נאָכגעלאָזן בעת ער עסט, און אַ רוף געטאָן:

— קאָם אין!

דאָס הענטל פון טיר האָט זיך אַ דריי געטאָן, אָבער די טיר איז געבליבן פאַרמאַכט.

דאָן האָט מיסעס גלאַנץ, וועלכע איז געשטאַנען ביים גאַז־אויוון אין אַ ווייס־געהאָפטן פאַרטעכל פאַרבונדן אַרום דער טאַליע, געזאָגט מיט אַ באַשעפּטיקטן טאָן:

— די טיר מוז אַוודאי זיין פאַרמאַכט. גיי עפן!

אַן אומצופרידענער האָט מיסטער גלאַנץ אַוועקגעלייגט דעם גאָפּל אויפן טעלער פון אָנגעפּאַנגענעם רייז־פּודינג, און איז אַוועק עפענען די טיר.

אויף יענער זייט שוועל פון דער האַלב־געעפנטער טיר האָט זיך דערהערט אַ נישט־דרייסטער „העלאָ" פון מיסעס קוירש, וועלכע איז געקומען זיי דערמאָנען, אַז היינט איז אַ מיטינג פון די איינוואוינער פון דעם הויז, טאַקע ביי איר אין אַפּאַרטמענט 2־בי.

מיסטער גלאַנץ האָט מיט אַ העפלעכן שמייכל אָנגעהויבן קייען תירוצים:

— כ'וויס . . . כ'בין געקומען שפּעט אַהיים . . . מ'וועט זען . . .

גלייך האָט זיך אויף דער זייט טיר באַוויזן אַ בלאָנדער קאָפּ — דורכגעוועבט מיט גרויע האָר, אַ רונד ליכטיק פּנים, וואָס איז געווען זייער באַלעבט, ווי אַ מחותנתטע, וועלכע גרייט צו גאָר אַ פיינע שמחה.

— העלאָ, מיסעס קוירש! — האָט מיסעס גלאַנץ באַגריסט די אַרייַנגעקומענע שכנה, טראָגנדיק בעת דעם צוויי שאָלעכלעך קאַווע צום טיש, וואו ס'זיינען נאָך געשטאַנען טעלער מיט אָנגעוואָרפענע איבערבלייבעכץ פון מאכלים.

— מיר וואָלטן זייער געוואָלט איר זאָלט קומען צום מיטינג, — האָט מיסעס קוירש, מיט אַ שמייכל אַרום אירע ליפּן, שוין גערעדט צו מאַן און ווייב.

## שלמה וואַסערמאַן

— מיר . . . מיר וועלן קומען. — האָט מיסעס גלאַנץ געענטפערט אַ בישט זיכערע, צי ס'וועט איר געלינגען אָפּצוציען איר מאַן פון גיין שפּילן אין קאָרטן.

— מען הויבט שוין אָן צו קומען, — האָט מיסעס קוירש זיי געמאָלדן און איז אַרויס צוריק, זיך לאָזנדיק גיין איבערן קאָרידאָר.

זי האָט געקוקט אויף די פאַרמאַכטע טירן, וועלכע זיינען אַלע פון איין פאָרם, פון איין מאָס, געפאַרבט מיט דער זעלבער טונקל־גרינער פאַרב, נאָר בלויז די נומערן זיינען פאַרשיידן. זי האָט שטאַרק געוואָלט וויסן, צי די איבעריקע קאָמיטעס זיינען שוין געווען אין די אַפּאַרטמענטס, פון וואַנען עס שפּרייטן זיך ריחות פון געשמאַקע וועטשערעס. עס הערן זיך פון דאָרטן אַלערליי שטימעס און ראַדיאָ־נייעס . . . צי געדענקט מען דאָרט, אַז היינט איז אַ וויכטיקער מיטינג?

ווען זי איז צוריקגעקומען אין איר וואוינונג, האָט זי געטראָפן איר מאַן שטאַרק באַשעפטיקט מיט צוגרייטן פלעצער צום זיצן פאַר די שוין־אָנגעקומענע מענער און פרויען, וואָס האָבן דערוויל באַטראַכט מיט ניי־גיר אַלץ אין הויז.

אַ מיטליאָריקע פרוי מיט שוואַרצע קורץ־געשוירענע האָר, וועלכע האָט אַ טבע צו ווערן גיך היימיש, קוקט אויפן בילד, וואָס הענגט איבער דער ראַדיאָ, און אויף וועלכן מיסטער און מיסעס קוירש שטייען אין פֿור־לער חופּה־פּראַכט: זי — אין אַ לאַנגן ווייסן חופּה־קלייד, ער — אין אַ שוואַרצן חתן־פראַק מיט אַ ווייסן שניפּס. קוקט זי אויפן בילד און באַ־דויערט:

— אַך, אַזאַ שיינער קאָפּ האָר געווען ביי אייך, מיסטער קוירש . . .

ער, מיסטער קוירש, האָט זיך אומגעקוקט, געכאַפּט אַ בליק אויפן בילד, און ווי ער וואָלט זיך וועלן איבערצייגן אין דעם וואָס זי זאָגט, האָט ער זיך אַ גלעט געטאָן מיט דער האָריקער האַנט איבערן כמעט בלויזן שאַרבן, און מיט אַ שמייכל געענטפערט:

— נו יאָ, אָבער דערפאַר איז היינט פאַראַן מער יאָרן.

דער עלטערער ייד, וועלכער איז געשטאַנען לעבן זיי, האָט זיך אַפּנים נישט צוגעהערט צו זייער געשפּרעך. פאַרטראַכט, מיט אַ רויכער־דיק ציגאַרעטל צווישן זיינע פאַרהאָרעוועטע פינגער, און מיט סמנים פון פאַרב אויף זיי, שטייט ער לעבן דער קליינער סטאַטוע פון אייבערהעם לינקאָלן און טענהט זיך אויס מיט איר:

— יאָ, אַזוי איז דאָס . . . מיר, יידן, האָבן געהאַט אַ משה רבינו,

וואָס האָט אונדז באַפרייט פון שקלאַפעריי, און דו האָסט באַפרייט די נע־גערס. אָבער צי ווייסטו כאָטש אויף וואָס פאַרא ביטערע צרות מיר אַלע זיינען נאָך עד־היום ? . . .

אַרום אַ קאַווע־טישל, אָנגעשטעלט מיט קענדי און אַ קוישל מיט זאַפטיקע באַרן, גרין־רויטע עפל, פינקלדיקע פולע וויינטרויבן — זיצן עטלעכע פרויען און ריידן צווישן זיך וועגן דעם ברענענדיקן יקרות צו־ליב דער מלחמה:

— יאָ, אַלץ ווערט טייערער, — איז איינע מיט אַן אַרויפגעקעמטן בלאָנדן לאָק און אויסגעצויגענע דינע ברעמען שנעל מסכים מיט אַלץ וואָס די איבעריקע ריידן, און זי וויל דערווייל מיט יעדן אבר אויסגעפּי־נען, צי די ווייכע שטול, אויף וועלכער זי זיצט, איז פון אַזאַ גוטער קוואַ־ליטעט ווי אירע, אָדער איז אַן ערגערע.

אַן אַנדערע — מיט גלאַט־פאַרקעמטע האָר, מיט אויערינגען און מיט אַ געלאַסן פּנים — וויל גראָד וויסן, ווי אַלט דאָס קינד איז געווען, וואָס איז דאָרטן־אָ אויפן בילד, אַ נאַקעטס מיטן בייכל אויף אַ בערן־פעל.

— זעקס מאָנאַטן. — ענטפערט מיסעס קוירש.

— ווי לאַנג צוריק ?

— אָ, ער איז שוין איצט אַ סאָלדאַט אין דער אַרמיי, — האָט מיסעס קוירש דערקלערט נישט אָן שטאָלץ און מיט אַ זיפץ, וואָס די יאָרן לויפן אַזוי שנעל.

— מענטשן האָבן מזל. — איז מקנא געווען אַ קלאָוקמאַכער מיט אַ ברייט פּנים און אַ סך קליינע קנייטשעלעך אַרום די אויגן און מיט אַ בליק, וואָס דערציילט, אַז — עט, נישטאָ קיין נייעס אונטער דער זון . . . שוין געהאַט גוטע סעזאָנען, שלעכטע סעזאָנען, אַרבעטלאָזיקייט, סטרייקס, לאָקאַוטס, אַ סך מאָל שוין אין מיין לעבן, און אַלץ איבערגעקומען . . . די אַלע זאַכן אַרן אים נישט אַזויפיל, ווי דאָס, וואָס מ'האָט נישט געוואָלט נעמען זיין זון צום מילטער. אויסגעהאָדעוועט אַ זון אַ סאַסנע, קיין גרוי־סער אויפטוער איז ער טאַקע נישט, צו קיין לייטישן דזשאַב האָט ער זיך קיינמאָל נישט דערשלאָגן, נאָר גיי ווייס, אַז ער איז אַזוי אויך נישט מיט אַלעמען. עפּעס די פיס זיינען ביי אים נישט ווי עס באַדאַרף צו זיין. איז דעם זון אַ שאַנד פאַר זיינע חברים און די עלטערן איז אַ ווייטיק: אַ יונג — אַ העלד, און דאָך נישט ווי עס באַדאַרף צו זיין . . . איז ער איצט מקנא מיסעס קוירש און פרעגט זיך נאָך:

— וואָס שרייבט ער ? . . . אַזוי ? וואָס דען, ס'איז אַן אַמאָליקע

# שלמה וואַסערמאַן

אַרמיי . . . האַ? אויף מאַנעוורעס זיינען זיי איצט?

— זעט אויס, אַז מ׳גרייט זיך ערשט גאַנץ געשמאַק צו דער אמתער מלחמה. — באַמערקט איינער, און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן קנוילן אַ געשפּרעך: וועגן אַרמייען, לענדער, פעלקער, רעגירונגען, פּאָליטיק און מלחמה. ס׳איז שווער צו וויסן, ווער עס פרעגט, ווער עס ענטפערט. מ׳הערט נאָר פאַרשיידענע אינטאָנאַציעס און דיאַלעקטן: פּויליש, ליטוויש, גאַליציאַנער, בעסאַראַביער, וואָלינער און עס וועבן זיך איבער שפּרוכווערטער:

— ווי זאָגט דער פּאָליאַק: „פּשידזשע קאָזאַ דאָ וואָזאַ״, פון דאָרט וואו מען טרייבט אונדז און מען יאָגט אונדז, וועט מען זיך נאָך בעטן ביי אונדז צוריקצוקומען.

— ס׳איז, הייסט דאָס, ווי דער אַמעריקאַנער זאָגט — „עוועריי דאָג העז היז דעי״. איצט לאָזן זיך די הינט וואוילגיין אויף אונדזער פלייש און בלוט.

— פאַרצווייפלט דאַרפן מיר יידן נישט זיין. עס וועלן נאָך קומען, ווי זאָגט מען, די „זיבן גוטע יאָר״ אויף פאַר אונדז.

און עס פאַלן ווערטלעך, גלייכווערטלעך, חכמות פון פאַרשיידענע קוואַלן. זיי קומען זיך צוזאַמען און ווערן אַ לעבעדיקער שטראָם, וואָס שפּרודלט און רוישט, אַז די ווענט פון דעם אַפּאַרטמענט האָבן דאָס נאָך קיינמאָל נישט געהערט. דאָס האַלט אָן אַ צייט, ביז עמעצער האָט אַ קלאַפּ געגעבן מיט דער האַנט אָן טיש. עס איז שטיל געוואָרן און דער מיטינג האָט זיך אָנגעהויבן.

ווען מיסטער און מיסעס גלאַנץ זיינען אָנגעקומען, האָט דער פאָרזיצער פון אָוונט געהאַלטן אין דערקלערן:

— מיטן העלפן דער רויטער אַרמיי — העלפן מיר זיך אַליין. מיט העלפן דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד צו געווינען די מלחמה — העלפן מיר דערמיט דער גאַנצער מענטשהייט, צו געווינען פרייהייט און אַ ליכטיקע צוקונפט . . .

און באַלד האָבן זיך אַ שאָט־געטאָן פראַגן:

— קאָן מען שיקן אַמבולאַנסן?

— מעדיקאַמענטן?

— קליידער?

— שיך?

מיסטער גלאַנצן האָט שוין באַנג געטאָן, וואָס ער האָט זיך געלאָזט

איינריידן פון זיין פרוי. וואָלט ער געוועזן געוואוסט וועגן וואָס עס האַנדלט זיך דאָ, וואָלט זי ביי אים נישט געוועזן אויסגעפירט. נאָר אויב ער איז שוין יאָ דאָ, וועט ער פּרובירן טאָן וואָס מען קאָן — נ י ש ט  צו דער־לאָזן שאַפן קיין הילף. שאַ, — האָט ער זיך צופרידן אַ כאַפּ געטאָן, — אָט האָט איינער געשטעלט אַ גוטע פראַגע:

— צי איז מען זיכער, אַז די הילף וועט אָנקומען?

— אַהאַ, — דערפרייט זיך מיסטער גלאַנץ, — ס'כאַפּט זיך אַריין צווייפל — גוט . . . מ'וועט דאַרפן נעמען אַ וואָרט . . . מאַכט נישט אויס, וואָס אין שאַפּ האָט ער גאָרנישט אויסגעפירט און זיינער אַ שכן האָט אים פאַר אַלעמען אין די אויגן געזאָגט, אַז ער איז אַ מענטש אָן גע־פילן. אָ, ער וועט זיך נאָך אָפּרעכענען מיט אים דערפאַר . . .

— זע, — האָט מיסעס גלאַנץ אים איבערגעשלאָגן זיינע מחשבות, — זע . . .

געוואָלט האָט זי אים זאָגן: „זע ווי די שכנה ענטפערט עס אַזוי פיין אויף אַלע פראַגעס" . . . נאָר באַמערקנדיק דעם מאַנס גוט־באַקאַנטן ביטול־שמייכעלע, וואָס האָט זיך שוין געקנייטשט אויף דער רעכטער זייט פון זיין מויל, איז זי אַנטשוויגן געוואָרן און איר האַרץ האָט אָנגעהויבן האַסטיק קלאַפּן: „זאָל ער כאָטש שווייגן. נישט פאַרשעמען זי . . ."

און די שכנה רעדט שטיל, אָפּטמאָל פאַרטראַכט, ווי ס'וואָלט איר ענג געוואָרן, און דאָס געשטריקטע זשאַקעטל טוט זיך אַ וויג אויף איר דינער פיגור. מר. גלאַנץ וויל זיך אַפילו נישט איינהערן, נאָר פון אירע ווערטער שווימען אַרויס אין זיין זכרון אָרעמע פעלדער, הונגעריקע פּויערים, בונטן, פּאָגראָמען . . . יאָ, ער איז נאָך דעמאָלט גאָר אַ קינד געווען — דערמאָנט זיך מיסטער גלאַנץ, — אָבער ער וועט דאָס קיינמאָל נישט פאַרגעסן . . . רעוואָלוציע, הונגער, קראַנקהייטן . . .

עמעצער אַנדערש האָט וואָרעם גענומען רעדן. עמעצער האָט עפּעס געפרעגט. מר. גלאַנץ האָט אויף אַ ווייל ווי פאַרגעסן וואו ער געפינט זיך. נייע בילדער האָבן זיך פאַנאַנדערגעוויקלט פאַר אים: פעלדער — רייכע פּויערים — פרייע, פרייע מענטשן הערשן איבער פאַבריקן, שאַכ־טעס, טייכן, ימים, לופט . . . אָבער מר. גלאַנץ וויל עס נישט אויפנעמען. „שוין געהערט די מעשות" — האָט ער זיך אַליין געוואָלט איבערשלאָגן דורך אַ כלומרשט דערשטיקטן געגעניץ . . .

ער טרייסלט פון זיך אָפּ די בילדער און באַשליסט ביי זיך:

„יאָ ער וועט רעדן. ער וועט זיי זאָגן: מיר האָבן גאָרניש קיין שיי־

כות מיט די באָלשעוויקעס. מיר . . . יאָ, מיר זיינען אַמעריקאַנער . . . צו וואָס קריגן אַ שלעכטן נאָמען צווישן שכנים ?״ . . .

מיטאַמאָל טוט ער זיך אַ כאַפּ :

„האָ, וואָס איז דאָס ? דער מיסטער קראָוועץ רעדט שוין אויך ? ער איז דאָך תמיד געווען אויף מיין זייט. געפייערט אויף די באָלשעוויקעס. וואָס־זשע מיינט דאָס ? ער — שוין אויך מיט זיי ? . . . פינף דאָלער, זאָגט ער, וועל איך געבן יעדע וואָך פון מיין פּיידע, ווי לאַנג מיין סעזאָן וועט אָנהאַלטן, אויף צו העלפן די סאָוועטישע העלדן . . . זע נאַר, ווי זיי אַפּלאָדירן . . . מיין ווייב אויך . . .״

גלאַנץ האָט ברוגז אַ קוק געטאָן אויף איר, און זי האָט אָנגעהויבן אין פאַרלעגנהייט שפּילן זיך מיטן חופּה־רינגל אויפן פינגער.

— האָבן מיר שוין, הייסט עס, צונויפגעזאַמלט . . .

— וואַרט, נאָך דריי דאָלער ! — האָט אויסגערופן אַ שאָפּ־אַרבעטע־רין, אַן אַלמנה, וועלכע לאָזט איבער איר קינד אויף אַ גאַנצן טאָג אין פרעמדע הענט.

מיסטער גלאַנץ פילט ווי זיין ווייב איז אומרואיק, ווישט אַן אויג . . .

„אַט אַ נאַר״, — טוט ער אַ טראַכט — וואָס וויינט זי ? האָבן די רויטע געזאָלט זיך צוגרייטן בעסער ! מען וואָלט זיי טאַקע דאָס באַדאַרפט זאָגן : כ׳האָב נישט קעגן, אַז זיי זאָלן געווינען, אָבער פאַרוואָס האָבן זיי זיך נישט צוגעגרייט ? ס׳איז זייער אייגענע שולד . . . אין מיסעס גלאַנצס אויפגע־הויבענער האַנט האָט לעבן זיינע אויגן פּלוצלונג אַ פלאַטער געטאָן אַ גרי־נער פינפערל, ווי אַ זיגערישע פאָן איבער אַ שונא. דאָס חוזק־שמייכעלע אויף דער רעכטער זייט פון מיסטער גלאַנצס לענגלעך פּנים איז מיטאַמאָל ווי פאַרגליווערט געבליבן . . .

שפּעטער איז מיסעס גלאַנץ געגאַנגען שנעל מיט די שטיגן אַרונ־טער, אַ זיכערע, אַ באַפרייטע. ער — נאָך איר — מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, און געמורמלט :

— זי אויך ? . . . זי אויך ! . . .

# צווישן לאַנדסלייט

לעאָ איז הויך, דין, מיט אַ טונקל־לענגלעך פּנים, שוואַרץ־געלאָקטע האָר און מיט אַ שטענדיקן לייכטן שמייכל אין די קוים־מערקבאַרע קנייטשעלעך, וועלכע ציען זיך פון די נאָז־פליגל אַרום מויל און פאַרענדיקן זיך ערגעץ לעבן די ליפּן־ווינקלען.

אַלע אינדערפרי קומט ער אַ ציכטיק־געקליידטער אין אָפיס פון דער אינשורענס־קאָמפּאַני. דאָרטן טרעפט ער זיך מיט נאָך פאַרזיכערונג־אַגענטן, וועלכע דאַרפן אויסהערן אינסטרוקציעס פון מענעדזשער וועגן די אומבאַגרענעצטע מעגלעכקייטן וואָס זיי האָבן, צו פאַרקויפן נייע פּאָליסיס. אויב נאָר דער אַגענט האָט דעם ריכטיקן צוגאַנג, קאָן ער איבערצייגן יעדן מענטשן, פון אַלע קלאַסן, אַז אַ פּאָליסי איז דאָס בעסטע, וואָס אַ מענטש קאָן פאַרמאָגן.

מיט דערוואַכטער איניציאַטיוו פאַרלאָזט ער די ריזיקע געביידע, וואָס באַלאַנגט צו דער קאָמפּאַני. ער איז גרייט צונישט צו מאַכן אַלע קווענקלעניש פון יענע, וועלכע האָבן אַ טבע צו ענטפערן: „כ'וויס, מ'עט זען, נאָך דאָ צייט, אפשר שפּעטער, דערווייל פאַרענגט, חובות . . .״

„איר מאַכט אַ טעות״, — ענטפערט ער אין געדאַנק דאָס אויסגעטערגנטע. — „אָט, איר זעט די טאַבעלע מיט ציפערן? דאָס איז אַ וויסנשאַפטלעכע אויסרעכענונג, וואָס וועט קיינעם נישט פאַרפירן. לאָמיר אומיסטנע הערן, וויפיל פאַרדינט איר אַ יאָר? — אָלראַיט . . . קינדערלעך וויפיל? — גוט . . . רענט? האַ? — אַביסל צופיל. אָבער מ'קאָן דאָס שפּאָרן פון עפּעס אַנדערש . . . איז זעט: אַזוי פיל דאַרף איך אַוועקגיין, שוין מיט דאָקטער, מיט מעדיצין, טשאַריטי, יוניאָן־דיוס . . . בלייבט אייך אַזוי פיל ווי . . . יאָ, וואו האַלטן מיר? . . . וועלכע גאַס איז דאָס?״ . . .

ער בלייבט שטיין מיטן פאָרטפעל אונטערן אָרעם, וואַרט אויפן טראַפיק־סיגנאַל און באַטראַכט דערווייל די פאַרהאַוועטע מענטשן, וועלכע איילן זיך, היטן נישט אָפּ די רויטע ליכט, ראַטעווען זיך איבערן ברייטן וועג צווישן די מאַשינען. זיי, זעט אויס, האָבן נישט אין זינען קיין פּאָליסיס, יאָגן זיך ערגעץ מיט אַ ציל. אָבער נישט ער. ער, וואָס דאַרף מאַרקירן די צייט ווען אָנצוקלאַפּן אין אַ טיר, אָפּרעדן שעהען־לאַנג, דער־

ציילן אַלערליי מעשות, ביז מ׳ברענגט יענעם אַרויף אויף אַ שמועס וועגן אַ פּאָליסי.

די אָרגאַניזאַציע פון זיינע געדאַנקען, וועגן די „אומבאַגרענעצטע מעגלעכקייטן", ווערט צוריק לויז. די טאַבעלע מיט ציפערן — ווער וויל עס אין זיי אַריינקוקן? . . . איז וואוהין? אין וועלכער טיר קלאַפּט מען פריער אָן? . . .

געוויינטלעך פאַרקלייבט ער זיך ערגעץ צו אַ לאַנדסמאַן. זיי, די לאַנדסלייט, האָבן אים געגעבן די ערשטע געלעגנהייט זיי צו מאַכן פּאָ־ליסיס, כדי ער זאָל קריגן אַנזען אין דער אינשורענס קאָמפּאַני. אַ סך פון זיי האָבן אָבער דערפאַר פאַר אַט־דער טובה געבעטן, ער זאָל זיי געבן אַ חלק פון זיין קאָמישאַן.

ביי די לאַנדסלייט הייסט ער נאָך אַלץ נישט לעאָ, נאָר לייבל, ווי אין דער אַלטער היים. ביי זיי איז ער נישט סתם אַן אינשורענס־אַגענט, וואָס דערמאָנט אין אַלטקייט, שוואַכקייט אָדער אומגליק־פאַל, נאָר אַ ליי־בער גאַסט, וואָס ברענגט גרוסן פון איין לאַנדסמאַן צום צווייטן.

אַז אַ לאַנדסמאַן דערזעט אים ביי זיך אויף דער שוועל, רופט ער אויס געוויינטלעך: „אָ, זע נאָר ווער ס׳איז דאָ! אַזאַ גאַסט! . . . קומט אַריין, לייבל! זעצט זיך! וואָס מאַכט איר? און די פאַמיליע? און וואָס הערט זיך עפּעס ביי די לאַנדסלייט?" . . .

— וואָס זאָל מען מאַכן? — ענטפערט ער רואיק; לייגט אַוועק דעם פּאָרטפעל, ווישט אויס די אויגן־גלעזער און, מעשה פאַרשטייער פון די לאַנדסלייט, וועלכע וואוינען אין אַלע טיילן פון ניו־יאָרק, גיט ער אָפּ אַ קאָלעקטיוון גרוס, — די לאַנדסלייט זיינען אַלראַיט . . .

דערווייל שטעלט מען כיבוד צום טיש: פּרוכט, זיסוואַרג, אַ פרישן טרונק וואַסער. פון די איבעריקע צימערן קומען זיך צונויף די קינדער, צו הערן ווי דער טאַטע אָדער די מאַמע פרעגן זיך נאָך אויף די אָדער יענע לאַנדסלייט. כאָטש נישט אַלעמען קענען זיי, דאָך פילן זיי אַ נאָענט־קייט צו זיי און פרייען זיך־מיט מיט די עלטערן, ווען זיי פרעגן מיט צו־פרידענעם חידוש: „אַזוי, שוין חתונה געמאַכט די מיזינקע? אוי, ווי די צייט לויפט! דער באַי איז שוין אין דער אַרמיי? וואָס רעדט איר? איר מאַכט אַ טעות. ער הייסט נאָכן זיידן, יאָ? און ווי לאַנג איז דען, אַז דער זיידע . . . וואַרט, איך רעכן, אַז איר זייט גערעכט. שוין באַלד צוואַנציק יאָר . . . פון דער היים הערט מען עפּעס?"

— פון דער היים? — פרעגט ער איבער און לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ.

# היימישע מענטשן

עס ווערט שטיל. די קינדער שוויגן אין טיפן רחמנות אויף זייערע עלטערן, וועלכע טרויערן אויף זייערע אייגענע, נאָענטע, אין יענעם ווייטן אומבאַקאַנטן, פאַר זיי לעגענדאַרישן שטעטל, וואָס זייערע עלטערן רופן אָן „היים", אויף יענער זייט ים, וואו די נאַציס פייניקן די יידן.

איז שטיל און פיינלעך. די קינדער וואַגן נישט צו נאַשן עפּעס פון טיש. מיטאַמאָל רייסט זיך אַרויס אַ טיפער זיפץ פון וועמען, וואָס פרעגט ווי אין דער וועלט אַריין:

— ווער ווייסט, צי ס'איז עמעצער לעבן געבליבן?

לייבלען ווערט גאָר שווער אויפן האַרצן. ער זעט זיין טאַטע־מאַמע מיטן לעצטן צאַפּל אין די אויגן, וואָס מאָנען נקמה. ער פילט אָבער, אַז זיינע מיטליידנדיקע דאַרף מען טרייסטן און ער הויבט אָן געלאַסן:

— לאָמיר האָפן, אַז אַ סך זיינען לעבן געבליבן. איך ווייס, אַז פיל האָבן זיך געראַטעוועט קיין סאָוועט־רוסלאַנד.

— אַזוי? ווער?

— אין די צייטונגען קאָן מען זען, ווי זיי זוכן זייערע קרובים אין אַמעריקע . . .

די קינדער כאַפּן אָפּ דעם אָטעם, קוקן אויף לייבלען ווי אויף אַ גוטן בשורה־טרעגער און צעגייען זיך. בלויז די מאַמע הערט אַלץ נישט אויף צו פאָרשן:

— אונדז האָט קיינער נישט געזוכט?

— נישט באַמערקט.

— קיינער, קיינער . . . ווער ווייסט . . . ווער . . . — זאָגט־זשע מיר, לייבל, צו וואָס דאַרפן מיר שוין אַ באַל פון די לאַנדסלייט, אַז אַהיים שיקן געלט אויף פסח איז שוין נישטאָ צו וועמען?

— צו וואָס, פרעגט איר? — קוקט ער אַביסל איבערראַשט אויף דער לאַנדספרויס באַזאָרגט פּנים.

— ערשטנס, — קומט דער מאַן צו־הילף לייבלען, — אַז מענטשן קומען זיך צונויף, איז בעסער. צווייטנס, דאַרף מען אַנגרייטן געלט, כדי ווען די מלחמה וועט זיך ענדיקן, זאָל מען קאָנען העלפן. ווייל . . . ווייל ס'איז דאָך אוממעגלעך, — עס לאָזט זיך נישט גלויבן, אַז קיינער זאָל זיך נישט האָבן געראַטעוועט פון די מערדער . . .

— און דריטנס, — מישט זיך שוין צוריק אַריין לייבל, — דאַרפן מיר העלפן וואָס גיכער געווינען די מלחמה. מיר דאַרפן שאַפן געלט, העלפן שוין ראַטעווען מענטשלעכע לעבנס דורך די פאַרשיידענע הילף־

אָרגאַניזאַציעס, העלפן די יתומים פון פוילן, וועלכע געפינען זיך אין פּאַ־לעסטינע . . .

— געדעכט, לייבל. גיט־זשע מיר אַביסל בילעטן. כ׳וועל פאַר־קויפן צווישן לאַנדסלייט און פריינט.

לעאָ ציילט אויס די בילעטן און פאַרשרייבט אין אַ ביכעלע די צאָל און דעם נאָמען . . . מיטאַמאָל הויבט דער אינשורענס־אַגענט אין אים אָן צו טענהן:

— „מען דאַרף זיי געבן צו פאַרשטיין, אַז די איצטיקע פּאָליסי גייט אויס אין עטלעכע יאָר אַרום . . . מען ווערט עלטער. ס׳קאָן ווערן צו שפּעט . . .

— לייבל, וואָס הערט זיך מיט פּרנסה? מען מאַכט עפּעס פּאָליסיס?

— ווילן די לאַנדסלייט וויסן.

— זיכער מאַכט מען פּאָליסיס.

— אַזוי? נו, אַזאַ פייער אויף דער וועלט און דאָך . . . נאַרישע מענטשן! . . .

:: : ::

אַמאָל לאָזט מען אים וויסן: „תיכף קומען, זייער וויכטיק". פאָרט ער מיט דער סאַבוועי אין עק שטאָט און טראַכט: „אפשר, חלילה, אַן עקסידענט, מ׳דאַרף קאָלעקטן אַ פּאָליסי. אָדער אַ פייער. ס׳קאָן זיין, אַז זיי האָבן געטראָפן מיט דער קענדי־סטאָרקע און ווילן מאַכן אַ נייע פּאָליסי" . . .

אין דער קענדי־סטאָרקע איז ביזי. מאַן און ווייב — אָנגעטאָן אין ווייסע פאַרטעכער. זיי דערלאַנגען די קונים אייז־קרים, סאָדעס, סיגאַ־רעטן, און ווישן דעם שווייס פון שטערן. אַז לייבל קומט אַריין, דער־פרייען זיי זיך מיט אַ שנעלן „העלאָ! וואָס מאַכסטו?"

זי לאָזט שטיין די אַרבעט און פאַנגט אָן:

— כ׳האָב מיינע אויגן אויסגעקוקט אויף דיר . . . ווהאָט? גיב דאָרט דעם קינד פאַר אַ פּעני טשואינג־גאָם, — בעט זי דעם מאַן און הערט ווי לייבל פאַרענטפערט זיך, אַז ערשט נעכטן ביינאַכט, ווען ער איז אַהיים געקומען, האָט ער געקראָגן דאָס קאַרטל.

נאָר אָנשטאָט אים צו ענטפערן, ענטפערט זי גאָר אַ קונה:

— סעווען אַפּ? סאָרי, מיר האָבן בלויז קאָקאָ־קאָלאַ . . .

זעט שוין לייבל, אַז אַלע אין דער פאַמיליע זיינען געזונט, וואַרט ער רואיק ביז זיי וועלן זיך אָפּפּאָרען, און דאַן וועלן זיי אַוודאי אַ שמועס טאָן

מיט אים וועגן אַ נייער פּאָליסי. אַט ווישט זי זיך שוין אָפּ די הענט . . .

— ווייסט נאָך וואָס איך האָב דיך אַזוי נויטיק געוואָלט זען, לייבל?

— טוט זי אַ זאָג צו אים, — איך ווייס, אַז דו קענסט רוסיש. כ'האָב גע־קראָגן אַ בריוו. לויט די סטעמפּס, זעט אויס, איז דער בריוו פון רוס־לאַנד.

— קאָן זיין. לאָמיך זען.

זי נעמט אַרויס דעם בריוו פון אַ שופלאָדל און זאָגט:

— גאָט זאָל העלפן, ס'זאָל זיין פון דער מאַמען . . .

לייבל נעמט דעם בריוו און שמייכלט. שוין נישט איינמאָל זינט דער מלחמה ווערט ער איינגעלאַדן צו לאַנדסלייט, צו לייענען בריוו פון זייערע געראַטעוועטע קרובים אין סאָוועטן־פאַרבאַנד. ער קוקט אין דעם בריוו און זעצט אים באַלד איבער אויף יידיש.

ביידע, מאַן און ווייב, הערן אויף צו אַרבעטן. די קונדן הערן זיך אויך איין. אַפילו יענע, וועלכע פאַרשטייען נישט קיין יידיש, דערפילן, אַז עפּעס גאָר וויכטיקס ווערט דאָ געלייענט. דאָס קליינוואַרג, וואָס קומט אַריין מיט אימפּעט און טומל פון גאַס, בלייבט שטיל און פאַרגאַפט פון דער שוויגעניש און די ערנסטע געזיכטער, וועלכע הערן זיך צו צו דער אָנגענעמער שטימע, איבערגעבנדיק:

„טאָכטער, כ'בין געזונט. די רעגירונג האָט מיך פאַרזאָרגט מיט וואוינונג און . . ."

— אוי, מאַמע! מיין מאַמע לעבט! — שרייט זי אויס, לויפט אַוועק פון קאָונטער און שטעלט זיך נאָענט לעבן לייבלען, נישט צו פאַרפעלן קיין וואָרט.

— טאַשקענט? וואו געפינט זיך ערגעץ טאַשקענט? — פרעגט זי אומרואיק.

— זאָרג זיך נישט, — באַרואיקט זי דער מאַן, ס'איז טיף אין רוס־לאַנד, ווייט פון פראַנט.

— אוי, לייבל, מיין מאַמע! כ'בעט דיך, זאָג אָן אונדזערע לאַנדס־לייט, אַז מיין מאַמע איז געראַטעוועט. זאָלן זיי . . . "

— „באַבל־גאָם, פּליז", — רופט אומגעדולדיק אויס אַ קינד.

— נאַדיר „באַבל־גאָם" אויף מיין קאָפּ! — איז זי ווי צעטומלט, — אוי, אַנטשולדיק אַ מינוטקעלע, לייבל. גאָר פאַרגעסן . . . אפשר אַן אייז־קרים, אַ סאָדע, האַ? . . .

— ניין. אַ דאַנק.

# שלמה וואסערמאַן

— מיט וואָס־זשע זאָל איך דיר באַדאַנקען?

— מיר? פאַר וואָס?

— פאַרן בריוו. אַן דיר, איז דער בריוו געלעגן שטום, — גליך גאַרנישט.

— דאַנקען דאַרפסט איר די, וועלכע האָבן געראַטעוועט אייער מאַמע און שלאָגן זיך קעגן די נאַציס, צו ראַטעווען אַ סך מיליאָנען מענטשן.

— גערעכט, לייבל. אָבער ווי אַזוי? אַ, ס'גייט, זאָגסטו, פאַר מע־דיצין פאַר די פאַרוואונדעטע קעמפער? — גוט! זיי זיינען דאָך מלאכים, האָבן געראַטעוועט מיין מאַמען!...

— גוט־באַי, לייבל! פאַרגעס נישט, פליז, זאָגן די לאַנדסלייט!...

לעאָ פאָרט צוריק אַ צופרידענער און רעכנט: „שוין באַלד דאָס צווייטע ביכל פאַר ראַשיען וואָר רעליף פאַרקויפט. וויפיל מענטשן וועט דאָס ראַטעווען? זיי וועלן איבערלעבן די מלחמה, זיגעריש זיך אומקערן צו טאַטע־מאַמע, צו ווייב און קינדער, צו די כלות, צו די געליבטע... זיי וועלן נייע דורות ברענגען און..."

דער פאָרטפעל טוט זיך פלוצים אַ גליטש פון אונטער זיין אָרעם. דאָס דערמאָנט אים, אַז ער איז אַן אינשורענס־אַגענט, און עס גיט אַ קלאַפּ אין מוח: „פּרנסה". פאָרט ער צו ביזן נאָדל־פאַק־צענטער, וואו עס אַרבעטן אַ סך לאַנדסלייט. פיל פון זיי — באַלעבאַטים, מיט וועמען מ'קאָן רעדן בייטאָג, אין צייט פון דער אַרבעט.

אַז דער באָס־לאַנדסמאַן דערזעט אים ביי דער טיר פון שאַפּ, טראָגט ער אים אַקעגן אַ ברייטן שלום־עליכם מיט אַזאַ שמחה, אַקוראַט ווי ער וואָלט געוואָלט מיטאַמאָל איבעררייסן זיין שטענדיקע וואָך, אַראָפּוואַרפן פון זיך דעם שאַפּ־עול און זיך רואיק דורכרעדן מיט זיין ליבן לאַנדסמאַן וועגן פּאָליטיק, וועגן וועלט־זאַכן און טאַקע אויך וועגן די לאַנדסלייט און זייערע אָרגאַניזאַציעס...

נאָר אָט צעקלינגט זיך מיטאַמאָל דער טעלעפאָן. ער טוט זיך אַ בויג צום אָפּיס, ווי אַ מאַגנעט וואָלט אים אַ צי געטאָן ביי די אויערן. אויפן וועג דערמאָנט ער זיך, דרייט צוריק דעם קאָפּ און פרעגט:

— וואָס הערט זיך עפּעס מיט דער מלחמה?

לייבל באַטראַכט דערווייל דעם שאַפּ. ער זעט, ווי אַלעמאָל הייבט ווער אויף דעם קאָפּ פון דער אַרבעט, רעדט עפּעס, נאָר די רייד ווערן איינגעשלונגען אינעם טומל. ער דערמאָנט זיך: ווען ער איז אַריבער־געקומען אַהער אין דעם לאַנד, האָט ער אויך פּרובירט זיין מזל אין שאַפּ.

# היימישע מענטשן

אַ מידער פלעגט ער אַהיימקומען אין זיין בראַנזווילער וואוינונג. שווייגנ־דיק זיך צוגעהערט, ווי דאָס טעכטערל דעקלאַמירט לידלעך, וואָס די מאַ־מע האָט זי אין די איינזאַמע טעג אויסגעלערנט. ער אַליין האָט זיין פרייד צום קינד נישט געקאָנט אַרויסווייזן, ביז . . .

— וואָס־זשע זאָגסטו, לייבל, די רויטע דערלאַנגען די ריכטיקע קלעפּ ? — האָט דער באָס־לאַנדסמאַן איבערגעריסן זיינע מחשבות.

— יעס, דאָס איז דער כוח פון אַ פריי פאָלק.

— אַזוי, פריי ? זיי שטייען נאָך עפּעס ווייט פון אונדזער שטאָט ?

— אַוודאי.

— אַ שאָד . . . פון דער היים הערט מען ג־אָ־ר ב־י־ש־ט ? ווער ווייסט וואָס ס׳איז דאָרט געוואָרן פון מיין משפחה ? . . .

לייבל ווייסט, אַז זיין לאַנדסמאַן האָט ליב מער צו פרעגן ווי צו הערן. אָבער געקומען איז ער דאָך אַהער וועגן פרנסה, — טוט ער דעריבער אַ פרעג :

— וואָס־זשע הערט זיך ביי דיר ? ווי גייען דיינע געשעפטן ?

— אַלראַיט, נישט צו פאַרזינדיקן. נאָר עד, ס׳האָט קיין ווערט נישט. מיין איידעם איז אין דער אַרמיי, שוין אויף יענער זייט ים . . . ווי דענקסטו, דאָס פייער אויף דער וועלט וועט נאָך לאַנג אָנהאַלטן ? . . .
און מיטאַמאָל :

— יאָ, גוט וואָס דו ביסט געקומען. דו דאַרפסט דאָך וויסן, וואָס קאָכט זיך עס דאָרט וועגן עפּעס אַ צווייטן פראָנט ? . . . כ׳האָב אַלץ נישט קיין צייט אַ טראַכט צו טאָן גרינטלעך וועגן דעם. אַפילו אַ צייטונג נישט־טאָ ווען צו לייענען, איז . . . וואָס ? האַ ? . . . אויף דר. זשיטלאָווסקיס נאָמען אַ צימער אין לעניגראַדער שפּיטאָל ? זיכער וועל איך געבן ! אַ, דר. זשיטלאָווסקי, אַ גרויסער מענטש געווען, אַ . . .

און ער בלייבט שטיין אָן ווערטער, נאָר מיט אַ סך דעראינערונגען פון אַמאָל. די אַרבעטער־היים, די ביבליאָטעק . . . מ׳לייענט, מ׳לערנט, מ׳דיסקוסירט . . . זשיטלאָווסקי קומט צו הילף. די שפּראַך — רייך, ס׳ווערט ליכטיק. זיכער די וועלט אַרום. ווערטער — נייע באַגריפן. דאָס בוך — אָפן. דער געדאַנק — וואַך. נאָר דאָס פינפער לעמפּל צאַנקט שוין . . . אָט־אָ קומט אַרויף אַ פאַרלוירענע וועלט פון די טיפענישן, פון אונטער שווערע שיכטן, טכוירענע פעלעכלעך, פעלצן, מאַנטלען, שכירות, פּראָפּיטן . . . און דער אַלראַיטניק אויבן, די וועלט פון שיינקייט — אונטן . . .

# שלמה וואסערמאן

— איז וואָס האָב איך געוואָלט זאָגן? יאָ, גיב אַהער צוויי אַזעלכע בלעטלעך. יעס, מיר וועלן עלטער. אַוועק זשיטלאָווסקי . . . כ'וואָלט געוואָלט זיך דורכרעדן מיט דיר וועגן נאָך אַ פּאָליסי . . . קום אַמאָל צו אַ זונטיק אַהיים צו מיר . . .

:: : ::

לעאָ האָט זייער ווינציק פרייע זונטיקס. אָפט איז ער פאַרנומען ביי קאָנפערענצן, אַלס פאַרטרעטער פון זיינע לאַנדסמאַנשאַפטן, נאָר אַז עס מאַכט זיך אַן אויסקוק אויף פּרנסה, מוז ער שוין געפינען צייט צוקומען צו אַ לאַנדסמאַן אין הויז אַריין.

אין אַ זונטיק טרעפט ער אָפט לאַנדסלייט אין אַזאַ הויז. מען זיצט אַרום דעם געדעקטן טיש, מ'קנאַקט ניסלעך, מ'עסט פרוכטן, און מ'טרינקט טיי. מען רעדט פון קינדער, מלחמה, לענדער, ביז מען קומט צו דער „אַלטער היים" מיט אַלע טשיקאַווע מענטשן און פּאַסירונגען. עס שוועבט פאַרביי דער וואַסער־טרעגער, וואָס האָט אַמאָל געסטראַשעט, אַז אויב די באַלעבאַטים גיבן אים נישט נאָך, טוט ער אויס די „נאַשעס" מיט די צוויי קובליעס און — אויס: זאָלן זיי זיך אַליין מטריח זיין . . . דער יידישער גזלן מיטן ווילדן אויסזען און שוואַכע הענט, וואָס פאַרבלאָנד־זשעט אַמאָל פון ערגעץ אין שטאָט אַריין אויף נאַכטלעגער צו אַן אָרעמאַן און וואַרפט אַן אַ מורא אין שטאָט אויף קליינע קינדער.

פון איינציקע היימישע טיפּן גייט מען איבער צו משפחות, אינסטי־טוציעס, פּאַרטייען, דראַמאַטישע קרייזן, מאַיאָווע פּרימאַרגנס, גרינע דרעמלענדיקע פעלדער מיט קילער ראָסע; סטעזשקעס, וועלכע פירן אין געדיכטן וואַלד אַריין און — אַ טיפער זיפץ . . .

מען שווייגט. אינעם צויבער פון דעם אַמאָל רייסן זיך אַריין מחשבות וועגן חורבן, עלנט, פאַרצווייפלונג, הונגער און פּיין, ביז איינער פון די געסט קאָן שוין נישט איבערטראָגן די שטילקייט, און טוט אַ פרעג:

— לייבל, דו קומסט דאָך צווישן די לאַנדסלייט, קריגט וועך ידיעות פון דער היים?

אַלעמענס אויגן טוען זיך גלייך אַ ווענד צו אים . . .

— ניין, נישט געהערט.

— נישט געהערט? ווער ווייסט, — ווער ווייסט . . .

— אַ סך האָבן זיך פונדעסטוועגן דאָך געראַטעוועט קיין סאָוועט־רוסלאַנד.

— יאָ, מיר האָבן געהערט וועגן דעם . . .

און עס גייט אויף אַ נייע האָפענונג: אפשר וועלן זיך נאָך אויפזוכן אייגענע. אפשר וועט דאָס לאַנד אין גיכן באַפרייט ווערן, וועט מען עס דאַרפן צוריק אויפבויען, היילן, שפּייזן, ראַטעווען, דאַרף מען דעריבער זיין גרייט.

און עס ווערט גלייך באַשטימט, אַז אַזוי ווי לייבל האָט צייט, גייט און קומט אומעטום, זאָל ער אָפּדרוקן בילעטן, נעמען אַ זאַל פאַרן קאָנצערט און דאָס באַקאַנט מאַכן צווישן די לאַנדסלייט.

אויף צומאָרגנס טראָגט זיך לעאָ ווידער מיט זיין פאָרטפעל און מיט זאָרגן ווי און וואו צו מאַכן נייע פּאָליסיס. ער לאָזט זיך אָבער נישט אָפּ און האַלט זיך אין דער מערכה. און אַז עמעצער פון זיינע לאַנדסלייט טוט אים אַ פרעג: „וועל, לייבל, מאַכסט עפּעס נייע פּאָליסיס די לעצטע צייטן"

— האָט ער דערויף איין ענטפער:

— פּאָליסיס? אַוודאי מאַך איך פּאָליסיס . . .

ביי זיך אין געדאַנק טראַכט ער אָבער בעת דעם:

„אמת, מיט פּרנסה איז נישט אַזוי פויגלדיק, אָבער אַז אַ וועלט איז אין פלאַמען, איז פּרנסה נישט דער עיקר. דער עיקר איז, וואָס גיכער אָפּ־צוראַטעווען די וועלט . . ."

# אַ נאָמען

די קינדערס שטיפעריי אין שלאָפצימער האָט זיך עטוואָס איינגעשטילט. טאַטע־מאַמע זיינען געזעסן אין קיך ביים טיש און האָבן אָנגענומען די שטילקייט פאַר אַ סימן, אַז די קינדער האַלטן שוין אין איינשלאָפן.

די עלטערן האָבן זיך אויסגעהיט פון רעדן צווישן זיך. זיי האָבן מיט גרויס פאָרזיכטיקייט איבערגעבלעטערט די צייטונגען, כדי אַ צו שטאַרקער שאָרך זאָל נישט שטערן דעם איבערגאַנג פון קינדערשער וואַכקייט צו שלאָף.

זי, ראָזע, אַ פרוי ערב די פערציקער יאָרן, וואָס איז אַ גאַנצן טאָג פאַרנומען מיט הויז־אַרבעט און מיט האָדעווען די צוויי קינדער, אַ יינגל מיט אַ מיידל, האָט זיך נאָר וואָס געהאָט אָפּגעפּאָרעט מיטן וואַשן דאָס געפעס און — אַ מידע, ווי אויף דערוויילן אָפּצוכאַפּן דעם אָטעם, זיך געזעצט צום טיש לייענען די צייטונג.

דאָס ערשטע, וואָס זי לייענט אין אַ צייטונג די לעצטע צייטן, איז די לאַנגע רשימות מיט נעמען פון לעבן־געבליבענע יידן, וואָס די רויטע אַרמיי האָט געראַטעוועט אינעם באַפרייטן טייל פון פוילן, פון וואַנען זי און איר מאַן קומען.

יעדן טאָג, איידער זי לייענט דורך די ליסטע מיט די נייע נעמען, קלאַפּט איר האַרץ שטאַרקער פון דער האָפענונג, אַז איר מאַמע וועט לאָזן וויסן, דורך דער צייטונג, אַז זי לעבט; אָדער, אַז עס וועט אַ לייכט טאָן פאַר די אויגן אַ נאָמען פון אירע, צי פון מאַנס שוועסטער און ברידער, וואָס וועט אָנזאָגן, אַז זיי לעבן און וואַרטן אויף זייער הילף.

איר מאַן, דעיוו, אַ שטילער געלאַסענער מענטש, טראַכט אַ גאַנצן טאָג ביי דער אַרבעט וועגן זיינע שוועסטער און ברידער, וועגן זיין פאַרצווייגטער גרויסער משפחה אין פוילן, און ער האָפט, אַז עמעצער פון זיי וועט פאָרט פון ערגעץ לאָזן וויסן, אַז מ׳לעבט.

אַזוי גיך ווי ער קומט נאָר אַהיים פון דער אַרבעט, זוכט ער אין אַלע ווינקעלעך פון צייטונג די ליסטעס פון לעבן־געבליבענע יידן . . . וואָס גרעסער די רייסטערס מיט נעמען, אַלץ גרעסער ווערט ביי אים די פרייד און שטאַרקער די האָפענונג, אַז עס וועלן זיך דאָך באַווייזן אייגענע.

## היימישע מענטשן

איצט האָבן זיי מיט אַזאַ פאַרכאַפּטן אָטעם געלייענט די בייעס, ווי אַזוי מענטשן זיינען ניצול־געוואָרן פון די מערדערס הענט, אַז מ׳האָט אַזש געקאָנט הערן דעם געדויש פונעם ווינט, טראָגנדיק אין דער לופטן די סוף־סעפטעמבערדיקע, וויאַנענדיקע בלעטער . . .

ראָזע האָט פּלוצים אַ פאַרלייג געטאָן די הענט אויף די אַנטבלויזטע אָרעמס און אַזש אויפגעציטערט, צי פון די באַשרייבונגען, צי גאָר פון מידקייט. זי האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, טיף אָפּגעאָטעמט און איז אַוועק צומאַכן אַביסל דאָס פענצטער.

אויפן וועג צוריק האָט דעיוו זי פאַרהאַלטן און, ווי עס וואָלט אים גע־ווען שווער צו רעדן, איר אָנגעוויזן אויף עטלעכע שורות אין דער צייַ־טונג. זי האָט זיך אָנגעבויגן איבער זיין אַקסל און שעפּטשענדיק גע־לייענט :

„אסתר גערטנער איז, ווי דורך אַ נס, געבליבן לעבן. מאַמעס נאָ־מען איז געווען צירל ; מיידלשער נאָמען — העלער. האָט משפּחה אין אַמעריקע, מעגלעך אין ניו־יאָרק : דוד גאָלדמאַן, אָדער גאָלד״.

— ענדלעך זוכט מען אונדז ! — האָט דעיוו אויסגערופן, און ביידע האָבן זיך אָנגעקוקט מיט צעלויכטענע פּנימער. באַלד אָבער האָט זיך אַ שאָטן פון צווייפל באַוויזן אין זיינע אויגן און ער האָט געפרעגט :

— זאָל מען דאָס מיינען טאַקע אונדז ?

— וועמען דען ? זיכער אונדז ! — האָט זי געענטפערט מיט אַ טאָן, וואָס האָט זיך געבעטן, — צעשטער נישט דאָס גליק.

— אָבער ווער קאָן דאָס זיין די אסתר ? — האָט ער ווי צו זיך אַליין גערעדט, און פאַרטראַכט נאָכגעזוכט אין געדאַנק אַ פאָדעם פון משפּחה־קנויל.

זייער דרייצן יאָריקער זון, וועלכער איז די גאַנצע צייט געלעגן שטיל אין בעט און כלומרשט געשלאָפן, האָט זיך מיט נישט־זיכערע טריט אַרייַנ־געשאַרט אין קיך. ער האָט מיט פאַרשעמטע אויגן געקוקט אויף טאַטע־מאַמע, צי זיי וועלן אים נישט צוריק אַריינשיקן שלאָפן.

ווען ער האָט מיט זיין קינדערשן חוש דערשפּירט, אַז מען מעג, האָט ער — אַ געטריישטער, וואָס די מאַמע וועט מער נישט וויינען, אַז זי האָט שוין דאָרטן קיינעם נישט — אַ זאָג געטאָן :

— אָ דעדי, דאָס מיינט מען דאָך אונדז !

ער האָט אויפגעכאַפּט מיט אַ פינטל פון אויג די עלטערנס איינגע־האַלטענע פרייד פון זיין טרייסט. נאָר אַז ער האָט געזען, זיי זיינען נישט

## שלמה וואסערמאן

אזוי זיכער ווי ער, האט ער אביסעלע נאכגעלאזט און געזאגט:

— אבער זי איז א יידישע און פון אייער שטאט, וואס־זשע דארפט איר זיין פארזארגט?

דעיוו האט אים א ווארעמען גלעט געטאן איבער זיין קאפ, און אנגעהויבן מיט געציילטע ווערטער:

— זאל דאס זיין מיין פעטער מרדכיס טאכטערס א קינד? . . .

ער האט געקוקט אויף ראזען, זי זאל אים העלפן זיך פאנאנדערקלייבן. ער האט געוואוסט, אז זי טויג זיך אויס בעסער פון אים צו גע־דענקען נעמען און פארבינדונגען פון אייגענע.

— דו מיינסט דעם פעטער פון דארף, מיט וועמען איר האט נישט געלעבט בשלום? — האט זי איבערגעפרעגט, און באלד, מיט א ווייט־פארטראכטן בליק, אנגעהויבן אויסרעכענען: — זי הייסט אסתר. ביי דיין שוועסטער איז געווען אן אסתר. דיין ברודער האט א מיידל אסתר און אונדזער טעכטערל הייסט — אסתר. ס'איז אוודאי נאך דיין באבען פון דער מאמעס צד, וועלכע האט געהייסן אסתר . . .

— „סי", כ'האב געזאגט „דאנט גיוו אפ האופס!" — איז דאס יינגל אונטערגעשפרונגען זיגעריש.

דאס מיידעלע, אין ערשטן דרעמל נאך, האט זיך אויפגעכאפט ווי פון א גליקלעכן חלום און איז אריינגעקומען מיט פארזשמורעטע אייגעלעך פון דער ליכטיקייט אין קיך. זי האט מיט אירע זיבן־יאריקע הענטלעך צו־געהאלטן אירע לויז־געווארענע פאדזשאמעס און א פרעג געטאן:

— מא, די באבע לעבט? . . .

ראזע האט אויסגעמיטן אן ענטפער. זי האט איר פארקנעפלט די פאדזשאמעס און געזאגט, אז אזא מיידעלע דארף איצט שלאפן.

זי האט געקוקט אויף דעיוון, ער זאל איר העלפן צוריק ברענגען די קינדער אין שלאפצימער, נאר ער איז ווידער געווען פארטיפט אין די עטלעכע שורות. און ווי ער וואלט זיך געוואלט אבערצייגן, אז דאס טאקע איז זיין קוזינע צירל, האט ער א פרעג געטאן:

— ווער פון אייך ווייסט וואו דער אלבאם איז?

דערהערט וועגן דעם אלבאם, האט זיך ראזע מיט די קינדער דער־פרייט. זיי האבן ליב געהאט צו זיצן ביים אפענעם אלבאם און קוקן אויף די בילדער . . . די קינדער הערן זיך צו ווי די מאמע דערציילט זיי וועגן די לעבנס פון די ווייטע און נאענטע קרובים. אז די מאמע פרייט זיך, איז זיי גוט און זיי פרייען זיך מיט. זיי וועלן מיט־טאנצן מיט דער מא־

מען אויף אַלע חתונות און שמחות און וועלן פֿאָרן מיט דער מאַמען אי־בער ימים און לענדער, צו זען זיך מיט פעטערס און מומעס. אוי, וועט דאָס זיין גוט! זאָל זיך נאָר ענדיקן די מלחמה! . . .

טאָמער כאַפּט זיך אָבער אַרויס ביי דער מאַמען אַ זיפץ, ווערן זייערע שיינע צויבער־שלעסער צעשטערט; זייערע הערצלעך ווערן אָנגעפילט מיט רחמנות און זיי נעמען זי טרייסטן:

— מאַמע, זיי לעבן, וועסט זען, וועסט זען . . .

אַז זיי זיינען אַוועק אין צווייטן צימער נאָכן אַלבאָם, איז דעיוו גע־בליבן אַ ווײַלע מיט זיינע מחשבות, וואָס האָבן אים אויף שנעל פֿאַרטראָגן אַזש צו זיינע קינדער־יאָרן, צוריק צום דערפל: אַ געדיכטער וואַלד — פון איין זייט, אַ זאַמדיקער שיידוועג אויף דער צווייטער זייט פון די עט־לעכע מאָרג ירושה־פעלד . . . אויף דער לאָנקע — אַ פליסיק טייכל, אַ וואַסערמיל . . . אויפן פעלד, ביים שליאַך — אַן אַלטע ירושה־שטוב . . . אין מיטן שטוב — אַ סלופּ, וואָס האַלט אונטער די סטעליע . . .

דער דאַזיקער סלופּ איז אויך אַ גרענעץ צווישן די יורשים. די מאַ־מע איז קידער־ווידער מיט דער מומען. דער טאַטע זינגט זמירות אין מיטן דער וואָך ביי דער אַרבעט, וואַרפט דער פעטער, אַ דאָרפסגייער, ציגל איבער דער גרענעץ צום שוואָגער דעם שניידערוק.

דער פעטער דאַוונט הויך אויף אויסנווייניק; ער שלינגט שנעל אַרונטער די גרייזן און בראָקט בשעת־מעשה קרישקעס פאַר די הינער, וועלכע האָדעווען זיך אין שטוב, צוזאַמען מיט די קינדער. לאַכט פון אים דער טאַטע — שלאָגט מען זיך; קינדער שרייען, די ווייבער וויינען . . .

— אָט איז דער אַלבאָם! — האָט דאָס מיידעלע די ערשטע אויס־גערופן און איבערגעריסן זיינע דעראינערונגען.

אַלע האָבן זיך געשטעלט אַרום דעם אַלבאָם, און די מאַמע האָט גע־נומען בלעטערן.

— אָט איז די באָבע! — האָבן די קינדער אויסגערופן מיט פרייד. זיי האָבן ליב דער באָבען, ווייל ווען די מאַמע פילט זיך נישט גוט, זאָגט זי: „אוי, טייערע מאַמע, וואו ביסטו?״ און עס ווערט איר בעסער.

— מאַ, פאַרוואָס ברענגסטו נישט אַריבער אַהער דער באָבען? — האָט דאָס מיידעלע פלוצים געפרעגט.

ראָזע האָט געשוויגן. זי האָט בלויז אַרונטערגעשלונגען אַ טיפן זיפץ.

— וועסטו זען, מאַ, אַז די באָבע לעבט, — האָט דאָס יינגל זי גע־

טרייסט, — דו אַליין האָסט דאָך געלייענט, אַז עס לעבן 250 יידן אין דיין שטאָט . . .

— ער איז גערעכט ! — האָט דאָס מיידעלע, אפשר דאָס ערשטע מאָל אין איר לעבן, געהאַלטן מיטן ברודער.

טאַטע־מאַמע האָבן טיפער איינגעגראָבן די אויגן אין די בילדער און געשוויגן, פונקט ווי זיי וואָלטן מורא געהאַט אָנצוזאָגן די טרויעריקע בשורה, אַז איידער די דייטשן זיינען אַריין אין שטאָט, זיינען דאָרטן געווען צוואַנציק טויזנט יידן.

— דאָס איז זי, יאָ ? — האָט ראָזע אָנגעוויזן אויף צירלס בילד.

אַלע האָבן זיך גאָר באַענט אַרומגעשטעלט און שווייגנדיק געקוקט אויף איר, ווי זיי וואָלטן פון איר געוואָלט הערן, אַז אסתר איז טאַקע איר טאָכטער, און פאַרוואָס דאָרטן זאָגט זיך, אַז „מאַמעס נאָמען איז געווען—?"...

דעיוו זעט אָט־די צירל נאָך אַלס „צירעלע".ביידע קינדער שפּילן זיך אונטערן עפּלבוים . . . דאָס קאָרן אויפן פעלד איז שוין אין סנאָפּעס... די פויערישע שטיבלעך, ווייט איינס פון אַנדערן, דרעמלען אונטער די שטרויענע דעכער . . . דאָס פליעסקען פון וואַסער אויף די מילרעדער הילכט איבערן שטילן דערפל . . . ער און צירל שפּילן זיך אין „טאַטע־מאַמע" און גלעטן די ראָבע קאַץ . . . פּלוצים דערהערן זיך געשרייען: צוויי יידן מיט בערד שלאָגן זיך אין מיטן אָפּגעשניטענעם פעלד. די מאַמע וויינט, די מומע וויינט, ווילן זיי פאַנאַנדערנעמען, אָבער מ׳קאָן נישט. פאַלט ער אָן אויף צירלען, רייסט אירע צעפּלעך און זי גראַטשעט אים מיט די נעגל. די ראָבע קאַץ איז אַוועק — אַ זיסער חלום איז פאַרשוואונדן . . . די יורשים האָבן זיך נישט געקאָנט איינטיילן מיט דער ירושה . . .

אַפילו שפּעטער, ווען מען איז אַוועק פון דאָרף און שוין געוואוינט אין שטאָט, האָט מען זיך נאָך געלאָדן וועגן די גרענעצן. ביים פעטער אין הויז איז נאָך אַלץ צופיל נויט — אַרבעט צירל אין שטאָט . . . אירע האָר — צעקעמט מיט אַ שרונט אין מיטן, אָט, ווי דאָ אויפן בילד ; דאָס פנים — לענגלעך, מיט אַ ליכטיק־גלאַטער הויט. אין די גרוי־גרינע אויגן מיניען זיך פייערלעך. עס ציט אים צו איר. נאָר אַ גרענעץ איז פאַראַן צווישן זיי : האָס צום פעטער און צו זיינע קינדער. אין די אויערן זיינען נאָך פריש די ווערטער, וואָס ער האָט אונטערגעהערט פון טאַטן צו דער מאַמען : „דוד איז דער איינציקער זון אונדזערער, וואָס וועט קאָנען נעמען נקמה פאַר מיין האַרץ־פּעלער, וואָס דער גזלן האָט מיר געמאַכט . . .

# היימישע מענטשן

— פֿאַרוואָס איז צווישן דיינע עלטערן און צירלס געווען אַזאַ שטענ־דיקער ברוגז ? — האָט ראָזע איבערגעריסן די שטילקייט.

— אַ, איבער נאַרישקייטן . . . נישט געקאָנט זיך איינטיילן מיט דער אָרעמער ירושה. ס'איז געווען צו ענג און ווינציק ברויט, — האָט ער געענטפֿערט און אין אַ ווײַלע שפּעטער צוגעגעבן : — צווישן מיר און דעם פֿעטער איז שוין לאַנג די שנאה־גרענעץ נישטאָ. הלוואַי לעבן זיי נאָר אַלע . . .

אַ מינוט איז שטיל געווען, פּונקט ווי די לעצטע פּאָר ווערטער דעיווס, וואָלטן אַלעמען באַוועלטיקט מיט צער און מורא. אָבער באַלד איז ראָזע געקומען צו זיך און כמעט באַפֿעלעריש אַ זאָג געטאָן :

— מאָרגן אין דער פֿרי זאָלסטו גלייך גיין אין „האַיאַס", געוואָר ווערן ווי אַזוי מען קאָן העלפֿן דער מיידל ! — האָט זי געזאָגט און אָנ־גענומען די קינדער ביי די הענטלעך, גרייט צו פֿירן זיי שלאָפֿן. ער האָט זיי אַ גלעט געטאָן איבער די קעפּלעך, זיי האָבן געזאָגט „אַ גוטע נאַכט !" און זיינען אַוועק שלאָפֿן . . .

דעיוו האָט זיי נאָכגעקוקט און געטראַכט ווי גליקלעך זיי זיינען : „טאַטע־מאַמע, וואַרעמע בעטן . . . דאָרטן — די אַלטע היים, ברייטע, וויסטע פֿעלדער מיט אַש פֿון מענטשן . . . צווישן מענטשלעכע ביינער און גוססדיקע גופֿים — זיין משפּחה, שוועסטער, ברידער, פֿעטער מרדכי, צירל . . . דאָס קינד איז נאָך גאַנץ, זוכט דער מאַמען . . . די מאַמע זאָגט אַן מיטן לעצטן אָטעם : לאָז וויסן דער וועלט . . . משפּחה אין אַמעריקע, דוד גאָלדמאַן אָדער גאָלד . . ."

— דעיווי, פֿאַרגעס נישט מאָרגן אין דער פֿרי צו שיקן געלט אסתּרן! — האָבן די קינדער געדופֿן פֿון צווייטן צימער.

— נעם מיט מיין געלט פֿון „סעיף"! . . . . — האָט דאָס יינגל פּלו־צים אויסגערופֿן.

— מיינס אויך ! — האָט דאָס מיידל ווידער געהאַלטן מיט איר ברו־דער.

— גוט, קינדער, איך וועל . . . אָבער שלאָפֿט שוין איין ! — האָט ער זיך געבעטן ביי זיי און געזאָגט צו דער ווייב : — זאָל אָט־די אסתּר זיין די איינציקע לעבן־געבליבענע פֿון מיין גרויסער משפּחה ? דער לעצ־טער וואָרצל . . . מען דאַרף זען צו ראַטעווען זי וואָס שנעלער . . .

# אייביק־יונגער חלום

אינעם אויסגעפוצטן זאַל, וואו עס איז פאָרגעקומען דער באַנקעט לכבוד די גראַדואַנטן פון דער יידישער מיטלשול, האָט שוין געהאַלטן נאָך די רעדעס מיט וועלכע די לערער און שול־טוער האָבן זיי באַגריסט. די יום־טובדיקע פרייד, וואָס האָט גערוט אויף די פנימער פון די געסט, עלטערן און פריינט, איז נאָך אויפגעהאַלטן געוואָרן פון די סטודענטן, וועלכע האָבן באַשיינט די שמחה מיט רעציטאַציעס, שפיל, טענץ און גע־זאַנג.

ביים סוף פון דעם געשמאַקן מאָלצייט, וואָס די שול־טוערינס האָבן אַליין צוגעגרייט, ווען מען האָט נאָך געהאַלטן אין ווינטשעווען זיך, אַז מ'זאָל האָבן אַ סך נחת פון די קינדער און אַז זיי זאָלן זיין אַ שטאָלץ פאַרן יידישן פאָלק, — האָבן די יונגע סטודענטן אָנגעהויבן צו פאַרלאָזן דעם זאַל.

פאַר אַ סך פון די שילער איז דער אָוונט געווען אַ צו גרויסע איבער־לעבונג פאַר איין אָוונט. אַנדערע איז געווען שווער מיטאַמאָל צו ווערן רואיקע געזעצטע מענטשן, מיט וועמען מען גרויסט זיך און מען זאָגט אַזוי פיל לויב פון וועלכע זיי אַליין דערקענען זיך נישט. דערפאַר, אַז זיי האָבן שוין געהאַט באַקומען די דיפּלאָמעס מיט אַ סך ברכות און קושן, האָבן זיי אָנגעהויבן ציען אינדרויסן אַרויס . . .

דער בלאָנדער סימאָר מיטן גלייך־געטאָקטן נעזל און שיין־געלאָקטע האָר, וועלכער האָט היינט צוליב זיין גראַדואירן דאָס ערשטע מאָל זיך אָפּגעראַזירט, האָט זיך איצט פאַרהאַלטן לעבן העלען, מיט וועלכער ער האָט היינט געשפּילט אַ טייל פון שלום־עליכמס „שיר־השירים". זי אַלס בוזי און ער פאַר שימעקן. און טאַקע דורך בוזין האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר אים העלען. ער וואונדערט זיך — פאַרוואָס האָט ער זי היינט דער־זען גאַנץ אַנדערש, ווי ביז איצט? ער קען זי דאָך נאָך פון דער עלע־מענטאַר־שול . . .

סימאָר געדענקט נאָך, ווען העלען האָט איינמאָל געהאַט פאַרגעסן דעם חילוק פון אַ גימל ביז אַ זייען, האָט ער איר געוויזן פונקט פאַר־קערט, און ווען זי האָט דאָס אַזוי אַ שטעל אַוועק געטאָן אויפן שרייב־ברעט, איז געוואָרן אַ געלעכטער צווישן די שילער און זי איז געבליבן

שטיין אַ פאַרשעמטע, מיט טרערן אין די אויגן, פאַרן לערער. אים, סיי־מאַרן, האָט עס דאָן נישט געאַרט. פאַרקערט, ער האָט זיך גאָר געגרויסט מיט זיין שפיצל.

נאָר איצט טוט עס אים באַנג. ער כאַפּט אַ בליק אין אירע לויטע־רע שוואַרצע אויגן, טאָמער געדענקט זי דאָס און וויל אים נישט שענ־קען ? . . .

ער ווייסט נישט, אַז זי האָט אים היינט אַלץ מוחל געווען, ווען זיי זיינען געגאַנגען „רייסן גרינס אויף שבועות". בשעת ער האָט זי אָנגע־נומען ביי דער האַנט און געגעבן אַ רוף : „גיכער, בוזי, גיכער !", האָט זי דערפילט, אַז ער מיינט נאָר זי, העלען, און נישט קיין אַנדערע. ס'האָט זיך איר אויף אַן אמת געוואָלט גיין מיט אים און הערן ווי ער דערציילט : „פריער גיי איך וואַלד־איין וואַלד־אויס, ערשט איך קום צו אַ וואַסערל..."

זי האָט דערפילט דורך זיין האַנט, אַז אויך ער וויל גיין מיט איר. זי האָט דאָס אויך דערקענט אין זיין שטימע, וואָס האָט אָנגעהויבן צו קלינגען בחוריש און דערציילט מיט אַ ליבן צויבער : „אויף יענער זייט וואַסערל . . . איז אַן אמתער גן־עדן, בוזי !" און איר קלאַפּט דאָס האַרץ פון שרעק, צי פון פרייד, זי ווייסט דאָס נישט, נאָר סיי־ווי וויל זי גיין מיט אים. זי וואָלט געלאָפן, געטאַנצט און געזונגען מיט אים, איז אָבער די בינע אַזוי קליין און אַ סך מענטשן קוקן אויף זיי. גיט זיך אָבער שימעק אַן עצה : „מיט קבלה קאָן איך מאַכן אַזוי, אַז מיר ביידע, אַזוי ווי מיר זיצן אָט־דאָ, זאָלן מיר זיך אויפהייבן ביז איבער דער כמאַרע און נאָך העכער פון דער כמאַרע !" . . . שוועבט זי שוין מיט אים אַזוי לייכט, אַזוי גראַציעז, ווי אַ ווייס וואָלקנדל, און ער וועבט ווייטער דאָס מעשהלע : „איך גיי דען, נאַרעלע ? איך פלי דאָך ! איך פלי פון אויבן, ווי אַן אָד־לער !" . . .

„קיינער וועט אונדז נישט זען ?"

„קיינער, קיינער !"

איצט, שטייענדיק לעבן איר, ווילט זיך אים זאָגן : „קיינער, קיינער וועט אונדז נישט זען . . . לאָמיר שנעלער אַרויס פון זאַל. אינדרויסן איז פרישער פרילינג, דאָרט איז פריי" . . . דאָן וועט ער אויסרופן : „בו־זי, וואָס לויפסטו ?" נאָר זי שטעלט זיך נישט אָפּ. זי לויפט. די געלאָק־טע האָר טאַנצן אויף אירע אַקסל. דאָס שיינע גראַדזאיר־קליידל ווייעט מיט סודותדיקן געדויש, רייצט און רופט : „יאָג מיך ביז העט, אַהין ווייט, ביזן גרינעם פאַרק־אַריין און — כאַפּ־מיך !"

איז גראָד איצט פעלט זיי אויס ווערטער, אַקוראַט ווי די בייע גע־פילן וואָלטן פאַרהאַלטן זייער שפּראַך. אָבער דאָך טרעטן זיי נישט אָפּ איינס פון אַנדערן, ביז די געסט, וועלכע טראָגן זיך איבערן זאַל, ווי דרויִשיקע כוואַליעס, ברענגען גאָר נאָענט סימאָרן צו העלען. לאָזט זי אַראָפּ די אויגן און טוט שטיל אַ זאָג:

— ס׳איז הייס.

— יאָ, ס׳איז הייס, — איז מסכים סימאָר און בלייבט שטיין אומבאַהאָלפן.

אַ גליק, וואָס עס איז אָנגעקומען אַ מאַמע אַ שול־טוערין אין אַ ווייסן פאַרטעך אויפן יום־טובדיקן קלייד און, טראָגנדיק אַ טאַץ פול מיט אָפּגערוימטע איבערבלייבעכץ פון די טישן, געזאָגט מיט אַ מאַמע־טאָן:

— קינדער, אינדרויסן איז אַזוי שיין און איר שטייט דאָ אין וועג.

— קום, לאָמיר טאַקע גיין! — רופט אויס סימאָר מיט באַהאַלטענער פרייד, וואָס עס איז דאָ אַ שול, וואו ס׳איז זייער ענג; וואָס מען דאַרף אָפּרוימען פון די טישן און וואָס ס׳איז דאָ אַ מאַמע אַ שול־טוערין, וועלכע דאַרף מער פּלאַץ.

— יאָ, לאָמיר גיין, — ענטפערט העלען מיט אַ שטילן ציטער אין איר שטימע.

אינדרויסן האָט אויף זיי אַ ווייע געטאָן מיט פרישע פרילינג־ווינטלעך, מיט זיסע ריחות פון ווייטע שפּרודלדיקע וואַסערן, פון אויפגייענדיקע פעלדער, פון צעגרינטעביימער, און די ווייטע ריחות מישן זיך אויס מיטן דופט פון צעבליטן בעז, וואָס וואַקסט טאַקע דאָ דערביי, אין הויף פון דער שול.

העלען און סימאָר קוקן זיך אַרום מיט צעשטראַלטע אויגן. זיי אָטעמען איין טיף. העלענען דאַכט זיך, אַז דאָס שפּרייט אַזאַ צויבער אַראָמאַט די בלום אין סימאָרס לאַץ. זי בייגט זיך אָן צו דער בלום און באַרירט מיט אירע האָר זיין פּנים. דאַכט זיך אים, אַז דאָס שמעקן אַזוי אירע ווייכע האָר, וואָס כישופן די שטילע נאַכט מיט ווייטן געזאַנג, און וואָס רופן: קום!

זיי גייען. דער גערויש פון זאַל ווערט אַלץ ווייטער און שטילער, ביז די שול זעט זיך פון ווייטן ווי אַ צויבער־שלאָס מיט קוים־פינקלענדיקע פייערלעך אין די פענצטער. די שטילקייט פון די ביימער אין פאַרק לאַקט, רופט און שרעקט. פאַרהאַלט העלען איר טראָט און פרעגט:

— וואוהין גייען מיר, סימאָר?

## שלמה וואַסערמאַן

זי פרעגט דאָס מיט אַזאַ געטרייען וואַרעמען קלאַנג אין איר שטימע, וואָס ער האָט נאָך ביז איצט פון איר נישט געהערט. און אין אַ טאָן, וואָס זאָגט, אַז עס איז דאָ אויף וועמען זיך צו פאַרלאָזן, ענטפערט ער איר מיט די ווערטער פון שלום־עליכמס שיר־השירים: „מיר גייען איבער הויכע צוועלף בערג, וואָס שפּריצן מיט פייער . . . ביז ס'וואַקסט אויס אַן אַלטיטשקער מיט אַ לאַנגער באָרד און ער פרעגט . . .״

„וואָס איז דיין באַגער ?״ — שפּילט אונטער העלען און ער בעט זיך ביי איר: — „פיר מיך צו דער בת־מלכה״ . . .

העלען קוקט אַרויף צו אים און דרייט מיטן קאָפּ אויף „ניין״. זי וועט אים נישט פירן צו דער „בת־מלכה״. זי איז ווייט, זייער ווייט. זי זעט, אַז אויך ער וויל נישט גיין אַהין, אַ סימן: ער גייט גאָר באַענגט לעבן איר . . .

סימאָר קוקט אויף איר מיט זיינע צעשפּילטע ברוינע אויגן, און עס דאַכט זיך, אַז אָט באַלד נעמט ער זי אָן ביי דער האַנט. נאָר ער וואָגט נישט, ווייל זינט זי האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר אים, ווי ער זעט זי איצט — וואָגט ער נישט. דאַכט זיך אים, אַז ער האָט היינט נישט גוט אויסגע־שפּילט דעם „שיר־השירים״; פּונקט ווען ער האָט געהאַלטן איר האַנט אין זיינער, האָט זי פּלוצים געטאָן אַ ריס אַרויס איר האַנט און ער האָט גע־פרעגט:

— „וואָס איז בוזי ?״

— „מען טאָר נישט״.

— „וואָס טאָר מען נישט ?״

— „האַלטן זיך פאַר די הענט״ . . .

דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבן, וואָס ער האָט אַזוי שטאַרק באַגערט צו האַלטן איר האַנט אין זיינער, דאַרף זי גראָד זאָגן: „מען טאָר נישט״. פאַרדריסט דאָס אים, ווייל וואָס וואָלט דאָס געווען געאַרט דעם ליבן שלום־עליכם, ער זאָל געווען שרייבן, אַז מען מעג זיך יאָ האַלטן ביי די הענט ווי לאַנג מען וויל ? זאָגט ער איר מיט אַ טענה אין זיין גלעטנדיקער שטימע:

— האָסט נישט באַדאַרפט אַרויסרייסן דיין האַנט פון מיינער.

און זי פאַרענטפערט זיך:

— „אַזוי איז דאָך געשריבן״ . . .

— לאָמיר־זשע דאָס אויסשפּילן, ניט ווי ס'איז געשריבן, — בעט ער זיך.

— כ׳וויל נישט שפּילן פֿאַר בוזין . . .

— פֿאַרוואָס ?

— אַזוי. ווייל שלום־עליכם שרייבט, אַז „בוזי האָט באמת בלויע שולמית אויגן״, און מיינע זיינען שוואַרצע.

— שוואַרצע ? לאָמיך זען !

— נאָ זע ! — זאָגט זי און צעלאַכט זיך מיט אַ טיף ווייך־קלינגענ־דיק געלעכטער, וואָס פֿילט אָן זיין יונג געמיט מיט פֿרייד. נאָר באַלד ווערט זי אַנטשוויגן און שטעלט אויס אַן ערנסט פּנים קעגן דער פֿולער זילבער־לבנה, וואָס שוועבט אָן איינזאַמע אין דער בלויער שטילקייט פֿון דער נאַכט.

סימאָר קוקט פֿאַרגאַפֿט אויפֿן געוועב פֿון די בלעטער־שאָטנס, און לבנה־שטראַלן, וואָס שפּילן זיך אויף איר צאַרטן פּנים און פֿאַרבענקטע אויגן, און אים ווילט זיך באַרירן אָט דעם ווייט־נאָענטן חלום. שאַרט ער אָוועק אַ האָר־לאָק פֿון איר שטערן און מורמלט :

— אָן אמתע שולמית האָט שוואַרצע אויגן, שוואַרצע . . .

— ביסטו זיכער ?

— אויף זיכער ווייס איך נישט. אָבער איך וועל פֿרעגן מיין לערער.

— און וואָס ווייסטו יאָ ?

— איך ווייס, אַז בוזי איז געווען אַ גוטע. געדענקסט, ווען זי גייען איבערן בריקל, זאָגט שימעק : לאָם איך דיך אַרומנעמען. איך דיך און דו מיך. אָט אַזוי . . . אָט אַזוי . . .״

— האָסט אַ גוטן זכרון. וואָס נאָך געדענקסטו ? — פֿרעגט העלען און צעלאַכט זיך ווידער. דאַכט זיך אים, אַז באַלד, וועט זי זאָגן : „געד־דענקסטו אויך, ווען דו האָסט מיר פֿאַרביטן די גימל אויף אַ זאַיען ?״ פֿאַרכאַפּט ער דאָס שנעל און זאָגט : „איך געדענק נאָך, ווען כ׳האָב זיך געלערנט ציילן אויף יידיש. דאַכט זיך, אַז אָנגעהויבן האָט זיך דאָס אַזוי : „איינס און איינס איז צוויי, צוויי און איינס איז דריי. דריי און צוויי מ׳שטעלט באַנאַנד, — אַזויפֿיל פֿינגער האָט די האַנט״ . . .

העלען שטרעקט אים אויס איר האַנט און דערגאַנצט :

— צייל צוויי פֿינגער נאָך — האָסטו אַלע טעג פֿון וואָך.

ער נעמט איר האַנט אין זיינער און ציילט. יעדער פֿינגער, וואָס ער באַרירט, וועקט אויף אין אים נייע אומבאַקאַנטע געפֿילן. פֿאַרגעסט ער וואו ער האַלט און ציילט פֿון דאָס ניי. צעלאַכט זיך העלען און זאָגט : „דו קאָנסט נישט ציילן״. הערט ער אויף ציילן, אָבער לאָזט אַלץ נישט אַרויס איר האַנט פֿון זיינער.

# שלמה וואַסערמאַן

זי בייגט זיך אָן צו אים און זאָגט סודותדיק: „מען טאָר נישט", באַר נעמט אויך נישט אַוועק איר האַנט. בײדע שװײַגן, װי זײ װאָלטן זיך צוגעהערט צום לײַכטן רױשן פֿון די בײמער אין דער פֿאַרחלומטער פֿרילינג־נאַכט, און צום אײגענעם שטילן נשמה־געזאַנג, װאָס באַהעפֿט די מיטן פֿאָלק, װאָס האָט אַ שיר־השירים, אַ שולמית, אַ שלום־עליכם, אַ בוזי, אַ שימעק; צום פֿאָלק װאָס האָט יידישע שולן, װאו זײ האָבן דאָס געלערנט, און אַ לערער, װאָס האָט באַשאַפֿן אַזאַ פֿײַן געװעב: מיטלשול־גראַדואַנטן, װעלכע חלומען מיט אָפֿענע אויגן אָן אַלטן, אײביקן יונגן חלום...

# שכר

עס איז געווען אַ פרילינג־אָוונט. פאַר דער יִדישער קינדער־שול האָבן זיך אָנגעהויבן זאַמלען שילער אין זייערע גראַדואיר־קליידער. זיי האָבן געוואַרט אויף דעם רוף אַריינצומאַרשירן אין זאַל אַריין, און דערוויל דערזען אָנקומען דעם שול־טוער דוליצקי. זיי האָבן אים פאַרהאַלטן מיט כלומרשטע טענות, אַז זיין אייניקל הערשל, וואָס איז צווישן די גראַדואַנטן, פאַרטשעפּעט זיך מיט אַלעמען.

הערשל איז געשטאַנען פאַרן זיידן מיט צעפלאַמטע אויגן און באַוויזן מיט עדות, אַז די אָנקלאָגער זיינען גאָר די שולדיקע. דוליצקי האָט מיט אַ גוטמוטיקן שמייכל פּרובירט שלום מאַכן צווישן זיי און ווען ס׳האָט ניט איינגעאַנצן געווירקט, האָט ער, ווי אַ גוטער פעטער, אָנגעהויבן טיילן „מתנות" — וועמען אַ קניפּ אין בעקל און וועמען אַ גלעט איבערן קעפּל. דאָס האָט באַלד פאַרטריבן זייער ברוגז און זיי האָבן מיט פריילעכן געפילדער זיך אָנגעהויבן צו שטעלן אין אַ ריי.

דוליצקי האָט מיט אַ גליקלעכן שמייכל באַטראַכט די קינדער. ער האָט זיי אַלע געקענט. ער האָט געוואוסט זייער אויפפירונג אין שול. אַ סך פון זיי האָט ער אַליין טאַקע „געקענוועסט" פאַר שילער. ווען די מאַמעס האָבן זיי אַלס עופהלעך דעם ערשטן מאָל אַרויסגענומען איבדרויסן אַרויס, איז ער אויסגעוואַקסן לעבן יעדן קינדער־וועגעלע, באַטראַכט דאָס צאַרטע פנימל און געזאָגט: זע, אַז דאָס קינד זאָל וואַקסן געזונט. מיר דאַרפן נייע שילער, ווייל זינט דו האָסט פאַרלאָזט דאָס שול־בענקל, האָסטו נאָך קיינעם ניט אַריינגעשיקט אויף דיין פּלאַץ.

אָפּט איז דאָס געווען אַ טאַטע אָדער אַ מאַמע, וואָס האָט אַליין דורכגעמאַכט אַ היגע קינדער־שול און געדענקט, ווי דוליצקי פלעגט אַמאָל מיט זיי איינטענהן און אַפילו לויפן צו זייערע עלטערן, אַז זיי זאָלן באַווירקן דאָס קינד נישט אויפצוגעבן די שול.

אַמאָל, נאָך איידער די יידישע קינדער־שול האָט זיך געהאַט אָנגענומען אין דער געגנט, פלעגט דוליצקי גיין פון גאָרן צו גאָרן, געקלאַפּט אין די טירן, געמאָנט און געבעטן ביי די עלטערן:

— זעט, אַז אייער אייגן בלוט און פליש זאָל אייך נישט ווערן פאַרפרעמדט!

# שלמה וואַסערמאַן

פיל מאָל איז אים אויסגעקומען צו שטיין מיט איין פוס אין אַ קוים־געעפנטער טיר און אויסהערן מיט אַ סך ווייטיק, אָבער מיט נאָך מער געדולד, די רייד פון טאַטע־מאַמע:

— אונדזער ייִנגל איז נאָך ווייט פון בר־מצווה־דרשה . . .

— מיר האָבן אַ מיידל. וואָס דאַרף אַ מיידל לערנען היברו?

— וואָס? . . . יידיש? . . . יידיש האָט דאָך נישט קיין „גרעמער!"

— אָבער היינט? — האָט דוליצקי אויסגערופן און זיך אַרומגעקוקט, ווי ער וואָלט עמעצן געוואָלט אָנווייזן אויף די קינדער אין דער ריי, ווי אויף אַ שיינעם גאָרטן מיט בלומען, — זעט, אָט דאָס זיינען קינדער פון ערשטן, צווייטן און אויך פון דריטן דור היי־געבוירענע.

מיט אַ גליקלעכן שמייכל פון גרויסער דערגרייכונג איז ער אַוועק אין שול אַריין. פון צווישן די פיל פאַרזאַמלטע איז אים אָקעגנגעקומען אַ לאַנדסמאַן, זיין יוגנט־פריינט גאָרדאָן, וואָס וואוינט עטלעכע שעה רייזע פון ניו־יאָרק, און קומט אַהער בלויז צו גאָר וויכטיקע געלעגנהייטן, ווי אויף אַ חתונה צו אַ נאָענטן קרוב, אָדער צו אַ גרויסער פאַרזאַמלונג פון לאַנדסלייט, וואו ער האָפט זיך צו טרעפן מיט אַ סך באַקאַנטע.

היינט איז ער אַהערגעקומען, ווייל עס האָט אים פאַראינטריגירט דוליצקיס איינלאַדונג. ער וויל זען איבער וואָס זיין פריינט, דער שטענ־דיקער „בעל־חלומות", מאַכט אַזאַ וועזן פון זיין אייניקלס גראַדואירן. אַ חוץ דעם האָט אים אויך אַ ציִ געטאָן עפּעס אַזאַ שטילע בענקשאַפט צו זיין ווייטן פריינט, וועלכער איז אים נעענטער ווי די עטלעכע פאַרגויאישטע יידן אין זיין קליין אומעטיק שטעטל.

אַזוי שנעל ווי ער האָט דערזען דוליצקין, האָט ער זיך דערמאָנט אין זיין אַלטער היים און, באַלד נאָכן שלום־עליכם, אַ פרעג געטאָן:

— נו, וואָס הערט מען פון דאָרטן? כ'מיין פון אונדזער אַלטער היים? . . .

— ווינציק געבליבן. — האָט דוליצקי געענטפערט אין אַ פיינלעכן טאָן, — בלויז איינציקע יידן קומען צוריק אין שטעטל אַריין . . .

פון דער ידיעה האָט גאָרדאָן געגעבן אַ בויג אויף אַ זייט זיין גדלות־דיק פאַרריסענעם קאָפּ, ווי ער וואָלט וועלן אויסמיידן אַ קלאַפּ. זיין פאַר־גויאישטער אויסזען האָט זיך ווי אָפּגעטאָן פון זיין פנים, און אַ צעטומל־טער האָט ער אָנגעהויבן זוכן זיין טאַשנטיכל, מכלומרשט אויף איבערצו־ווישן די אויגנגלעזער, און דערביי ווי צו זיך אַ מורמל געטאָן:

— פון אַזויפיל יידן — בלויז איינציקע . . .

## היימישע מענטשן

באַלד איז צוגעקומען דוליצקיס ווייב. זי האָט זיך דערפרייט מיטן גאַסט און, — ווי אַ מחותנתטע פון אייניקלס צד, און אַ שטענדיקע שול־טועריןֿ, וואָס האָט געהאָלפן צוגרייטן דעם היינטיקן באַנקעט, — האָט זי אים פאַרבעטן צום טיש.

ביים טיש איז שוין געזעסן דוליצקיס עלטערער ברודער, אַ פרומער ייד מיט אַ קאַפּעליוש אויפן קאָפּ. ער קומט אַלעמאָל אויפן ברודערס איינ־לאַנדונגען, אָבער ער איז גאָר נישט טועם, ווייל ער האַלט, אַז ס'איז נישט גענוג כשר. וועגן דוליצקיס מאָדערנעם פאַרשטיין דאָס יידישקייט, זאָגט ער: „עס איז געגליכן צו אַ טאָפּ מיט וואַסער. וויפיל מ'זאָל דאָס נישט קאָכן און מישן, וועט דאָס געדיכטער נישט ווערן און אַלץ בלייבן וואַסער, ווייל עס פעלט רעליגיע" . . . דאָך האָט ער ליב זיין ברודער, ווייל ער גלויבט, אַז ער טוט ערלעך זיין אַרבעט און מיינט גוט.

לעבן ברודער איז געזעסן זיין זון, אַ יונגער דערפאָלגרייכער אינזשע־ניער, וואָס זאָגט, אַז בלויז דערפאַר וואָס ער האָט געביטן זיין יידישן נאָ־מען, האָט ער מיט זיינע דערפינדונגען געקאָנט העלפן דער רעגירונג אין מלחמה־צייט. דער נאָמען, זאָגט ער, איז ניט וויכטיק. וויכטיק איז צו קאָנען שאַפן פריי און עפּעס ניי.

נאָר ווען זיינע באַקאַנטע דורך געשעפט־פאַרבינדונגען, וועלכע ווייסן נישט זיין אָפּשטאַם, צעלאָזן אַמאָל זייערע צונגען וועגן יידן, ווערט אים זייער ענג, עפּעס אַזוי ווי דאָס גרויסע לאַנד אַרום אים וואָלט איינגע־שרומפּן געוואָרן. דאַן באַשליסט ער צו ווערן קאַרג און שפּאָרן אַ דאָ־לער אויף אַ שוואַרצן טאָג, וואָס ער איז זיכער וועט קומען. מיטן געלט וועט ער זיך אויסקויפן זיין לעבן און אַוועק ערגעץ וויט, וואו מען וועט נישט וויסן אַז ער איז אַ ייד, און דאָרטן וועט ער שאַפן פריי.

אין אַזעלכע אומעטיקע שטימונגען גיט אים אַ צי צו זיין פעטער דוליצקי, דעם „עקשן", ווי ער רופט אים. ער קאָן אים איצט איבערצייגן, אַז זיין גלויבן אין בעסערע מענטשן אויף בעסערע צייטן, איז נישט מער ווי אַן איינרעדעניש, און אַז ער דאַרף נישט אַוועקגעבן זיין מי קעגן אַסי־מילאַציע. זאָל מען זיך אויסמישן און זאָל נעמען אַ סוף אַן עק צו די צרות . . . מילא, זיין טאַטן פאַרשטייט ער. ער גלויבט פרום. דו, אָבער דו האָסט דאָך אינגאַנצן נישט קיין רעליגיע! . . .

דוליצקי, דער שווערער שאַפ־אַרבעטער, הערט אים רואיק אויס. אין די טיפע צווי קנייטשן, לענג־אויס זיין פנים, שפּילט אַ גוטמוטיקער קלוגער שמייכל. זיינע בלויע אויגן לייכטן פון אונטער די גרויע ברעמען

מיט אַ קלאָרער איבערצייגונג און אַ טיפן גלויבן, — אַ גלויבן, וואָס האָט אים דאָ הי, ווי אין אַ ווילדערניש, געהאָלפן בויען אַ יידיש קולטור־לעבן.

דער פּעטער, דער „עקשן", לאָזט זיך אַוועק מיט אים אויף אַ שפּאַציר אין דער ווייטער פאַרגאַנגענהייט. ער ווייזט אים יידישע העלדן. ער טייטשט פאַר אים אויס די צייטן אין וועלכע זיי האָבן געלעבט. ער ווייזט אים אָן אויף די אייביקע ראַנגלענישן צווישן גוטס און שלעכטס, ביז עס ווערט פאַר אים קלאָר, אַז „גוטס" וועט מוזן געווינען.

נאָך אַזאַ שמועס רופט ער אויס: פּעטער, ביזט אַן עקשן! — אין זיין שטימע קלינגט אַן איינגעהאַלטענע פריידן, וואָס ער האָט נישט באַוויזן איבערצוצייגן דעם פּעטער, ווייל לעבן פּעטער, דעם „עקשן", דערפילט ער די ערד אונטער די פיס און אַ לויטערן הימל איבערן קאָפּ. דורכן פּעטערס קלאָרן פאַרשטיין דעם גאַנג פון דער מענטשהייט, באַנעמט ער אויך זיין פרומען טאַטנס בטחון, אַז דער אמת מוז געווינען.

איצט איז ער געזעסן ביים טיש, באַטראַכט דאָס געגרייטע ווילבערוואַרג, וואָס האָט אים אויסגעזען, ווי אַ קאָלעקציע פון סואווענירן . . .
ער האָט באַטראַכט די טאַטעס און מאַמעס, — די שול־טוערס, וועלכע האָבן אַליין סאַרווירט די געסט, און באַוואונדערט זיין מומען, וועלכע איז שטאַרק פאַרנומען, נאָר שיינט מיט אַזאַ יום־טובדיקער פרייד, אַ גליקלעכע, וואָס „מיר האָבן היינט אַ שיינע שמחה".

דוליצקיס פריינט, גאָרדאָן, האָט זיך איינגעגעסן מיט די אויגן אין די בילדער אויף די ווענט. אַ טייל פון די שרייבער האָט ער דערקענט. אַמאָל האָט ער געלייענט זייערע ביכער. דאָס געלייענטע איז געווען אַ טייל פון זיין נשמה. מיט דער צייט איז אָבער אַלץ אין אים פאַרוואָלגערט געוואָרן מיט בוי־קאָנטראַקטן, מיט הייזער און פּראָפיטן. איצט דאַכט זיך אים, אַז די געשטאַלטן היבן גבורהדיק אַרויף זייערע שטאַלצע קעפּ. זייערע ליכטיקע אויגן קוקן וואַרעם אויף אים, אויף זיין פאַרהאַוועטן לעבן, ווי אויף אַ שווערן נעפּל. ער פילט ווי דער נעפּל צעגייט זיך איצט, ווערט דינער, דורכזיכטיקער, ביז ס'בלייבן קרישטאָל־לויטערע טוי־טראָפּנס אין זיינע אויגן . . .

זיינע רעיונות זיינען איבערגעריסן געוואָרן פונעם פאָרזיצער, וואָס האָט אָנגעזאָגט די געסט, אַז די קינדער־גראַדואַנטן קומען אַריין. באַלד האָבן די טירן זיך ברייט צעעפנט. מיידלעך און יינגלעך מיט צעלויכטענע פּנימלעך און ריטמישן גאַנג האָבן אַריינגעמאַרשירט. זיי האָבן זיך געצויגן, געשנירלט צווישן די טישן, צווישן די מענטשן, צום אויבן־אָן, ווי

אַן אָנזאָג אויף אַ ליכטיקן אויפגאַנג.

דער פּראָגראַם פון אָוונט איז געווען ווי דער פרילינג אינדרויסן, וואָס האָט זיך צעזונגען מיט נייע צעבליטע לעבנס־כוחות דורך דעם קינדער־כאָר

— קינדער, קומט. דער פרילינג רופט! בלוי דער הימל, קלאָר די לופט, עס שמעקן זיס די פרישע בלומען . . .״.

די קינדער־שטימעלעך האָבן געוואַרעמט, געמונטערט און אַרויסגערופן אַ בענקשאַפט נאָך די אייגענע אַנטלאָפענע קינדער־יאָרן, צום פרילינג וואָס רופט . . . אָט זינגען די קינדער שוין אָוועק ווייט אין אַ צוויטליד:

. . . „מיר קעמפן, מיר קעמפן ביז וואַנען די גאַנצע וועלט וועט ווערן באַפרייט״ . . .

דער יונגער אינזשיניער האָט ערנסט פאַרקנייטשט דעם שטערן, אַקוראַט ווי ער וואָלט געוואָלט באַנעמען דאָס אויסזען פון אַ באַפרייטער וועלט, אַן פעלקער־האַס. אָ, ווי גוט עס וואָלט געווען נישט צו זיין קיין באַליידיקטער צווישן מענטשן־ברידער!

דער פרומער ברודער האָט געהאַלטן אַנגעבויגן דעם קאָפּ צו די זינגער, וועלכע האָבן מיט זייער געזאַנג פאַרבונדן זיינע געדאַנקען מיט די נביאות פון ווייטע פאַרגאַנגענע דורות, וועמעס חלומות ער חלומט נאָך הייגט, אַז „אַ פאָלק קעגן אַ פאָלק וועט נישט הייבן קיין שווערד. און מען וועט מער נישט לערנען קיין מלחמה . . .״.

און בעת ער טרייסט זיך מיט דער גליקלעכער צייט, וואָס וועט מוזן קומען, צעקלינגט זיך אַ יונג בחוריש שטימעלע פון אַ גאַסט, אַ מיטלשולניק, מיט אַ רעציטאַציע: „איך בין אַ ייד״. ער צעטראָגט דעם דיכטערס ווערטער:

„דער ווייַן פון דורותדיקן דויער האָט מיך געשטאַרקט אין וואַנדערוועג,

די בייזע שווערד פון פּיין און טרויער קאָן ניט פאַרניכטן מיין פאַרמעג . . .״,

— וואָס פאַר אַ פאַרמעג? — וויל וויסן דער רייכער בוי־קאָנטראַקטאָר, גאָרדאָן.

דאָס מיטלשול־ייִנגל פירט אים איבער אַ לאַנגן דאָרנוועג. אין סאַמע פאַרצווייפלונג האָט „בר־כוכבאס רוף״ אויפגעפלאַמט. עס זעט זיך דער „קלוגער קנייטש פון רבי עקיבא״, און „דער שוואונג פון מאַקאַבייער

העלדן". באַלד, ווידער, „אויף די שייטערס פון מאַדריד", „איך בין אַ ייד!". אַט וועבט זיך אַריין: „שלמה המלכס וואונדער־שכל" און „יהודה הלויס קלאַנגען", און עס ענטפערט:

„דאָס ווידערקול פון חיפהר האַפן אין אַ ניו־יאָרקער יידיש ליד...
איך בין אַ ייד!".

גאָרדאָן קוקט איצט אויפן יינגל און פרייט זיך: „וואָס פאַר אַ פאַר־מעג!" ער טראַכט וועגן זיין טאָכטער, וועלכע שעמט זיך מיט איר יידיש־קייט. און זיין יידישקייט באַשטייט אין אַ „דאָנעישאָן" פאַר אָרעמע...

דער יונגער אינזשעניער פילט, אַז אַט אַזוי ווי דאָס יינגל האָט אויס־גערופן „איך בין אַ ייד!", וואָלט ער אַליין שוין אַ סך מאָל געוועזן באַ־דאַרפט טאָן, נאָר ס'האָט אים געפעלט כוח...

אָט שטייט שוין דאָס יינגל אויף דער קליינער בינע. ער קוקט אַרויף צום זיידן, וואָס איז זיין גאַנץ לעבן געגאַנגען קעגן אַסימילאַציע, ווי אַ מדבר־מענטש ביי וועמען חלום איז ווירקלעכקייט...

— דעם שיינעם חלום גיב איך אויך דיר איבער, — האָט דוליצקי גערעדט צום אייניקל. — קיין דיפּלאָמע האָב איך אין מיין לעבן נישט געקראָגן... פון מיינע עלטערן האָב איך בלויז געירשנט די ליבע צו יושר און אמת. איצט, הערשעלע, נאַדיר דיין דיפּלאָמע און גיי אין די וועגן פון דיין פאָלק! דאָס וועט זיין מיין שכר...".

דער פרומער ברודער האָט געדרייט אַ קיילעכל ברויט צווישן די פינגער, ווי ס'וואָלט אים באַנג געטאָן וואָס ער איז גאָר נישט טועם ביי זיין ערלעכן ברודער... גאָרדאָן האָט מיט פאַרנעפּלטע אויגן געזען ווי זיין פרוי האַלט איצט אויף איר יידישקייט ביי אַ קאָרטן־טישל אין „דזשו־איש סענטער"... ער קוקט זיך אַרום אויף די פאַרזאַמלטע מיט זייערע יום־טובדיקע פּנימער, זעט די צעפלאַמטע אייגעלעך ביי די קינדער־גראַ־דואַנטן, און אים קומט אויס, ווי אַלע דאָ וואָלטן געזונגען אַ געזאַנג פון דערגרייכונג, פון נצחון איבער אַלע מניעות — אַ לויטער געזאַנג פון צו־פרידענער באַלוינונג...

# דער מענטש אויפֿן בוים

אין אַ זומער־פֿאַרנאַכט, ווען די זון האָט שוין אָנגעהויבן צו פֿאַרגיין הינטער די הויכע בראָנקסער מויערן, האָט זיך דזשאָרדזשי ווידער באַוויזן אויפֿן בלאָק.

ער איז נאָר־וואָס געהאַט אַרויסגעקומען פֿון זיין מומעס הויז מיט אימפּעט, גלייך זיך צו נעמען שפּילן מיט די קינדער, ווי ער האָט עס געטאָן נעכטן, צום ערשטן מאָל דאָ, ווי ביי זיך אין פֿילאַדעלפֿיע, אויף וואוד סטריט. האָט אָבער פּאָר זיינע אויגן אַ בלענד געטאָן, היינט פּונקט ווי נעכטן, אַ פֿרעמדע וועלט, און ער איז ווידער געבליבן אַ פֿאַרגאַפּטער.

ער האָט געהאַלטן די הענט אין די קעשענעס פֿון זיינע נייע הייזקעס און זיך געחידושט אויף די גרויסע, שיינע הייזער, אויף די ברייטע ריינע גאַסן, אויף די צעגרינטע ביימלעך און — וואָס אַזויפֿיל ווייסע מענטשן. וואו דער בליק פֿאַלט — ווייסע מענטשן און קיין איין שיכּור!

אויך היינט האָט ער מיט נישט זיכערע טריט, ווי אויף אַ פֿרעמדער ערד, אָנגעהויבן גיין פּאַמעלעך צום קינדערשן שפּיל־פּלאַץ, פֿון וואַנען ס׳האָט זיך צו אים דערטראָגן דאָס פֿריילעכע זשומען פֿון צעשפּילטער קינדער־פֿרייד.

אויפֿן וועג צום שפּיל־פּלאַץ, ווען ער האָט שוין געקאָנט זען די אַלערליי הוידעלקעס, גליטש־ברעטער און קלעטער־שטאַנגען, האָט ער באַמערקט ביים פּאַרקאַן פֿון שפּיל־פּלאַץ עטלעכע יינגלעך מיט צעהיצטע פּנימער ציליוען „מאַרבלס" אין אַ גריבל אַריין.

ווי אַ מאַגנעט האָט אים אַ צי־געטאָן צו זיי. זיינע שוואַרצע אויגן מיט די גרויסע בלוילעכע ווייסלען זיינען נאָכגעלאָפֿן יעדן באַוועג פֿון די יינגלעכס פֿינגער, וועלכע האָבן אַזוי קונציק אַרויסגעשאָסן שיין־קאָלירטע רונדע שטיינדלעך, וואָס האָבן געדאַרפֿט זיך אָנשלאָגן אָן אַנדערע און זיך אַריינקייקלען אין גריבל אַריין.

איינער פֿון די געווינער האָט מיט נצחון אויסגערופֿן: „אַ, דזשי, אַ דזשילאַבאַ!" (גרויסער מאַרבל). פֿון דעם יינגלס אָפֿענער פֿרייד האָט דזשאָרדזשי זיך דערפֿילט היימישער און, ווי מיט באַפֿרייטע פֿיס, אַ שפּאַן געטאָן נעענטער צו דער גרופּע שפּילער, טראַכטנדיק, אַז היינט איז ער מער מזלדיק ווי נעכטן.

ער האָט זיך זיי באַכגעדרייט, נאָכגעבויגן און נאָכגעגאַנגען טריט נאָך טריט. מיט אַן אָפן נאַאיוו פּנים האָט ער געהיט זייערע מינעס, וואָס ער האָט זייער געוואָלט פאַרשטיין: „אפשר וועט ער אויך קאָנען שפּילן מיט זיי?" זיי האָבן אים אָבער אַפילו רעכט נישט באַמערקט. זיי האָבן בלויז דערפילט, אַז עמעצער איז דאָ איבעריק, און האָבן אים אומבאַוואוסטזיניק אַרויסגעשטויסן פון צווישן זיך.

דזשאָרדזשי איז געבליבן שטיין אָן אַ זייט אַן עלנטער, אַ באַליידיקטער, וואָס מ'קוקט זיך אַפילו נישט אום אויף אים. ער האָט אַ צי אַרויף געטאָן זיין ברייטע נאָז פון פאַרדראָס אויף זיין מומען, וועלכע האָט אים פריער געזאָגט:

— גיי, שפּיל זיך אין גאַס מיט די קינדער. זיי זיינען גוטע.

אַ שאָטן פון זאָרג האָט זיך צעשפּרייט אויף זיין יונגן שטערן, ווי ביי אַ פאַרבלאָנדזשעטן. און ווי אַלעמאָל, ווען ער ווייסט נישט וואָס צו טאָן מיט זיך, האָט ער אויך איצט זיך אַ כאַפּ געטאָן צו דער האַרמאָשקע און געוואָלט אָנהויבן שפּילן. אָבער פּלוצים האָט ער דערזען צווישן די צעוואַקסענע יונגע ביימלעך אַ מיידעלע. זי לויפט אַלעמאָל צו צו אַן אַנדער מיידל, כאַפּט זי אָן ביים הענטל, דרייט זי אין אַ ראָד אַרום זיך שנעל, שנעל. די האָר זייערע ווייען אין דער לופטן, די קליידלעך בלאָזן זיך, ווי באַלונען. באַלד רייסט זי זיך ראַפּטאָם אַוועק, בלייבט שטיין לעבן אַנדערע מיידלעך, וועלכע שטייען שוין אין אַ ריי פון פריער.

זיי שטייען, זעט ער, ווי זיי וואָלטן געווען סטאַטועןָ. איינע שטייט אויף די שפּיץ פיס־פינגער, אַ הענטל גראַציעז געבויגן צום הימל. אַ צווייטע — דאָס קעפּל אויף אַ זייט, די אויגן געשלאָסן, און מיט אַ גליקלעכן שמייכל אויפן פּנים. אַן אַנדערע — מיט אַ פּיסל פאָראויס און מיט ברייט־צעעפנטע אויגן, וואָס זעען ערגעץ ווייט אַ שיינעם חלום. באַלד, דאַכט זיך, וועט זי זיך געבן אַ רייס־אָפּ פון דער ערד און אַוועקשוועבן מיט אַלע מיידלעך אַהין, ווייט, צום שיינעם חלום.

דזשאָרדזשי האָט געפינטלט מיט די אויגן, נישט געקאָנט פאַרשטיין וואָס דאָ קומט פאָר. נאָר ווען דאָס מיידעלע, וועלכע האָט זיי אַלע געדרייט אַרום זיך האָט געפרעגט: „ווער נאָך וויל שפּילן „אין דהי דענס אָוו ליווינג סטעטשוס?" (טאַנץ פון לעבעדיקע סטאַטועןָ), — האָט אַ שמייכל אַ קנייטש געטאָן זיינע ליפּן:

— „אַ טאַנץ" רופן זיי דאָס גאָר?! שוין איינמאָל אַ טאַנץ! מען דרייט זיך ביז מען בלייבט שטיין ווי די „סטעטשו" פון „אינדיען" ביי

דער טיר פון דער אַלטער סטאָר אויף וואוד סטריט.

ער איז צוגעגאַנגען גאָר נאָענט צו זיי, מיט גרייטקייט צו ווייזן זיי וואָס עס הייסט טאַנצן. זאָלן זיי אים נאָר בעטן, איז — אָט אַזוי־אָ: „קליפּ־קלאַפּ" — מיט די שיך־שפּיצן. יעדער אבר טאַנצט: אָט באַזונדער, אָט אינאיינעם. די אַקסלען טאַנצן נישט — זיי זיינען ברוגז. איז אַ בויג, אַ דריי, אַ זינג, אַ קנאַק מיט די פינגער און די אַקסלען טאַנצן שוין אויך; איז גיכער, שטאַרקער! אָט אַזוי! . . . אָ, ניין! די מומע האָט פאַרזאָגט נישט צו טאַנצן אין די גאַסן . . . ער דאַרף אויסוואַקסן אַ לייטישער נעגער, וועלן זיי נאָך אַמאָל צוריקפאָרן אין זייער אַלטער היים . . .

אָבער קיינער בעט אים נישט צו טאַנצן. קיינער ווייסט אַפילו ניט, אַז ער איז אַ גוטער טענצער . . .

ער האָט זיך גוט איינגעקוקט אין די קינדער און געזען בלויז ווייסע, פרעמדע געזיכטער. אַ בענקשאַפט האָט אים אָנגעכאַפּט צו פילאַדעלפיע, צו וואוד סטריט, וואו זיינע פריינט שפּילן זיך איצט לעבן די צעבראָכענע שטיגן פון דער כינעזישער לאָנדרי. פאַר די טירן פון די אַלטע הייזער שטייען דאָרט בחורים מיט מיידלעך און רעדן הויך. זיי פאַרגייען זיך אין אַ הילכיקן געלעכטער און בייגן זיך און קלאַפּן מיט די הענט אָן די קני. מאַמעס, מיט קליינע קינדער אויף די הענט, קוקן זיך צו צו די געשלעגן פון שיכורים, וועלכע מ'האָט אַרויסגעוואָרפן צעבלוטיקטע פון די טרינק־הייזער. מען לויפט זיך צונויף. עס איז היימיש און פריילעך . . . דער „פריטשער" (פּרעדיקער), מיט דער ברוין־בלויער נאָז און הייזעריקן קול, בלייבט אַליין אין מיטן גאַס. קיינער הערט אים שוין נישט . . .

דזשאָרדזשי האָט אָנגעהויבן גיין פּאַמעלעך. ער האָט זיך אַרומגעקוקט. בלויז דער הימל איז אים געווען היימיש. אַ פילאַדעלפיער הימל! זיינע אויגן זיינען פריילעכער געוואָרן: אָט דאָ־אָ ערגעץ וועט ער באַלד דערזען די אַלטע טשוירטש, וואוהין ער כאַפּט זיך אַמאָל אַריין זינגען אין באָר . . . אַקעגן דאַרף זיין די ציגיינער־סטאָר מיט די געהיימע צייכנס פון מענטשלעכע קערפּערס אין דעם גרויסן פענצטער . . . ער דערפילט אָבער מיטאַמאָל דעם גלאַטיקן טראָטואַר אונטער זיינע פיס, און דאָס דערמאָנט אים, אַז ער איז נישט אויף זיין גאַס. אָט־אָ־דאָ, וואו דער באַרבערשאַפּ דאַרף זיין, זיינען גאָר בענק מיט מענטשן און אַ סך קינדער־וועגעלעך לעבן זיי.

ער איז געבליבן שטיין, נאָכגעטראַכט אַ ווילע, אַרויסגענומען די האַרמאָשקע און אָנגעהויבן שפּילן. ער האָט געשפּילט שטיל און איינגע־

האַלטן, ווי ער וואָלט מורא געהאַט פאַר דער פרעמדער, ווייסער וועלט. זיינע אויגן האָבן געקוקט מיט אַ לייכטן טרויער ערגעץ וויט, וויט. ביס־לעכווייז האָט זיין יונגער קערפּער אָנגעהויבן גיין מיט אַ טאַנצנדיקן בויג, צום ריטם פון זיין שפּילן, נישט פילנדיק ווי די קורצע, האַלבע זומער־הויזן קלאַפּן מיט זייערע גראָבע זוימען אָן זיינע צופּיל אַנטבלויזטע פיס.

דער רויטער יאָס, וועלכער איז שוין געוועזן מיד פון אַמפּערן זיך מיט אַנדערע ייִנגלעך וועגן בעיסבאָל־שפּילער, איז געשטאַנען אָן אַ זייט און זיך צוגעהערט וואָס אַנדערע זאָגן: ער האָט באַמערקט דזשאָרדזשין און, מיט זיינע בייגעריקע קינדערשע אויגן, געגעבן אים אַ מעסט־אָפּ פון קאָפּ צו די פיס און צוריק אַרויף, און שטאַרק הנאה געהאַט צו זען אַזאַ לאַנגן בחור מיט קורצע הויזן, וואָס שפּילט נאָך צו אויף אַ האַרמאָשקע.

אויף שנעל האָט יאָס זיך אָפּגעטיילט פון זיינע חברים און געגאַנגען זיך פאַרטשעפּען אַ ביסל מיט דזשאָרדזשין. ער איז אים אַקעגן געקומען און אַ זאָג געטאָן:

— העי, שפּיל עפּעס אַ פריילעכס! . . .

דזשאָרדזשי האָט אים אָפּגעשטופּט אָן אַ זייט, גלייך ווי גאָרנישט, און איז זיך ווייטער געגאַנגען.

— אָ, ביסט אַ קלוגער, האַ?! — האָט דער רויטער יאָס אויסגעש־רופן און איז אים נאָכגעגאַנגען ביי דער זייט, ווי אַ האָן, — גרייט צו שלאָגן זיך.

דזשאָרדזשין האָט זיך אָבער נישט געגלוסט צו שלאָגן. ער האָט, זעט אויס, געהאַלטן אין אויסשפּילן זיין בענקשאַפט צו וואַוד סטריט. דאָרט האָט ער נישט געמוזט זיין קיין רואיקער, געדולדיקער נעגער, ווי זיין מומע וויל. דאָרט, ביי זיך אין גאַס, וואָלט ער אַזאַ רויטע צוטשע־פּעניש צעבלוטיקט די נאָז. דאָ, אָבער, איז ער אַ פרעמדער און טראָגט אַ בייזע העמד מיט בייע הויזן.

באַלד האָבן נאָך קינדער דערהערט זיין שפּילן און האָבן זיך גע־זאַמלט אַרום אים. אייניקע האָבן אונטערגעכאַפּט די טענער פון זיין שפּילן, אַנדערע האָבן געשפּאַסט און געטומלט.

אַ צעשראָקענער פון דעם נישט היימישן געפילדער פון ווייסע קינ־דער, האָט דזשאָרדזשי זיך אַרומגעקוקט מיט אומרואיקער דערוואַרטונג, אַז אָט־באַלד וועט ער הערן: „ניגער, טאַנץ!" און אַ פּעני וועט אפשר אַ קלינג טאָן לעבן אים אויף די שטיינער.

ער האָט שנעל אַריינגעלייגט די האַרמאָשקע אין קעשענע אַריין, אַז

# היימישע מענטשן

מען זאָל זי ביי אים נישט צונעמען, און מיט די אויגן געזוכט אַ וועג, ווי אַזוי נעלם צו ווערן פון די ווייסע, פרעמדע קינדער, אַז ער זאָל נישט מוזן טאַנצן.

נאָר דער רויטער יאָס, ווי אַלע אַנדערע קינדער פון די אַרומיקע גאַסן, האָבן נישט געוואוסט פון קיין ראַסן־חוזק. אין זייערע היימען האָבן די טאַטעס און מאַמעס זיי געלערנט ליב צו האָבן אַלע גוטע מענטשן פון יעדן קאָליר. זיי האָבן דעריבער באַלד זיך געקאָנט צונויפרעדן מיט אים אויף אַ גוטמוטיקן, שפּאַסיקן אופן, און ער — נאָך אַלץ אַ שטאַמלדיקער פון אומצוטרוי צו זיי — האָט זיי דערציילט, אַז ער איז דעם צווייטן טאָג אין די בראָנקס, אַז ער איז פון דזשאָרדזשיאַ און קומט איצט פון פילאַ־דעלפיע . . .

זיי האָבן געלאַכט: ווי קאָן מען אויף איינמאָל קומען פון צוויי שטעט? אייניקע האָבן געקנייטשט די שטערנס. אַנדערע האָבן זיך איבערגעוואונ־קען און באַשלאָסן:

„הי איז נאָטס!".

דזשאָרדזשין האָט פאַרדראָסן פאַרוואָס מען גלויבט אים נישט, האָט ער אָנגעהויבן זיי געבן צו פאַרשטיין, אַז געבוירן געוואָרן איז ער אין דזשאָרדזשיאַ, אָבער נאָכדעם ווי דער זיידע, ביי וועמען ער האָט זיך גע־האָדעוועט, איז געשטאָרבן, האָט אים די שוועסטער אַריבערגענומען קיין פילאַדעלפיע. און ווען די מומע זאָל אים נישט געווען ברענגען אַהער, וואָלט ער דאָרט געווען געזונגען אין טשוירטש און אַוודאי אויך געטאַנצט אין אַ וואָדעוויל . . .

דער רויטער יאָס מיט זיינע פריינט האָבן דאָס אָנגענומען פאַר אַ שטיקל באַרימעריי, אָבער דאָך באַשלאָסן, אַז מען דאַרף מיט אים ווערן היימיש. באַלד האָט אַ יינגל מיט שנעל־באַוועגלעכע שוואַרצע אויגן אַ פרעג געטאָן:

— נו, און וואו איז דיין מאַמע?

— מיין מאַמע? — האָט ער איבערגעפרעגט, ווי ער וואָלט זיך וועלן דערמאָנען אָן עפּעס, — מיין מאַמען געדענק איך קוים. געשטאָרבן פון ערגעריניש, פלעגט מיין זיידע דערציילן.

דערהערט, אַז ער האָט שוין נישט קיין מאַמען, איז זייער אַפּעטיט צו האָבן שפּאַס מיט אים — אָפּגעשוואַכט געוואָרן. דער היציקער רויטער יאָס, איז פון רחמנות אַנטשוויגן געוואָרן אַ ווייל, נאָר זיין בייגיר האָט באַלד גובר געווען די שטילקייט און ער האָט אַ פרעג געטאָן:

# שלמה וואסערמאן

— און וואו איז דיין טאַטע ?

פון אַט־דער פראַגע האָבן די אויגן ביי דזשאָרדזשין אַ פינטל געטאָן ווי אין אַ פלוצימדיקער דערוואַכונג. ער האָט זיך אַרומגעקוקט מיט פרישער איבעראַשונג, וואָס ער האָט ביז איצט נישט באַנומען די גרויסע געפאַר פון אַזויפיל ווייסע אַרום אים, אַ פרעמדן נעגער יינגל, אייגער אַליין . . . וועט ער שוין בעסער גיין אַהיים צו זיין מומען אין „בעיסמענט" פונעם גרויסן הויז, וואו דער אָנקל איז דזשעניטאָר, און ער וועט זיך דאָרט שפּילן מיטן צוגעלאָזטן הונט . . .

אַ טייל יינגלעך זיינען נישט אָפּגעטראָטן פון אים. זיי זיינען געגאַנגען לעבן אים און מיט ערנסטע שטימעס געזוכט געוואָר צו ווערן וואו זיין טאַטע איז. דזשאָרדזשיס בליק איז געווען פאַרטראָגן אין ווייטקייט, אַקוראַט ווי ער וואָלט עפּעס דערזען אויף קלאָר, און ער האָט פאַרטראַכט געענטפערט :

— כ'האָב אים נישט געקענט.

— נישט געקענט דיין אייגענעם טאַטן ? ! — האָט זיך איינער געחידושט.

די אַנדערע יינגלעך האָבן איינגעהאַלטן אַ געלעכטער אויף די ליפּן, און דער רויטער יאָס האָט זיך געגרויסט, וואָס ער איז געווען דער ערשטער צו פאַרטשעפּען אַזאַ מאָדנע יינגל. געטראַכט האָט ער, אַז איצט וועט מען אים שוין אַזוי שנעל נישט אָפּלאָזן . . . האָט ער דערפאַר פאַרגעשלאָגן דעם פרעמדן יינגל זיך מאָרגן ווידער צו טרעפן ביים זעלבן קינדערשן שפּיל־פּלאַץ.

אויף צומאָרגנס האָבן זיי אַלע זיך ווידער באַגעגנט. זיי האָבן זיך געשפּילט מיט דזשאָרדזשין ווי מיט אַלע אַנדערע קינדער פון זייערע יאָרן. קיינער האָט גאָרנישט געזאָגט וועגן זיין קאָליר. און ער, דזשאָרדזשי, האָט איצט פאַר זיך דערזען אַ וועלט מיט נייע שפּילערייען. זיין אומצוטרוי צו די ווייסע איז ביסלעכוויז פאַרגעסן געוואָרן . . .

שפּעטער, ווען מען איז שוין מיד געווען נאָכן הייסן זומער־טאָג, האָט זיך דזשאָרדזשי מיט זיינע נייע פריינט אַוועקגעזעצט אויפן ראַנד פונעם טראָטואַר, און מיט די פיס אויפן געפלאַסטערטן וועג. אויפן וועג דערביי האָבן אַנדערע קינדער געשפּילט אין באָל צווישן די דורכלויפנדיקע אויטאָמאָבילן.

די אויסגעזעצטע יינגלעך האָבן גערעדט צווישן זיך און געטומלט. ענדלעך האָט דער רויטער יאָס דערמאָנט דזשאָרדזשין זיין נעכטיקע פראַגע :

# היימישע מענטשן

— וואָס הייסט, דו האָסט נישט געקענט דיין טאַטן ? . . . פאַר־וואָס ? . . .

— וועל, — האָט דזשאָרדזשי אָנגעהויבן, — כ׳בין נישט אַזוי זי־כער, צי כ׳האָב אים נישט געקענט. דאַכט זיך, אַז אַלס פּיצל קינד האָב איך אַליין געזען, אָדער אפשר האָט זיך מיר גאָר געחלומט אַז כ׳האָב גע־זען, ווי אַ סך מענטשן האָבן מיין טאַטן אַרויסגעריסן פון הויז. די מאַמע האָט מיך דאַן צוגעדריקט צו איר בוזים . . . וואָס ? . . . ניין . . . מיין טאַטע איז קיינמאָל נישט צוריקגעקומען . . .

אַרום איז שטיל געוואָרן. די יינגלעך האָבן פאַרשטאַנען וואָס מיט זיין טאַטן איז געשען. דאָס שרעקלעכע וואָרט : „לינטש״, האָט — ווי אַ שווערע שאָנד — פאַרשלאָסן זייערע יונגע פריילעכע ליפּן. מיט אומעט אין זייערע אויגן האָבן זיי אויסגעמיטן דזשאָרדזשיס בליקן . . .

די זון איז שוין געווען פאַרגאַנגען. אירע לעצטע איבערגעבליבענע פלאַמען האָבן געצונדן די ווייסע וואָלקנדלעך אויפן בלויען הימל. אַ ווייכע אָוונט־טונקלקייט האָט זיך געשפּרייט אין גאַס און איינגעהילט דזשאָר־דזשין מיט זיינע נייע פריינט. ער זיצט און דערציילט זיי אַ וואונדער־מעשה . . . אַזוינס האָבן זיי נאָך קיינמאָל נישט געהערט . . . אַ מעשה וועגן „דהי וואַינדינג פּעטה״ (דער פאַרכישופטער וועג).

— . . . דער וועג איז פול מיט גייסטער, — ניט־גוטע . . . זיי לויערן אויף דעם פאַרבלאָנדזשעטן יתומל, וואָס האָט זיך אויפגעכאַפּט אין מיטן נאַכט פון אַ חלום, אַז ער זעט זיין טאַטן . . . אָט, נישט ווייט, הערט ער זיין קול. גייט דאָס יתומל און גייט . . .

דזשאָרדזשיס פּנים ווערט ערנסט, פיינלעך. זיינע גרויסע אויגן, פאַרטראָגן ווייט, זיינען אָנגעפילט מיט טרויער. זיין שטימע איז אַ שטיל ציטערדיק געבעט, אַז דאָס יתומל זאָל געפינען דעם טאַטן. די צוהערערס קינדישע הערצלעך פלאַטערן אַוועק מיטן געבעט אין אַ ווייטער פרעמדער וועלט, וואו עס בלאָנדזשעט אַן עלנט יינגל צווישן בערג,ביימער און קרו־מע שטעגן.

— . . . ס׳איז חושך און שטיל אַרום, — דערציילט ווייטער דזשאָר־דזשי — פון ערגעץ ווייט רופט אַ קול : ראַטעווע ! קום גיכער ! ער ווייסט נישט וואוהין צו גיין. עס באַפאַלט אים אַ פּחד . . . ער צעווײנט זיך שטיל און פאַרשטיקט. פּלוצלונג צעלאַכן זיך די נישט־גוטע . . . צו־זאַמען מיט זייער געלעכטער הויבט אָן צו פאַלן אַ שניי. ווי קומט אַ שניי אין מיטן אַ זומער־נאַכט ? ווערט אים הייס און ס׳קלאַפּט אים אַ צאָן אָן

## שלמה וואַסערמאַן

אַ צאַן. לאַכן נאָך העכער די נישט־גוטע. זיי פרייען זיך וואָס אַ קול בעט און שניידט די לופט: ראַטעווע! דאָס קול האָט אַזוי שטאַרק געשריען, אַז די טונקעלע וואָלקנס אויפן הימל האָבן אָנגעהויבן צו אַנטלויפן. ס'האָט זיך באַוויזן אַ רונדע לבנה, וואָס האָט געשפּרייט ווייסע ליכט אויף בערג און טאָל... די גייסטער זיינען פאַרשוואונדן...

— דאָס יתומל האָט אויסגעווישט די אויגן און זיך אַרומגעקוקט, געוואָלט אָפּזוכן דעם מענטש, וואָס רופט און... ער דערזעט פּלוצים דעם מענטש אויף אַ בוים. אפשר איז דאָס זיין טאַטע? לויפט ער אים ראַטע־ווען. אָבער אַזוי ווי ער שטייט שוין נאָענט פון בוים, ווערט מיטאַמאָל אַ גרויס וואַסער פאַר זיינע פיס. שווימען קאָן ער נישט. גייט ער אַרום דעם וואַסער... גייט ער און גייט... עס ווערט אים הייס און ער גייט. ער זעט, ווי די לבנה הויבט אָן צו ווערן טרויעריק. אויף איר ליכטיק פּנים פאַרציען זיך וואָלקנדלעך, ווי גרויסע טרערן, און צעגייען זיך... ער, אָבער, שפּאַנט. די קני ציען זיך, אַ קאַלטער שווייס שלאָגט אַרויס אויף זיין שטערן און...

מיטאַמאָל ווערט דאָס דערציילן איבערגעהאַקט:

— יאָס, וואו ביסטו?...

— דעניעל, צייט שלאָפן צו גיין! — האָבן די מאַמעס אָפּגעזוכט זייערע קינדער און גערופן זיי אַהיים.

די קינדער האָבן דעם סוף פון דער מעשה איינגעוועבט אין נאָך מעשהלעך אין די זיסע זומער־אָוונטן. דזשאָרדזשי האָט זיך אַזוי אַרום איינגעוועבט אינעם נייעם לעבן פון דער נייער גאַס. אויך זיינע סקול־חברים האָבן אים ליב געהאַט פאַר זיינע שיינע מעשות, פאַר זיין שפּילן אויף דער האַרמאָשקע און פאַר זיין אַריינכאַפּן אַ מאָל אַ טאַנץ אין גאַס. זיי האָבן אויך שטאַרק דרך־ארץ געקראָגן פאַר זיינע קרעפטיקע הענט, וועלכע ער פלעגט באַנוצן בלויז אין זעלטענע פאַלן, ווען ס'איז געווען דורכאויס נויטיק.

מיט דער צייט האָט זיך פון דזשאָרדזשין אויסגעוואַקסן וואוד סטריט. דאָ האָט ער אין דער פרייער צייט, נאָך סקול, פאַרדינט אַביסל געלט אַלס שיק־יינגל אין אַ גראָסערי אָדער דראָג־סטאָר. אַ טייל פונעם געלט האָט ער אויסגעגעבן אויף „סופּערמען" און מיסטעריע־ביכלעך... ער האָט אָפט זיי אויסגעביטן ביי זיינע פריינט אויף אַנדערע ביכלעך, אין וועלכע ער האָט אַנטדעקט נייע וועגן, וועלכע פירן צום מענטשן אויפן בוים...
טעג זיינען געלאָפן, אָנגעפילטע מיט קינדערשער פרייד, און דזשאָר־

דזשי איז געוואַקסן הויך, שטאַרק און גוטמוטיק. ער האָט אויסגעמיטן קריגערייען. קוים האָט ער געזען קינדער זיך שלאָגן, האָט ער רואיק צוגעקוקט און נישט געמישט זיך. נאָר אויב דער פּאַרמעסט איז געווען נישט קיין גלייכער, נישט קיין יושרדיקער, האָט ער שטרענג באַפוילן: „קאַם אָן, ביט איט!" און כמעט אַלעמאָל האָט מען אים געפאָלגט.

דערפאַר האָבן די קלענערע און שוואַכערע קינדער אַרויפגעקוקט צו אים ווי צו אַ באַשיצער. אין אַן עת־צרה איז זיי באַלד געקומען אויפן זינען, צוזאַמען מיט דער מאַמען, אויך דזשאַרדזשי. אָבער צו הילף האָט מען גערופן נישט דער מאַמען, נאָר דעם פּריינט פון גאַס — דזשאַרדזשין.

שפּעטער איז זיין בראַווקייט באַקאַנט געוואָרן אויף אַלע גאַסן אַרום. דאָס איז געשען אין דעם זומער, ווען דער בירגער־קריג אין שפּאַניע האָט זיך צעפלאַקערט, און מענטשן—וואַכזאַמע און אויפגעקלערטע, ווי יאָסעס עלטערן — האָבן פאַרשטאַנען וואָס דער דאָרטיקער קאַמף מיינט פאַר דער גאַנצער וועלט. זיי זיינען געווען פון יענע טויזנטער, וואָס האָבן זיך געשטעלט אַנטשיידן אויף דער זייט פון די לאָיאַליסטישע קעמפער. אינ־איינעם מיט טויזנטער אַנדערע שטימעס האָבן זיי געוועקט די וועלט. זיי האָבן געבעטן, זיי האָבן געוואָרנט: דאָס מיינט אַ וועלט־מלחמה! אויב מ'וועט די פאַשיסטן ניט אָפּשטעלן, מיינט דאָס אַ נייער בלוט־מבול! . . .

דער רויטער יאָס האָט אין אָנפאַנג נישט פאַרשטאַנען דעם צער פון די עלטערן, און געפרעגט:

— שפּאַניע איז דאָך ווייט פון אַמעריקע. די פאַשיסטן וועלן מיר דאָך אַהער נישט אַריינלאָזן, איז וואָס־זשע איז דאָ מורא צו האָבן?

— ס'איז נישט אַזוי ווייט, — האָט זיין טאַטע געוואָלט אַנהויבן אים צו דערקלערן, נאָר די מאַמע האָט מורא געהאַט: זי וויל נישט, אַז עס זאָל זיך לייגן אַ שאָטן אויף זיין לויטערן קינדערשן געמיט. האָט זי פאַר־רעדט:

— מיר האָבן נישט קיין מורא, יאָסעלע . . . וואָס זיצסטו אין הויז אין אַזאַ שיינעם טאָג? גיי שפּיל זיך אין גאַס. דאָ פאַלן נאָך נישט קיין באָמבעס! . . .

— וואַרט, יאָסעלע, — האָט דער טאַטע אים פאַרהאַלטן און, מיט פרייד פון אַ געלונגענעם איינפאַל, האָט ער אים געוויזן אַ סך ליידיקע שאַכטלעך פון סיגאַרעטן. ער האָט פון איינעם אַרויסגענומען דעם אי־נעווייניקסטן „זילבערנעם" איבערצי און געפרעגט:

— ווייסטו, אַז מען דאַרף דאָס איצט אין שפּאַניע? . . .

## שלמה וואסערמאַן

דער רויטער יאָס האָט געקוקט אויף דזשאַרדזשין, וועלכער האָט גע־וואַרט אויף אים און שוין געוואָלט זיין אין גאַס. דזשאַרדזשי האָט איצט אין פאַרלעגנהייט געקוקט אויף זיין פריינט און ביידע האָבן געענטפערט:

— נאָ, מיר ווייסן נישט . . .

— קוילן מאַכן דאָרטן די גוטע מענטשן, זיך צו ווערן קעגן די מער־דער, די פאַשיסטן. דו קאָנסט זיי העלפן זיך ראַטעווען . . .

— יאָ, דו און דזשאַרדזשי, און נאָך קינדערלעך. איר קאָנט קלייבן אין די גאַסן די אָוועקגעוואָרפענע שאַכטלעך, און אַרויסנעמען דאָס „זיל־בער". איר קאָנט אָנזאַמלען גאַנצע בערג. אָנקלייבן מער ווי איך אין שאַפּ און אין מאַרקעט. דערמיט וועלן מיר ראַטעווען די לעבנס פון אונ־דזערע מענטשן, פאָלקס־מענטשן, קינדער ווי איר און אַנדערע.

— זיכער וועלן מיר קלייבן! — האָבן זיי אויסגערופן און זיך אַ לאָז אַרויס געטאָן אין גאַס מיט דער נייער אויפגאַבע.

יאָס און דזשאַרדזשי האָבן זיך פלייסיק גענומען צו דער אַרבעט. זיי זיינען געגאַנגען פון גאַס צו גאַס, געזוכט און געניישטערט אין יעדן ווינקל אַ ליידיק פּעקל פון סיגאַרעטן. אַ ביסל „זילבער"־בליי צו ראַטעווען ווייַ־טע, אומבאַקאַנטע, גוטע מענטשן.

דאָס אָנגעקליבענע פלעגן זיי אָפּלייגן אינעם ביידל, וואָס זיי האָבן זיך אויסגעמייסטרעוועט פון ברעטלעך און צווייגן אויפן גרויסן לאָט צווישןביימלעך. דאָרטן האָבן זיי דאָס געררייניקט און אויסגעקנאָטן אין גרויסע קיילעכדיקעביילן. פון דאָרטן האָבן זיי דאָס אָוועקגעטראָגן אין קלוב פון דער געגנט, וואָס האָט געזאַמלט הילף פאַר די שפּאַנישע לאָיאַ־ליסטן.

איינמאָל אין אַ זונטיק בייטאָג, ווען אינעם ביידל אויפן לאָט איז גע־לעגן אַ היפּש ביסל „זילבער", האָבן קינדער זיך דאָן געשפּילט אויפן „לאָט" אין באַהעלטעניש. אַנדערע האָבן געלאָזן פּאַפּירענע „קאַיטס" (שלאַנגען) אויפן לייכטן סעפּטעמבער־ווינטל. האָבן זיך מיטאַמאָל אַ טראָג אָן געטאָן אַ חברה פרעמדע ייִנגלעך פון יענער זייט „לאָט", פון דער גאַס, וואו עס שטייען אָפּגעזונדערטע הייזלעך מיט גרינצייג אין די הויפן, מיט הינט פאַר די טירן און דערביי אַ קירך מיט אַלטע גרינלעכע גלאָקן. זיי זיינען אָנגעקומען מיט קריגערישן געפּילדער.

איינער פון זיי האָט בליץ־שנעל אַ ריס אַרויס געטאָן דעם פאָדעם מיט דעם פליענדיקן „שלאַנג" פון אַ ייִנגלס האַנט, בעת יענער האָט גע־האַלטן דעם קאָפּ פאַריסן אַרויפצו, צום פלאַטערדיקן פליענדיקן „שלאַנג" אונטערן בלויען הימל.

# היימישע מענטשן

פון דער ראַפּטאַם־צעשטערטער קינדערשער פרייד איז דאָס יינגל געבליבן אויף אַ ווײַלע אָפּהענטיק, אָבער באַלד איז געוואָרן אַ גרויסע בהלה צווישן אַלע קינדער אויף דעם „לאַט". זיי האָבן זיך געכאַפּט, אַז די אַנגעלאָפענע הפקרדיקע יינגלעך האָבן זיך אַריינגעריסן אין ביידל, וואו ס'איז געלעגן דער אוצר מיטן זילבער. מען האָט זיך גלייך דערמאָנט אָן דזשאָרדזשין, און באַלד האָט זיין נאָמען אָפּגעהילכט איבערן ברייטן פרייען „לאַט".

ווען דזשאָרדזשי מיטן רויטן יאָסי זיינען אָנגעקומען, איז שוין אָנגעגאַנגען אַ געראַנגל צווישןביידע צדדים, — צווישן די קינדער פון די גרויסע אַפּאַרטמענט־הייזער, פון ד ע ר זייט לאַט, וואו עס געפינען זיך, אַ יידישע קינדער־שול, אַן אהבת־צדק שולעכל, וואוהין ס'קומען פרומע ייִדן דאַוונען, און אויך אַ קלוב צו העלפן די שפּאַנישע לאָיאַליסטן — מיט די קינדער פון דער צווייטער זייט „לאַט", וועלכע וואוינען אין שכנות מיטן קלויסטער און קומען אַמאָל צו אַ גאַסן־פאַרזאַמלונג מיט חוזק און טומל, כדי זי צו צעשטערן . . .

איצט איז אָנגעגאַנגען אַ געשלעג פאַר די „זילבער"־קנוילן. דזשאָרדזשי האָט זיך אַ שטעל געטאָן אין וועג און זיי נישט געלאָזט אַנטלויפן מיט זיין שווערער פּראַצע. באַלד האָבן זיך די געקריוודעטע געשטעלט אַרום אים, גרייט צו אַ פאַרמעסט מיט די אָנפאַלער.

ער, דזשאָרדזשי, האָט אַ שפּאַן געטאָן פאָראויס. זיין רואיק ברוין־בראָנזן פּנים האָט געגלאַנצט קעגן דער נאָכמיטיק־זון. מיט אַ רואיקער שטימע האָט ער זיך געווענדט צו די הפקר־יינגלעך:

— גיט אָפּ דאָס זילבער!

— מיר האָבן ביי דיר נישט גענומען און ס'איז נישט דיינע ביזנעס!

— האָט איינער געענטפערט קריגעריש.

פון הינטער דזשאָרדזשין האָבן זיך אַ ריס געטאָן עטלעכע יינגלעך — גרייט צו ענטפערן מיט קלעפּ דעם חוצפּהניק. דזשאָרדזשי האָט אָבער פאַנאַנדערגענומען די הענט און זיי זיינען געבליבן שטיין מיט פאַרדראָס, אָבער מיט צוטרוי, אַז ער ווייסט וואָס ער טוט.

דאָס האָט ביי דער הפקרדיקער חברה אַרויסגערופן קנאה, וואָס ביי זייערע קעגנער הערשט אַזאַ איינִיקייט, און זיי האָבן שפּאָטיש אויסגערופן:

— אָט ע ר איז אייער פירער?!

— איז וואָס? עס געפעלט אייך נישט?!

— איר זענט דאָך ווייסע און ער איז אַ ניג . . .

# שלמה וואסערמאַן

— שאַט־אַפּ ! — האָבן אַ הילך־געטאָן קולות און פאַרטויבט די לעצ־טע זילבע פון דעם באַליידיקער.

פויסטן האָבן זיך געביילט ; שאַרפע ווערטער זיינען געפלויגן פון איין לאַגער אין צווייטן. דזשאַרדזשיס שטערן האָט זיך געקנייטשט פון דורות־אַלטער באַליידיקונג. אויף זיין פּנים האָט זיך געשפּרייט אַ שאָטן פון דער קללה — „ניגער" . . . זיינע אויגן זיינען אָנגעפילט געוואָרן מיט גליאיקן צאָרן, פּונקט ווי ער וואָלט איצט דערציילט די מעשה פון דעם פאַרכישופטן וועג און געהערט דעם מאַן אויפן בוים בעטן : „ראַ־טעווע" . . . ווער ווייס ? — אפשר איז ער דאָס אַליין, וועמען מ'האָט אין מיטן העלן טאָג אויסגעטאָן נאַקעט, געשריגן „ניגער" און אים געפירט צום בוים ? . . . אין זיינע שנעל־לויפנדיקע געדאַנקען האָט ער אַפילו נישט געהערט, ווי דער רויטער יאָס בעט זיך ביי אים : „לאָז מיך ! לאָז מיך ! איך וועל זיי דערלאַנגען !"

דזשאַרדזשי האָט אינסטינקטיוו אָפּגעשטופּט דעם רויטן יאָס אין אַ זייט. זיינע ברייטע נאָז־פליגלען האָבן זיך צעבלאָזן און ער האָט אויסגע־רופן צום חוצפּהניק :

— קום אַרויס פאַראויס !

דער הויפּט־באַליידיקטער האָט זיך נישט גערירט.

— קום אַרויס, „קאַוואַרד !", — האָט דזשאַרדזשי איבערגעחזרט. אָבער אַז יענער האָט זיך אַלץ נישט אָפּגעטיילט פון זיין גרופּע, האָט ער זיך אָנגעהויבן רוקן אויף זיי גלייך און רואיק ווי אַ בוים.

— ווּעסט נישט וואַגן ! — האָט זייער צעשראָקענער אָנפירער גע־מאַכט דעם אָנשטעל.

— אָ, ניין ? אָלרייט ! — און דזשאַרדזשי איז פלינק אַריין אין זייער מחנה, האָט אַ נעם געטאָן דעם העלד ביים צעעפנטן קאָלנער און געזאָגט :

— פאַר אַזאַ באַליידיקונג בין איך גרייט זיך צו שלאָגן מיט דיר !

ביידע צדדים האָבן זיך אויף אַ ווייל אַ ריר געטאָן. באַלד, אָבער, זיינען זיי צוריק געוואָרן שטיל, נאָר די ליפּן זיינען אָנגעלאָדן געוואָרן מיט כעס.

— וועל ? — האָט דזשאַרדזשי אַ טרייסל געטאָן זיין קעגנער און אַרויסגעשלאָגן פון זיינע הענט דעם צוגערויבטן קנויל זילבער.

— לאָז אָפּ ! — האָט יענער פּראָטעסטירט און זיין טונקל־אַליוועך פּנים איז געוואָרן אַש־גרוי.

דער רויטער יאָס האָט אַ כאַפּ געטאָן דאָס שפּאַנישע „זילבער" . . .

זאָל דאָס דערוויייל זיין גאַנץ . . . ער האָט דערביי טאַקע געקראָגן אַ קלאַפּ פון אַן אַנפּאַלער, אָבער ער האָט גלייך דערלאַנגט צוריק. דאָס זילבער איז שוין געלעגן אויפן גראָזיקן באָדן.

עס איז געוואָרן אַן אַלגעמיינער געראַנגל: ווער וועט פאַרכאַפּן דאָס זילבער. דאָס זילבער איז געוואָרן די גרענעץ, דער סימבאָל . . . אָפּגעווינען דאָס זילבער — הייסט געווינען דעם קאַמף פאַר די שפּאַנישע העלדן . . .

דזשאָרדזשי האָט מיטאַמאָל דערפילט, אַז דאָס זילבער איז ווי אַ מיטל צו באַפרייען דעם „מענטש פון בוים" . . . ער האָט מיט גרויס הנאה דערלאַנגט קלעפּ. די קלענערע קינדער האָבן דערוויייל אויפגעקליבן דאָס זילבער.

דזשאָרדזשי האָט די אַנטלויפנדיקע אַנפּאַלער נאָכגעיאָגט און דער־ביי געשריגן:

— איר, „יעלאָו דאָגס", זאָלט זיך מער ניט וואַגן צו באַווייזן אַהער!...

ערשט איצט האָט דזשאָרדזשי באַמערקט, אַז אַרום „לאָט" זיינען געווען אַנגעלאָפן אַ סך קינדער און פיל דערוואַקסענע מענטשן. די קינ־דער האָבן אַרויפגעקוקט צו אים מיט באַגייסטערונג, וואָס עס איז דאָ איינער, וואָס קאָן פאַרטרייבן זייערע שטענדיקע באַפאַלער.

פון דאַן אָן איז באַוואוסט געוואָרן אויף גאַסן אַרום און אַרום, אַז דזשאָרדזשי איז אַ בראַוועך; אַז דזשאָרדזשי שטעלט זיך איין פאַר די גע־רעכטע און אַז ער לאָזט זיך נישט באַליידיקן. פון דעמאָלט אָן, ווען נאָר קינדער זיינען געווען אין אַ געשלעג, האָט מען אין זינען געהאַט דעם העלד דזשאָרדזשין . . .

:: : ::

יאָרן זיינען אַוועק און די פלאַמען אין שפּאַניע האָבן געוואָרפן זייע־רע שאָטנס אַרום און אַרום. אין הויז פון רויטן יאָס' עלטערן איז די שטימונג געוואָרן געשפּאַנטער פון טאָג־צו־טאָג. עס זיינען געפאַלן אין קאַמף באַקאַנטע גוטע יאַטן . . . אַ שווערער שאָטן האָט זיך געלייגט אין הויז. יאָס האָט מיטגעפילט מיט זייער צער. דזשאָרדזשי האָט זיך דער־פילט נאָענט. ער האָט שוין געגומען דערזען די קרובהשאַפט פון זיין פאָלק מיט יאָס' פאָלק. זיי ביידע האָבן אָנגעהויבן פאַרשטיין, אַז עס רוקט זיך אויף דער וועלט אַ בלוטיקע מלחמה.

און ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן, האָט זי ביידע ייִנגלעך אַרויס־

געריסן פון געוויינלעכן לעבן. ביידע האָט אַ צי געטאָן נקמה צו נעמען: איינעם — פאַרן מענטש אויפן בוים, דעם צווייטן — פאַר די זייף פון יידישע ביינער, פאַר די מאַידאַנעקס און אָסוויעצנטשימס...

זיינען זיי ביידע אַוועק. מ'האָט זיי ביידע גענומען אין דער אַרמיי. ביידע פאַר איין ציל, נאָר מען האָט זיי ביידע צעשייַדט. איינעם — אין לאַגער פון ווייסע, דעם אַנדערן — אין לאַגער פון שוואַרצע...

אויף זייער גאַס, אין דער היים, זיינען געבליבן קלענערע קינדער. פונקט ווי זייערע עלטערע ברידער האָבן זיי געפירט זייערע לעבנס: זיך געשפּילט, געפרייט און געשלאָגן. אָפּטמאָל, אין אַ געשלעג מיט די יינג־לעך פון יענער זייט „לאָט", וואו עס געפינט זיך דער קלויסטער, האָבן די יונגערע קינדער באַדויערט:

— אָ, ווען דזשאָרדזשי זאָל דאָ איצט זיין!

— אָ, דזשאָרדזשי! — האָבן זיי דערמאָנט מיט בענקשאַפט.

— ווער איז דאָס געווען דער דזשאָרדזשי? — האָבן געפרעגט די, וועלכע האָבן נאָך נישט געוואוסט וועגן אים.

— וואָס הייסט — ווער? נישט געקענט דזשאָרדזשין?...

און ס'איז אַוועק אַ באַשרייבונג: אַ הויכער, מיט שטאַרקע הענט, אַ בראַווער. ער האָט געקאָנט טאַנצן, שפּילן, דערציילן שיינע מעשהלעך און תמיד זיך איינגעשטעלט פאַר די שוואַכע.

— יע? וואו־זשע איז ער איצט?

— אויף מלחמה. מען זאָגט, ער איז דאָרט אויך אַ גרויסער העלד...

:: : ::

די מלחמה האָט שוין אַ סך ליידיקע שטולן געלאָזט ביי די עלטערנס טישן... אויף פרעמדע, וויטע פעלדער זיינען פרישע בערגלעך אויס־געוואַקסן... מאַמעס בענקען נאָך זייערע קינדער און נאָך דזשאָרדזשין בענקט די גאַס. עס בענקען די שטילע אָוונטן נאָך זיין שפּילן אויף דער האַרמאָשקע. עס בענקט די גאַס נאָך זיינע צויבער־מעשהלעך פון פאַר־כישופטן וועג, וואָס פירט צום מענטש אויפן בוים, וועלכער בעט זיך, מען זאָל אים ראַטעווען. קיינער, קיינער הערט איצט נישט דאָס געשריי פון־נעם „מענטשן אויפן בוים"...

# די לעצטע ליכט

עסטערל איז געגאַנגען פון סקול מיט ביכער אין האַנט. דער פאַרפרוירענער שניי האָט געקרעכצט אונטער יעדן טראָט. גייט זי, עסטערל, און טראַכט וועגן דער קאָמפּאָזיציע: „דער רויטער קרייץ", וואָס די לערערין האָט איר געהייסן אָנשרייבן. נאָר ווי אַזוי שרייבט מען דאָס אָן? זי וואָלט געבעטן דער מאַמען, זי זאָל איר אַרויסהעלפן, איז זי אָבער שטענדיק פאַרנומען מיטן „בוילער". אַלע מאָל פאָרעט זי זיך און זאָרגט זיך, אַז עס זאָל זיין הייסע וואַסער פאַר אַלע פיר שכנים אין הויז. דערצו דאַרף זי נאָך אויך ריייניקן דעם טראָטואַר פאַרן הויז — אַלץ פאַר די פיר דאָלער, וואָס זי צאָלט ביליקער פאַרן חודש רענט . . . דעם טאַטן האָט זי שוין יאָ געבעטן, ווייל ער האָט אַ סך צייט, — האָט ער איר אָבער געענטפערט מיט אַ מאָדנעם געלעכטער:

— שרייב וועגן מיר, וועגן דיר, דיין מאַמען, און ווי דער הייליקער רויטער קרייץ העלפט אונדז . . .

— אָ, כ'כוויס שוין, ווי אַזוי צו שרייבן! — טראַכט זיך עסטערל און וואונדערט זיך, וואָס דער פּאַ איז מער ניט אַזוי פריילעך ווי ער פלעגט אַמאָל זיין, — איך וועל שרייבן אָט אַזוי: אַ מיידעלע פון ניין יאָר איז געגאַנגען פון סקול, ווייל זי האָט נישט געהאַט קיין ניקל אויף „קאַרפעיר". זי האָט געטראָגן אַ סך ביכער אין האַנט, געווען הונגעריק און געטראַכט וועגן די בראַווע מענטשן, וואָס די ביכער באַשרייבן, וועגן מענטשן, גוטע, וואָס האָבן אין אונדזער לאַנד איינגעפירט פרייהייט פאַר אַלע גלייך . . . דאָס מיידעלע מיט די ביכער יאָגט זיך אַהיים, ווייל זי וועט דאַרפן העלפן דער מאַמען אָפּראַמען דעם שניי אַרום הויז, ווייל די פאַרפּוצטע לענדלעידי איז בייז, אויב זי טרעפט אַמאָל נישט אַזוי אַקוראַט אַרום הויז; זי זאָגט, אַז פאַר עטלעכע דאָלער אַ חודש קען זי איצט קריגן אַן אַרבעטסלאָזן מאַן, וואָס וואָלט געווען צופרידן צו טאָן די אַרבעט. שטייט דאָס מיידל מיט דער לאָפּעטע אין האַנט, און וואַרפט דעם שניי. זי פרייט זיך, וואָס זי העלפט דער מאַ, אָבער ביי איר אונטערן האַרצן נאָגט. פלוצים טוט אַ קום אָן אַ הויכע לעידי מיט אַ רויטן צלם אויפן אָרעם און . . .

— וואַרט! — האָט אויסגערופן איר פינף יאָריקער ברודערל, פיל, וועלכער איז איר אָנגעקומען אַנטקעגן פון אַ בערגל, גליטשנדיק זיך אויף

# שלמה וואסערמאן

אַ ברעטל — אָנשטאָט אַ שליטן. ער האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, אַז זי זאָל שטיין, אַליין האָט ער זיך פאַרקערעוועט אין אַ זייט, איז אַרונ־טער פונעם „שליטן" און געבליבן שטיין מיט אַ מינע, ווי ער וואָלט שוין לאַנג אויף איר אויסגעקוקט, צוליב אַ וויכטיקער נייעס.

עסטערל קוקט אויף זיינע ברייט־צעעפנטע פאַרשולדיקטע אייגעלעך און שמייכלט:

„ביסט אַ שיינע, נאַרישע בייבי"!

זי האָט אַוועקגעלייגט די ביכער אויף זיין קלאָמפּערשטדיקן שליטן און זיך אַראָפּגעבויגן צו ברענגען אין אָרדענונג זיינע אַרונטערגעלאָזטע זאָקן. ער האָט זיך אָנגעלענט אָן איר אַקסל און, גלעטנדיק אירע געלאָק־טע האָר, וועלכע זיינען געהאַנגען פון אונטערן ווייסן היטעלע, האָט ער הילכיק־שנעל אויסגערופן:

— מיר האָבן נישט קיין עלעקטריק און געז. זיי האָבן פאַרמאַכט !...

עסטערל האָט זיך אויסגעגלייכט און גאָרנישט ניט געענטפערט. אי־רע קינדערשע אויגן האָבן געטרערט און זי האָט זיך איצט אין געדאַנק אויסגעטענהט מיט דער לערערין:

„איר וואָלט געקאָנט שרייבן אַ קאָמפּאָזיציע ווען אין הויז איז קאַלט און פינצטער ?" . . .

פיל האָט איר דערלאַנגט די ביכער. איר בליק האָט זיך פאַרטשע־פעט אין די אָפענע לאַצן פון זיין אָפּגעטראָגענעם רעקל. זי האָט אים צוגעצויגן צו זיך און פאַרקנעפּלט דעם לאַץ ביזן קאָלנער.

— דער רבי וועט אונדז מער נישט לערנען — האָט ער קינדיש־פריידיק אויסגערופן. און באַלד, ליגנדיק שוין ווידער מיטן מיטלסטן טייל פון קערפּער אויפן שליטן — גרייט פאַרצוזעצן זיין רייזע, האָט ער צוגעגעבן:

— מאַ זאָגט : זי האָט פאַר אים נישט קיין געלט . . .

אין הויז האָט עסטערל געטראָפן הערשלען, דעם צען־חדשימדיקן מיזיניק־ברודערל, צוגעבונדן צום בעטל מיט אַ לעדערנעם פאַס. זיינע פאַרוויינטע אויגן האָבן אויפגעגלאַנצט, ווען ער האָט זי דערזען. ער האָט געמאַכט פּיסקלעך און גרימאַסן, אַקוראַט ווי ער וואָלט נישט געקאָנט פאַרגעסן די שרעקלעכע עוולה, וואָס די מאַמע האָט אים געלאָזט ווייגען און זיך געצויגן צו עסטערלען נאָך לאַסקעס... באַלד איז די מאַמע אַרויפ־געקומען פונעם קעלער, וואו זי האָט געאַרבעט אויף אויפצומונטערן די פאַרחלשטע קוילן אין „בוילער". אירע האָר זיינען געווען אַרומגענו־מען מיט אַ ווייסער פאַטשיילע, נאָר די ברעמען זיינען געווען גרוי פון שטויב און אַש.

# היימישע מענטשן

— מאַ, — האָט עסטערל זי באַגעגנט מיט אַ פראַגע, — ס'איז אמת, אַז מ'האָט פאַרמאַכט אונדזער געז און עלקעטריק ?

— אמת, עסטערל. — האָט די מאַמע טרויעריק אָפּגעהאַקט.

— ווי אַזוי־זשע וועסטו קאָכן ?

די מאַ האָט געפּרוווט פאַרענטפערן די פראַגע מיט אַ מעשהלע, וואָס זי האָט דערציילט הערשלען, כדי אים צו באַרויקן. עסטערל האָט סיי־ווי אויף קיין ענטפער נישט געוואַרט. זי איז געווען פאַרנומען מיט אַ דינעם העפט מיט נאָטן, וואָס זי האָט געקראָגן פון פלאָרענסן, איר נייער סקול־חברטע, וועלכע מ'האָט אַרונטערגעזעצט פון אַ העכערן קלאַס, פאַר נישט קומען אין סקול דעם ערשטן מאַי. עסטערל איז פאַרטיפט, לייענט מיט די אויגן און זינגט אין געדאַנק, היט יעדעס פינטל, פּאַסיקל, פויזע, און האַלט דערביי דעם טאַקט מיטן פוס. אמת, דער לערער פון פידל־שפּילן האָט דאָס איר פאַרבאָטן, אָבער זינט דער טאַטע אַרבעט נישט, קלאַפּט זי צו מיטן פוס, ווייל דער לערער קומט סיי־ווי־סיי נישט. זי וויל ניט פאַרגעסן דאָס אויסגעלערנטע, שפּילט זי יעדן אָוונט די אַלטע זאַכן אויף דאָסניי, מיט דער האָפענונג, אַז ווען דער טאַטע וועט קריגן אַר־בעט, וועט דער לערער ווידער קומען. היינט וועט זי צום ערשטן מאָל שפּילן עפּעס אַ נייע זאַך. צוזאַמען מיט טיילן פון דער נייער מעלאָדיע וועבט זיך אין איר געדאַנק אַ פרייד פון באַפרייאונג. „דער רבי וועט אונדז מער נישט לערנען" . . . מער וועט זי אים נישט זען זיצן אַ בייזן ביים אָפענעם סידור און וואַרטן ביז זי וועט ענדיקן די לעקציע פון שפּילן . . .

דער טאַטע איז אַריין אין הויז און צוגעוואָרפן אַ מעכאַנישן „האַלאָ", מיט אַ קאַרגשאַפט, ווי עס וואָלט געווען אַ לוקסוס־זאַך. פאַרטראַכטער־הייט האָט ער אויסגעטאָן דעם מאַנטל און הוט און איז געבליבן שטיין אין מיטן צימער, ווי מיט פרעמדע, איבעריקע, אומגעלומפּערטע הענט. מיט געמאַכטער רואיקייט האָט ער געקוקט אויפן ווייב, אויף די קינדער און אויפן קאַלטן „גאַז־רענטש", וואו עטלעכע ליידיקע טעפּלעך זיינען גע־שטאַנען ווי פאַרשעמטע. ער האָט ניט געהאַט דעם מוט צו פרעגן, ווי אין אָנפאַנג פון זיין ליידיק־גיין: „ראָזע, ווי פילסטו ? וואָס מאַכן די קינדער ?" . . .

ראָזע האָט געקוקט אויף אים און איר האָט זיך געדאַכט, אַז די פאַר־גליווערטע שטילקייט שרייט מיט פאַרשטיקטע קולות פון מוטיקע העלדי־שע מענער, וועלכע קריצן מיט די ציין און שלוקעכצן פון פאַרשטיקטן געוויין. זי האָט געטראַכט: איבעררייסן די שטילקייט — מיט וואָס ?

— . . . פרעגן צי ער וויל עסן ? פרעגן, צי ער האָט געפונען אַרבעט ? איז דאָס אָבער ווי אָנצורירן מיט שאַרפע נעגל אַ רויע וואונד . . . זי ווייסט, ער וועט ענטפערן מיט אַ ביטערן געלעכטער : „אַפילו די מויערן פון סיטי־האָל וואָלט איך געקענט צערייסן". זאָל זי אים דערציילן וועגן פּאַרמאַכטע עלעקטריק און גאַז ? ניין, זאָל ער אַליין דאָס אויסגעפינען.

דער טאַטע איז געזעסן פאַרטיפט אין דער שוין עטלעכע מאָל אי־בערגעקוקטער צייטונג. ער האָט ווידער געקוקט אויפן גרויסן קאָפּ : „צום הונגער־מאַרש !" . . . די צייטונג איז פאַר אים ניי, דער רוף איז ניי ;ביידע שרעקן אים. אָבער וואָס מער ער לייענט, אַלץ שטאַרקער ווערט ער באַהעפט דערמיט.

ראָזע האָט אויטאָמאַטיש געוויגט דאָס בעטל מיטן שוין שלאָפנדיקן קינד. שטיל, ווי אין פאַרבענקטע מינוטן פון איר יוגנט, האָט זי אַן אַלט ראָמאַנטיש לידל געזונגען — אַ לידל פון בענקשאַפט, האָפענונג און פרייד, ווי אַ סגולה צו פאַרטרייבן די דריקנדיקע שטילקייט. דער מאַן האָט האַלב אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו איר און אָנגעשטעלט זיינע ערנסטע גוטע קאַשטאַן־קאָליר אויגן אויף איר פּראָפיל. אין ווינקל פון איר וויע איז געלעגן אַ פאַרגעסענער שמייכל. אַ דינער קנייטש האָט זיך פאַר־צויגן אויף זיין שטערן. דאָס האָט באַדייט : „ליבע ראָזע, איך ווייס, דו ווילסט דעם הונגער פאַרזינגען . . ."

מיטן אָנקום פון דער אָוונט־טונקלקייט האָט פיל אַ פּראַל־אויף גע־טאָן די טיר און איז אַריין גלייך אין שטוב מיטן ברעטל, וואָס ער האָט גערעכנט פאַר אַ שליטן. עסטערל איז מיט אַ ציטער אויפגעשפּרונגען פון אירע לעקציעס און פּראָטעסטירט קעגן זיין חוצפּה. טאַטע־מאַמע האָבן זיך נישט געמישט. נאָר אַז עס האָט שוין געהאַלטן ביי קלעפּ צווישן פילן און עסטערלען, האָבן זיי געגעבן עסטערלען גערעכט.אַ באַזיג־טער, מיט פרישע צעפלאַמטע רויטע בעקלעך, האָט פיל מיטן גאַנצן כוח פון אָנגעזאַמלטן אַפּעטיט, אויסגעשריען : „מאַ, עסן !" פון דעם פּלוצימ־דיקן געשריי האָט זיך הערשעלע אויפגעכאַפּט און זיך אַרומגעקוקט מיט דערשראָקענע אויגעלעך, — גרייט אויסצופלאַצן אין אַ געוויין. אָבער דערזעענדיק דעם טאַטן, האָט ער האַלב־שמייכלענדיק אויסגעשטרעקט די הענטלעך און זיך אַ ציי געטאָן צו אים. דער פאָטער האָט אים גע־כאַפּט צו זיך, געזוכט עפּעס מיט וואָס איז צו פאַרשפּילן, נאָר אַלע פינף־סענטיקע צאַצקעס דעם קינדס זיינען פון לאַנג געווען צעבראָכן. דאָס איינציקע און שטאַרק באַליבטע שפּילכל דעם קינדס, וואָס איז יאָ נאָך פאַרבליבן, איז דאָס שנירל, וואָס הענגט אַרונטער פונעם עלעקטרישן

לאָמפּ, און וואָס ער האָט ליב צו ציען ווען ער קאָן עס גרייכן. אַ פּריי־דיק־צופרידענער געדאַנק לויפט דורך ביי סאָלן: באַלד וועט די שוואַרצע אָנגעצויגענע שטימונג איבערגעריסן ווערן. הערשל וועט געבן אַ צי ביים שנירל, וועט ווערן ליכטיק, ווידער אַ צי — פינצטער און ווידעראַמאָל ליכטיק. ווי אַלע מאָל וועט דאָס אַרויסרופן פרייד ביים גאַנצן הויז־געזינד. ער וועט אים הויך אויפהייבן און שטעלן מיט די פיסלעך אויף זיין ברוסט; מאַ וועט דאַן אויסרופן: „אַ געזונט אין זיינע פיסלעך". זי וועט צולויפן, אים פּאַטשן אין הינטנדל, און טאַקע באַלד אים אַרומכאַפּן און קושן מיטן גאַנצן כוח. עסטערל וועט לאַכן. פיל וועט שפּרינגען פאַר פרייד און הערשעלע אַליין וועט פּאַטשן מיט די הענטלעך . . .

הערשעלע טוט אַ צי דאָס שנירל, — פינצטער. סאָל נעמט מיט איין האַנט שטאַרקער אַרום דאָס קינד און מיט דער צווייטער פאַרשרויפט ער בעסער דאָס עלעקטרישע לעמפּל און טוט אַ זאָג:

— נו, איצט, הערשעלע, גיב אַ צי! . . .

ראָזע און עסטערל שטייען ווי פאַרשעמטע, ווי שולדיקע.

— נישטאָ קיין עלעקטרע?

— נישטאָ, סאָל.

— גאַז?

— אויך נישט.

סאָל האָט אַריינגעזעצט דאָס קינד צוריק אין בעטל, און אַליין גע־בליבן שטיין מיט די הענט אין די הויזן־קעשענעס, די ליפּן — צעקרימט פון אַ ביטערן שמייכל, ווי ביי איינעם, וואָס איז פאַרראַטן געוואָרן. די פינצטערניש, וואָס איז איצט געשטאַנען אין צימער, איז אַריינגעדרונגען אין זיין ביז איצט פאַרנעפּלטן באַוואוסטזיין, אויפגעזוכט דאָרטן זיינע פאַרעלטערטע וואונטשן, האָפענונגען און פאַרלאַנגען וועגן שפּאָרן און אַרבעטן, אַרבעטן און שפּאָרן, ביז ער וועט זיך אין גאַנצן באַפרייען פון אַרבעטן ביי יענעם . . .

ווי פגרים־סקעלעטן שטשירען איצט אָט־די געדאַנקען און פלענער, אַזוי חוזקדיק מיט זייערע פאַרפוילטע ציין, קוקן מוראדיק בלינד, שפּרינ־גען, דרייען, קוליען זיך און פאַרשווינדן ווי קאָלירלאָזע שטיקלעך פּאַפּיר אין אַ ווירבל־ווינט.

ביי אַ שיין, וואָס האָט אַ קוק געטאָן אין פענצטער און אַוועק צוזאַ־מען מיטן פאַרביילויפנדיקן אויטאָ, האָט פיל איצט דערזען זיין טאַטן, אַ הויכן, אַ געזונטן, אַפילו טאַני, פאַר וועמען ער, פיל, אַנטלויפט תמיד, וואָלט איצט מורא געהאַט פאַר אים. דער טאַטע, פילט ער, וועט באַלד

געבן אַ געשריי: „גיט צוריק די ליכט און גאַז!״ און מען וועט מוזן געבן . . .

סאָל האָט דערווייל געגומען שפּאַנען איבערן צימער עפּעס נאַר ווי אַ געפאַנגענע חיה. די נאָזלעכער — צעבלאָזן, די אויגן — אָנגעגליט. יעדער טראָט ווי אַ הילכיקער פּראָטעסט. „פאַר וואָס שטיקט מען אונדז? פאַר וואָס?״ צוויי דינע פלעמלעך פון די לעצטע שבת־ליכט, וואָס ראַזע האָט אויפן טיש אַוועקגעשטעלט, האָבן אים איבערגעראַשט און אָפּגעשטעלט.

— וואָס איז היינט, ראַזע? — האָט ער שאַרף אַ פרעג געטאָן.

— מיטוואָך!

עסטערל איז דערווייל צוריקגעקומען מיט אַ האַלבן לאַבן ברויט. זי איז געווען פאַרשעמט און בייז. דאָס לעצטע מאָל, זאָגט זי. מער וועט זי נישט גיין באָרגן קיין ברויט. איר קינדערשער פאַרדרוס איז באַלד, ווי אַ פריש שנייעלע, צעגאַנגען אויף אירע לאַכנדיקע ליפּן. דאָס שטיקל ברויט, וואָס איז אויסגעקומען אויף איר חלק, האָט זי שנעל פאַרטיק געמאַכט און זי האָט מיט פרייד אָנגעזאָגט טאַטע־מאַמען, אַז היינט האָט זי עפּעס נייעס צו שפּילן און זי נעמט זיך טאַקע גלייך שפּילן, איידער די ליכט גייען אויס.

אירע אויגן לייכטן אָנגעשטרענגט און זי פירט דרייסט דעם בויגן איבער די סטרונעס. סאָל פאַרציט די געדיכטע ברעמען אין אַ פאַרזוך זיך צו דערמאָנען, וואו ער האָט די טענער געהערט, און ער דערמאַנט זיך:

. . . פאַרהונגערטע, אָפּגעריסענע, אָנגעפּאַקטע אינעם אָנגערויכערטן זאַל . . . יאָ, דאָרטן האָט מען דאָס געזונגען . . .

סאָלס הויכע פיגור האָט זיך אויסגעגלייכט, און זיך פאַרטאָפּלט אויף דער שאָטנדיקער וואַנט. זיין אויפגעהויבענע פאַרבענקטע האַנט אין אַ פויסט האָט אויסגעקוקט ווי אַ שווערער האַמער. פּיל, וואָס האָט מיט איין האַנט צוגעהאַלטן עסטערלס סטענד, האָט אויפגעהויבן די צווייטע, פאַרביילט ווי דער טאַטע. ראַזע איז געבליבן שטיין צווישן טיש און געשיר־שאַפקעלע מיט אַ טישטעך אין איין האַנט און אַ מעסער אין דער צווייטער. שמייכלענדיק האָט זי געקוקט אויף איר משפחה. הערשעלע האָט מיט איין האַנט זיך צוגעהאַלטן ביים פאַרענטש פון בעטל און מיט דער צווייטער געהאַלטן אַ ליידיק מילך־פלעשל נאָענט פון מויל. אַלע זיינען געווען אומבאַוועגלעך. בלויז די דינע פלעמלעך פון די לעצטע ליכט האָבן צאַנקענדיק געשאָטנט אויף די טונקעלע ווענט און דאָרט ווי פאַרצווייפלט זיך געראַנגלט מיטן בויגן אין עסטערלס האַנט . . .

# אַ פרילינג־קאָנצערט אזוא

מיין טעכטערל האָט אַהיים געבראַכט אַ קליידל, איז דאָס געווען אַן אַלטס און פון טונקעלן שטאָף.

מיין טעכטערל איז יונג און פריילעך. זי האָט נאָך נישט קיין שאָטנס אויף איר ליכטיקן געמיט — קען זי נישט פאַרטראָגן קיין אומעטיקע קאָלירן.

דערפאַר רייניקט זי און פוצט דאָס קליידל, עס זאָל ווערן שענער און יונגער, נאָר דאָס קליידל גיט נישט אַראָפּ פון דער עלטער און בלייבט קאָלירלאָז. עקשנותדיק וויל דאָס געבן צו פאַרשטיין מיין טעכטערל, אַז די קינדישע זאָרגלאָזיקייט וועט זיך מוזן צופּאַסן צום טרויער פון קליידל...

לאָזט מיין טעכטערל אָפּ די הענט. זי קוקט ערגעץ וויט און טוט אַ טיפן זיפץ.

איך קוק אויף איר און וואונדער זיך: אָט האָט זיך דאָך שוין באַוויזן דער פרילינג אינדרויסן. דער רעגן האָט נאָר וואָס אויסגעוואַשן דיביימער. פון דער ווייכער ערד ציען זיך נייע שפּראָצונגען צו דער וואַרעמער זון. מילדע ווינטלעך ברענגען זיסע ריחות פון וויט און נאָענט

— איז וואָס־זשע זיפצסטו, מיין טעכטערל?

— איך ווייס נישט, טאַטע.

זי ווייסט נישט . . . זאָל זי שוין האָבן פרילינג־שטימונגען? וועקט זיך שוין אין איר דער זיס־פּיינלעכער אומרו, וואָס נייע בליאונג ברענגט מיט זיך? אָדער, האָבן די ליבע ווינטלעך אויף איר אַ ווייע געטאָן מיט אַ כישוף־גלעט איבער אירע האָר, פון וואָס ס'האָט ערגעץ אין איר גע־מיט אַ ציטער געטאָן אַן אומבאַקאַנטע בענקשאַפט? ניין, עס גלויבט זיך נישט — זי איז נאָך גאָר יונג. אַלץ דרעמלט נאָך אין איר . . .

— וואו האָסטו, טעכטערל, גענומען אַזאַ קליידל?

— די טאַנץ־לערערין האָט דאָס מיר געגעבן.

— צו וואָס באַדאַרפסטו דאָס?

— „צו וואָס״ — וואונדערט זי זיך. — ווייסט נישט, אַז מיר גרייטן אַ פרילינג־קאָנצערט פאַר דער מיטלשול?

— אָ, יאָ, שיעור פאַרגעסן. וואָס־זשע פאַר אַ טאַנץ וועט דאָס זיין? איך האָב ליב פריילעכע טענץ.

זי ענטפערט נישט. זי איז עפּעס פאַרטראַכט. מסתמא זיינען אירע

געדאַנקען פאַרנומען מיט טאַנץ־פּויזעס און טאַנץ־פּאָזיציעס. אָדער אפשר הערט זי זיך צו צום פּיאַנאָ־טאָן, לויט וועלכן זי וועט דאַרפן אַרויסקומען אויף דער בינע, וויל זי אין זיך איבערקומען דעם בינע־ציטער, ווען זי וועט זיך דאַרפן באַווייזן פאַר אַזויפיל מענטשן ?

נאָר פּלוצים טוט זי אַ פרעג מיט אַן איינגעהאַלטענעם טאָן, ווי זי וואָלט מיר נישט געוואָלט ווײ־טאָן :

— איז דיין שוועסטער געווען ענלעך אויף דיר ?

— וועלכע שוועסטער מיינסטו ?

— „וועלכע"? וויפיל שוועסטער האָסטו געהאַט ?

איך שווייג, ווייל וואָס איז שוין פאַראַן צו ציילן.

זי כאַפּט אַ זייטיקן בליק אויף מיר און שווייגט אויך.

שווייגנדיק, האָט זי אָנגעמאָסטן דאָס שוואַרץ־געמיטיקע קליידל. זי איז געבליבן שטיין מיט איר צעבליטן פּנים קעגן שפּיגל און זיך באַטראַכט. אַ ווײַלע שפּעטער האָט זי אַזוי ווי אין דער וועלט אַריין אַ מורמל געטאָן :

— אין וועמען בין איך געראָטן ? אין דיין משפחה צי אין דער מאַמעס ?

— שווער צו זאָגן טעכטערל. ווען דו וועסט אויסוואַקסן און עלטער ווערן, וועלן מיר זען.

נאָר זעט אויס, אַז זי האָט סיי־ווי נישט דערוואַרט קיין באַשטימטן ענטפער פון מיר. קען זיין דערפאַר, וואָס איר מוח איז געווען אָנגעלאָדן מיט אַ סך געדאַנקען, וועלכע זי האָט געוואָלט פאַרבינדן, ווייל באַלד איז זי איבערגעגאַנגען צו אַ נייער פראַגע :

— איז אמת, אַז די נאַציס האָבן באַזיגט פּוילן אין אַכצן טעג ?

— יאָ, אַזוי רעכנט מען.

— און צו באַזיגן די לעצטע פערציק טויזנט יידן אין וואַרשעווער געטאָ, האָט די נאַציס גענומען צוויי־און־פערציק טעג און נעכט ?

— יאָ, אמת. פונוואַנען ווייסטו דאָס אַלץ, טעכטערל ?

— „פונוואַנען"? מיר האָבן דאָס געלערנט אין מיטלשול.

מיין טעכטערל איז צוגעקומען נאָענט צו מיר. אַזוי טוט זי אַלע־מאָל, ווען זי וויל עפּעס פּועלן ביי מיר. זי האָט מיר געקוקט אין די אויגן מיט געבעט, איך זאָל זי נישט אַנטוישן, און געפרעגט :

— נאָך די טעג און נעכט פון די שלאַכטן, זיינען אַ סך יידן געבליבן לעבן ?

כ'האָב געשוויגן. זי האָט געוואַרט איך זאָל איבעררייסן די שטיל־

## הײמישע מענטשן

קײט און נישט דערוואַרט זיך, האָט זי הינטערװײלעכץ זיך אָפּגערוקט פֿון מיר מיט אַ באַהאַלטענער שרעק פֿאַר מײן שװײגן. זי האָט געכאַפּט אַ בליק אין שפּיגל און זיך דערזען אין דעם אַלטן אומעטיקן קלײדל, אין װעלכן זי דאַרף אױפֿטרעטן צום קאָנצערט, האָט זי זיך דערמאָנט, אַז זי קען נאָך נישט איר ראָלע אױף אױסנװײניק, האָט זי, אַזױ קוקנדיק אין שפּיגל, געבעטן:

— פֿאָ, װעסט העלפֿן מיר זיך אױסלערנען מײן ראָלע?

— איך? העלפֿן?

— יאָ, דעדי, איך בעט דיך. פֿאַרהער מיך בלויז, צי איך מאַך נישט קײן גרײַזן.

— װאָס־זשע, דער טאַנץ גײט מיט געזאַנג און מיט װערטער?

— עס איז אַלץ אינאײנעם. ס׳איז װעגן װאַרשעװער געטאָ.

— נו, גוט, איך װעל דיך פֿאַרהערן.

זי איז אַרױס אין מיטן צימער, זיך לאַנגזאַם אַרומגעקוקט, און אָנגעהױבן:

— „װען די שטײנער פֿון װאַרשע װאָלטן געקענט רעדן״ . . .

זי האָט זיך פֿאַרהאַקט און אַ פֿאַרשעמטע זיך אַנטשולדיקט:

— איך האָב געמאַכט אַ טעות. דאָס װאָס כ׳האָב געזאָגט קומט שפּעטער. פֿריער דאַרף איך זאָגן:

— „מיר זײנען שװאַך און אױסגעהונגערט. מיר האָבן אײן ביקס פֿאַר צװאַנציק מענטשן״ . . .

אַ װײלע איז זי געבליבן שטײן אין אַ פּויזע, װי זי װאָלט זיך װעלן דערמאָנען די רעשט פֿון דער פּראָזע, און איך האָב דערװײל געטראַכט: (שוין צום װיפֿלטן מאָל) — װאו האָבן טאַקע די ײדן אין װאַרשעװער געטאָ גענומען די גבֿורה צו פֿירן קריג קעגן נאַצי־מערדער?

נאָר באַלד האָט זיך איר יונג־מײדלשע שטימע אַרײנגעריסן אין מײנע מחשבֿות מיט אַן אָנזאָג:

— „אַ קינד קאָן װאַרפֿן אַ גראַנאַט! אַ פֿרױ קאָן לאָדן אַ ביקס!״

דאָס איז געװען דאָס ערשטע מאָל, װאָס כ׳האָב דערהערט מײן טעכטערלס שטימע קלינגען אַזױ אַנטשלאָסן. כ׳האָב אַ קוק געטאָן אױף איר און דערזען זי מיטאַמאָל אַן אױסגעװאַקסענע, אַ געלײטערטע. אירע אױגן — ערנסטע, צעגליטע; די ברעמען — אָנגעצױגן, װי זי װאָלט געצילט אין פֿאַרהאַסטן פֿײנט. אַזױ זעט מען אױס, װען מען איז גרײט אױף קרבנות פֿאַר אַ הײליקער זאַך.

## שלמה וואסערמאַן

און דאָך האָט מיך אַ רחמנות אָנגענומען אויף מיין טעכטערל, ווייל פונקט דעמאָלט ווען פרילינג־פרייד רופט, ווען קאָנצערטן דאַרפן זיין פריילעכע, זאָרגלאָזע פאַר קינדער — פירט זי גאָר די דורות־לאַנגע שלאָכט קעגן שלעכטס, און אויף דאָס ביי קלינגט אַ רוף:

— „אַ געזאַנג פון מיין פאָלק ווערט דאָס געזאַנג פון דער וועלט: פרייהייט".

אין איר אויפגעלויכטן פּנים זע איך: עס איז ביי איר נישט קיין סתם ראָלע, אַ פרעמדע, וואָס זי דאַרף זיך אויסלערנען, אויסשפּילן און — פאַרגעסן. ניין, די ראָלע איז אין איר. מ'האָט איר נאָר באַדאַרפט געבן פאָרם, וואַקסט מיין טעכטערל שנעער, פולקאָמער — זי דאַרף נישט קיין רחמנות!

דערשעפּט פון אינערלעכער איבערלעבונג פון פלוצימדיקן באַנייען זיך, האָט זי מיט אַ שטילער ווייטער שטימע געפרעגט:

— דענקסט עס וועלן קומען אַ סך מענטשן צום קאָנצערט?

— אויב אַלע קינדער וועלן שפּילן אַזוי גוט ווי דו, וואָלטן באַדאַרפט קומען מער מענטשן, ווי דער זאַל בעמט אַריין.

— אַ דאַנק, דעדי. הייסט עס, אַז דו וועסט קומען?

— זיכער.

מיין טעכטערל האָט זיך געגרייט צו דעם פרילינג־קאָנצערט מיט גרויס פאַראַנטוואָרטלעכקייט, ווי זי וואָלט דערפילט אַן אחריות אויף זיך פאַר ווייטע אומבאַקאַנטע מענטשן, וועלכע זיינען פרי פון דער וועלט אַוועק.

און דערפאַר, זעט אויס, האָט זי אויף דער בינע, צוזאַמען מיט אַנדערע קינדער, פּרובירט אויפכאַפּן די נישט־דערחלומטע חלומות פון יענע אומגעבראַכטע מענטשן.

דורך די קינדישע שטימעלעך קלינגט דער צער פון מענטש — לויטער און פיינלעכער. אין די קינדערס שטיל־שוייגן הערט מען העכער דעם לעצטן פאַרצווייפלטן געראַנגל פון די יידן אין וואַרשעווער געטאָ.

אויף דער טונקל־באַלויכטענער בינע זעען זיך די העלדן פון געטאָ אין זייערע לעצטע קאַמפן פאַרן לעבן. צווישן אַלע קינדער, אין זייערע אומעטיקע קליידער, דערקען איך מיין טעכטערל.

איר פּנים קען איך נישט זען, איך דערקען זי אָבער לויט דעם אויסשניט, וואָס איר פיגור מאַכט אין דעם פינצטערן אַרום.

אינעם געראַנגל מיט די פלאַמען און פאַלנדיקע ווענט, האָט יעדער באַוועג אירער אויסגעשיילט איר אייגנאַרטיקייט.

# היימישע מענטשן

זי זעצט פֿאַר די אַרבעט פֿון די געפֿאַלענע: זי טרייסט די שוואַכע, מונטערט די פֿאַרצווייפֿלטע; זי ראַטעוועט קינדער פֿון די פֿייער־צונגען, דערלאַנגט ציגל די קעמפֿער און — אַ טראָפּן וואַסער די פֿאַרחלשטע.

אַזוי פֿיל אַרבעט! זי איז דאָך נאָך אַ קינד, די כוחות זאָלן איר נישט אויסגיין . . . זי וויל זיך אויסשרייען, נאָר פּלוצים ווערט זי ענלעך אויף מיין שוועסטער. אַזוי האָט אויסגעזען מיין שוועסטער: הויך, שלאַנק, גלייכע פּלייצעס און זיכערע טריט.

מיין שוועסטער פֿירט די שלאַכט קעגן די מערדער פֿאַר אירע קינ־דער. בלויז אַ קליינעם שפּאַן, וועט זי גרייכן די קינדערס אויסגעשטרעק־טע הענטלעך. זי וועט נישט לאָזן אַוועקרייסן די קינדער פֿון זיך. זי וועט זיי ראַטעווען! נאָר מיטאַמאָל איז אַלץ אויסגעלאָשן — אַ פֿינצ־טערניש.

פֿון דעם חושך טיילט זיך אויס מיין שוועסטערס געשטאַלט אין מיין טעכטערלס טרויעריקן קלייד. אירע גלייכע אַקסל זיינען געבויגן פֿון שווערן צער. זי קוקט אויף די ווייסע אויסגעליידיקטע הענט. די הענט וויינען נאָך די קינדער.

די פֿינצטערניש הייבט זיך לאַנגזאַם אָן צו מישן מיט ערב־טאָג בלייכקייט, ביז עס הויבן זיך אָן זען שפּיצן פֿון איינגעפֿאַלענע הייזער. עס ווערט העלער און העלער. דער הימל ווערט בלויער און מילדער און שפּרייט איבער איר קאָפּ טרויער און טרייסט.

זי הייבט פּאַמעלעך די אויגן צום הימל, קוקט לאַנג אין דער אומ־שולדיקער בלויקייט, ווי זי וואָלט מיט אירע בליקן דאָרטן איינקריצן דאָס אומגליק פֿון איר פֿאָלק, די וועלט זאָל אייביק געדענקען און וויסן, אַז געווינען וועלן די, וועלכע גלויבן, אַז:

„מענטשן זיינען ברידער, ס'איז איין מענטשהייט!"

אַרום איר איז געוואָרן העלער און ליכטיקער, נישט ווי פֿון טאָג־ליכט, נאָר ווי פֿון גייסטיקער אויסשטראַלונג, וואָס זי האָט אויפֿן שאַרף פֿון חלף אויסגערופֿן דורך דעם קול פֿון מיין טעכטערל, אַז:

„מענטשן זיינען ברידער!"

דורך מיין טעכטערל האָב איך געזען, ביים סאַמע אומקום, מיין שוועסטער אויפֿגיין . . .

# אַלע באָבעס זיינען גוטע

אַרום אַכט אינדערפֿרי ווערט רוישיק און פריילעך פֿון די קינדער, וואָס ציען זיך, ווי אַן אומאָרגאַניזירטע פּראָצעסיע, פֿון די הייזער אין סקול אַריין.

זיי גייען מיט ביכער, אייניקע אָן ביכער. זיי זיינען פֿון פֿאַרשיידע־נעם עלטער. די קליינוואַרג, וועלכע האַלטן זיך שוין פֿאַר גרויסע און ווילן נישט די מאַמעס זאָלן זיי צופֿירן אין סקול אַריין, קוקן זיך אַלעמאָל אַרום, צי די מאַמע גייט ערגעץ נישט נאָך פֿון הינטן און האַלט אָן אויג, אַז מ'זאָל בשלום אַריבער די גאַס, נישט פֿאַלן אָדער צעשלאָגן זיך מיט עמעצן.

אָט־די קליינוואַרג, אַז זיי גייען פֿאַרביי דעם הויכן פּאָליסמאַן, וואָס שטייט אינמיטן דעם ברייטן געפֿלאַסטערטן וועג און היט זיי אָפּ פֿון לויפֿנדיקע מאַשינען, פֿאַררייסן זיי צו אים די קעפּלעך, קוקן אַרויף, באַ־וואונדערן זיין גרויסקייט. און אַז ער טוט צו זיי אַ שמייכל מיט זיינע קינדיש־בלויע אויגן, שפּאַנען זיי אַוועק גליקלעכע, ווייל נישט קיין אַנ־דערער ווי דער גרויסער פּאָליסמאַן אַליין האָט אַ קוק געטאָן אויף זיי און געשמייכלט.

די גרעסערע קינדער ווילן ניט האָבן צו טאָן מיט די „בעיבים". זייער וועלטל איז שוין רייכער. אַ סך פֿון זיי דערביוזען אַרויס אַלערליי זאַכן, וואָס זיי האָבן אויסבאַהאַלטן פֿון די מאַמעס, און איצט באַרימען זיי זיך דערמיט ווי מיט וואונדערלעכע מציאות.

אַמאָל איז דאָס אַ „מיסטערי"־ביכל, וואָס אַנטפּלעקט אויף אַ וואונ־דערלעכן אופֿן די גרעסטע סודות. אַמאָל איז דאָס אַ מעשה מיט אַ „סופּ־ערמען", וואָס האָט געראַטעוועט אַ גרופּע פֿון אונדזערע סאָלדאַטן ער־געץ אין אַ דזשאָנגל אין דער סאַמע לעצטער מינוט פֿון דער גרעסטער געפֿאַר און אָפּגערעכנט זיך מיט אונדזערע שונאים. עס מאַכט זיך אויך אַמאָל ביי וועמען אַ „מעדזשיק טריק".

אַ „מעדזשיק טריק" איז ביי די קינדער גאָר אַן אוצר. מען רינגלט באַלד אַרום דאָס יינגל. יעדער איינער וויל זיין דער נאָענטסטער צו אים. מען חנפֿעט זיך צו אים, מען טראַכט אויס אַלערליי טובות, וואָס מ'האָט אים כלומרשט געטאָן. איינער דערמאָנט אים, אַז „ווען ניט ער, וואָלט מען אים, דעם אייגנטימער פֿון דעם „מעדזשיק", געוועזן אָנגעבראָכן די

# היימישע מענטשן

ביינער אויפן באַרג לעבן סקול. אַן אַנדערער, וואָס איז אַ „גאַרד" אין סקול, דערמאָנט אים, אַז ער האָט אים געקאָנט „רעפּאָרטן" צום לערער פאַר אַריבערגיין דעם וועג נישט אין צייט. ער האָט עס אַליין געזען, נאָר גאָרנישט. זאָל ער בעסער ווייזן דעם טריק, וואָרים „אַז ניט . . . אַז ניט וועל איך דיך נישט לאָזן פאָרן אויף מיין „באַיק"! — מישט זיך אַריין אַ דריטער.

ביז ס'ווערט אַ שטיקל קריגערייַ צווישן די קינדער. יעדערער וויל באַווייזן, אַז דער צווייטער באַרימט זיך נאָר און מען באַשליסט, אַז ס'הויבט זיך נישט אָן, עס לאָזט זיך נישט אויס. עס איז גאָר איבער־הויפּט נישטאָ קיין „מעדזשיק".

„אַזוי!" — שרייט אויס דאָס קינד, בלייבט שטיין אַ ווילע און הויבט אָן רעדן מיט אַזאַ אויטאָריטעט און אַזעלכע אָנשטעלן, פּונקט ווי דער קונצנמאַכער אין קוני־איילאַנד, וואָס ער האָט אַמאָל געזען. ער טוט אַ שטרעק אויס דאָס הענטל, אַ טרייסל מיטן אַרבל און קוקט זיך אַרום ביז אַלע ווערן שטיל. דאַן גיט ער אַ פרעג:

— האָב איך עפּעס אין אַרבל?

די קינדער באַטראַכטן דעם אַרבל און ענטפערן:

— ניין!

— אַלרייט, איצטער זעט!

און די קינדער קוקן מיט איינגעהאַלטענעם אָטעם ווי ער דרייט מיט דער רעכטער האַנט אין דער לופטן און זאָגט דערביי: „האָקוס, פּאָקוס, טשימבי אָקוס" און טוט מיט גרויס זיכערקייט אַ שאָקל מיטן אַרבל און —

— טאָקע גאָרנישט! — שרייען אויס די קינדער.

— שאָקל נאָך — אפשר וועט זיך זיך עפּעס באַווייזן! — עצהן די קינדער און ווילן אים שוין אַריינקוקן אין אַרבל, נאָר ער לאָזט זיך נישט און גייט אַוועק אַ פאַרשעמטער.

— אָט איז די פּעני, וואָס איז אַרויסגעפאַלן פון אַרבל! — שרייט אים איינער נאָך.

זיי טומלען זיך נאָך אַביסל, ביז מען דערזעט אַ סאָלדאַט, וואָס איז אויף אורלויב. ער טראָגט בייטלען מיט שפּייז, וואָס ער האָט איינגע־קויפט אין דער גראָסערי פאַר דער מאַמען, ווי אַמאָל ווען ער איז נאָך קיין זעלנער נישט געווען און געשפּילט באָל אין מיטן גאַס. זיי קענען אים און געדענקען דאָס.

איצט קוקן זיי אויף אים מיט גרויס דרך־ארץ, זייערע אויגן זיינען

# שלמה וואַסערמאַן

איינגעגעסן אין די צייכנס, וואָס אויף זיין אַרבל און אויף זיין ברוסט. זייער אָטעם איז איינגעהאַלטן בעת זיי גייען אים פאַרביי. דאַן הויבן זיי זיך אָן צו סודען וועגן דער באַדייטונג פון די צייכנס. אַלע האַלטן זיך פאַר קענער און ווייסער. זיי טייטשן אַלץ אויף זייער אייגענעם שטייגער, ביז ס׳קומט צו הויכע טענער און מען הייבט זיך אָן וועטן.

— איך וועט, אַז ער איז שוין געווען אויף יענער זייט ים!

— איבערן אַטלאַנטיק?

— ניין, פאַסיפיק!

— ער איז אַ פּיילאָט!

— איך וועט, אַ באָמבאַרדירער!

— איך וועט, אַ מעקעניק!

אַזוי אַמפּערט מען זיך, די אויגן פינקלען, פריש, געזונט. די קעפּלעך: שוואַרץ, בלאָנד, ברוין. מען שפּאַרט זיך, מען בעט זיך איבער. די שטימעלעך קלינגען העל איבער די פרייע שטיקער פעלד אויפן וועג אין סקול אַריין.

נאָר אייב גייט זיך באַזונדער. ער האָט זיך זיין וועלטל. ער גייט מיט אַ פריש פאַרקעמט קעפּל, אַ ווייס געפּרעסט העמדל, אָפּגעפּוצטע שיך און שפּילט זיך מיט אַ „יאָ־יאָ".

די „יאָ־יאָ" איז פאַרשלייפט מיט אַ דין שנירל אויפן מיטלסטן פינגער פון זיין הענטל. אויפן צווייטן עק שנירל איז צוגעבונדן אַ שיין קאָלירט רעדל, וואָס דרייט זיך אויפן שנורל אַרויף און אַראָפּ לויט דער באַוועגונג פון זיין פינגער.

יעדער דריי האָט אַ נאָמען. אַז דאָס רעדל הייבט זיך אָן צו וויקלען לעבן זיינע פיס, זאָגט ער „וואָק דהי דאָג" (שפּאַציר מיטן הונט). באַלד טוט זיך דאָס אַ דריי אין דער לופטן אַרום און אַרום, איז עס „עראַונד דהי וואָירלד", (אַרום דער וועלט). אָט באַוועגט זיך דאָס שוין מיט אַ פאַרקלענערטן אימפּעט, ווי אָן אומרו פון אַ זייגער: „ראַק דהי קרעידל" (וויג דאָס וויגל). פּלוצים הייבט זיך דאָס אָן דרייען אויף איין אָרט ווי אַרום דער אייגענער אַקס. „סל־יי־פּ" (שלאָף) — זאָגט ער לאַנגזאַם.

און זיין אויסגעצערט פּנימל ווייזט, אַז ער האָט גרויס הנאה פון דעם שפּיל. ער וואָלט געקושט די „יאָ־יאָ", וואָס ברענגט אַרויס אַזוי וואונדערלעך זיינע וואונטשן. דורך בלויז אַ מאַך מיט זיין הענטל, פירט אים די „יאָ־יאָ" אַוועק וואוהין נאָר ער וויל. ווען דאָס זאָל נאָך קאָנען ווערן אַן עראָפּלאַן, — אַן עראָפּלאַן, וואָס זאָל קאָנען פליען העכער און ווייטער ווי אַלע עראָפּלאַנען אין דער וועלט, וואָלט ער אַוועקגעפלויגן קיין פוילן

# היימישע מענטשן

צו זיין בּאָבען מיט אַ סך עסן פֿאַר איר מיט די פּעטערס און מומעס, ווע־מען די נאַצים שלאָגן. ער וואָלט זיי אַלע געבּראַכט אַהער. ער וואָלט געזאָגט דער מאַמען:

— זעסט וואָס פֿאַר אַ „יאָ־יאָ״ דאָס איז! כ׳האָב דיר געזאָגט, אַז פֿאַר אַ קוואָדער איז גאָר אַן אַנדערע ווי פֿאַר צען סענט. איצט איז די בּאָבע מיט אונדז און אויס זאָרג! צו דער בּאָבע וועל איך רעדן יידיש.

דער טאַטע וועט אַריינרוקן די האַנט אין קעשענע, וועט אַרויסנע־מען געלט און זאָגן: „נאַ קויף דיר נאָך אַ „יאָ־יאָ״, מיט לעכעלעך, וואָס פּייפט ווען עס דרייט זיך. האָסט זיך עס פֿאַרדינט״ . . .

הינטער זיינע פּלייצעס וואַקסט אויס פּעט, אַ ייִנגל אויף וועמען די מאַמע זיינע זאָגט, אַז מען דאַרף אויף אים קרחס אוצרות, ווייל איידער מען קוקט זיך אַרום זיינען שוין די שיך ביי אים צעטראָגן אָדער די הויזן צו קליין. ער רופט אויס: „העי אייבי, ספּאַגעטי קאָנסטו מאַכן?״ — און זיינע קינדישע אויגן קוקן פֿול מיט דערוואַרטונגען.

אייביס ברוינע אויגן ווערן צעשראָקן, איבערראַשט ווי ביי אַ קליין הירשל. ער זוכט אויף שנעל עפּעס אַן ענטפֿער אין מוח ווי נישט אויס־צוגעבן, אַז ציען דאָס דינע שנירל אויף זיינע פֿינגער, בעת דאָס רעדל דרייט זיך, ווי מען ציט די לאַנגע ספּאַגעטי פֿון טעלער — קאָן ער נאָך נישט. נאָר ענטפֿערן ענטפֿערט ער: „עך, אויך מיר אַ קונץ! אַ ביי־בי קאָן דאָס באַווייזן! און ער באַהאַלט באַלד די „יאָ־יאָ״ אין קעשענע אַריין.

פּעט בלייבט אַ געפּלעפּטער: זע נאָר, אַ בייבי קאָן דאָס באַווייזן און ער קאָן נאָך נישט די קונץ! נאָר ער וועט אויך נישט אויסזאָגן.

ער וועט אייבין נישט בעטן אים דאָס אויסלערנען, זאָל אייבי בע־סער באַווייזן צי ער אַליין קאָן! נאָר אייבי טראַכט שוין וועגן עפּעס אַנ־דערש און גיט אים אַ פֿרעג: „אין אַן עראָפּלאַן וואָלסטו געוואָלט פֿליען?״

— אין אַן עראָפּלאַן? פֿאַרוואָס נישט! — ענטפֿערט פּעטי מיט באַ־גייסטערונג.

— דיין בּאָבע איז אויך ביי די נאַצים?

— ניין, מיין בּאָבע מיטן זיידן זיינען אין בראָנזוויל.

— יע!? זיי האָבן וואָס צו עסן?

— זיכער! זיי ברענגען מיר גוטע זאַכן.

— אַלע בּאָבעס ברענגען גוטע זאַכן?

— אַלע! דערפֿאַר איז זי דאָך אַ בּאָבע.

## שלמה וואַסערמאַן

איז אייבי שטאַרק מקנא פּעטן, וואָס ער האָט דאָ זיין באָבע. ער גייט באָענגט לעבן אים, הערט וואָס יענער דערציילט אים און ער טראַכט אויפן וועג אין סקול אַריין: „אוי, ווען נישט די מלחמה וואָלט איך דאָ אויך געהאַט מיין באָבען".

# אין שפּיטאָל

אויף די ווענט פון שפּיטאָל־צימער האָבן זיך געוויגט שאָטנס פון ביימער. אַ שטיקל בלויער הימל איז געהאַנגען קעגן פענצטער און דער־ציילט פון אַ גאָלדענעם האַרבסט־טאָג, וואָס איז אָנגעגאָסן מיט זון און ליכט און ליב־צאַרטער וואַרעמקייט.

אַ ווייטער אָפּהילך פון לויפנדיקע אויטאָמאָבילן און טראַקס האָבן איר געבראַכט אַ גרוס פון דעם לעבן אין דרויסן, וואָס איז געאייל, טומל, געפּילדער, הו־האַ, טרויער, פרייד — אַ לעבן, אין וועלכן זי האָט ערשט ביז אַנומלטן געהאָלפן וועבן מיט רעגנבויגן קאָלירן.

איצט איז זי ווי דורך אַ בייזן כישוף אַוועקגעריסן געוואָרן אין מיטן שפּינען און אַריינגעשטויסן געוואָרן צווישן פיר ווענט מיט אַ שטרענגן אָנזאָג פון דאָקטער:

„רואיק זיין, רו און בלויז רו".

„רו־רו", — קלינגען די ביז איצט פרעמדע ווערטער אין אירע אויערן, אויף וועלכע זי ענטפערט אין געדאַנק: — „איז דאָס דען פּאַר מיינע כוחות צו זיין רואיק?" — און זי פּרובירט אויף אירע עלנבויגנס אויפצוהייבן איר אויבערשטן טייל קערפּער. — „אָט, אָט, אַזוי. אַ־אַ . . . צולהכעיס דעם דאָקטער און צוליב דעם לעבן . . . אַביסעלע העכער, העכער . . ."

עס גייט אָבער ניט. איר קאָפּ פּאַלט צוריק אויפן ווייסן קישן.

מיט אַ דינעם נעפּל־הויך אין די אויגן איז זי געבליבן ליגן אַ דער־שעפּטע, און אַ פּאַרטראַכטע געקוקט אויף דער סטעליע. אַ קלוגער שמייכל האָט געציטערט אויף אירע ליפּן, וועלכע האָבן געמורמלט:

— אַפּנים, דער דאָקטער איז נישט אין גאַנצן משוגע . . .

„אייגנטלעך, וואָס האָב איך צום דאָקטער" — טראַכט זי ווייטער. — „ער האָט בלויז געזאָגט דאָס, וואָס זי האָט זיך אַ סך מאָל געוואונטשן: אַביסל רו. כאָטש אויף עטלעכע וואָכן אויסגלייכן די גלידער, וועלכע בענקען נאָך רואיקייט . . . מ'זאָל אַלץ דערלאַנגען. עס זאָל זיין שאַ, שטיל, די געדאַנקען — זאָרגלאָז, דאָס געמיט — לייכט, פריי און אפשר אַ טראַכט טאָן וועגן זיך אויך . . ."

אָט אַזעלכע וואונטשן פלעגן זיך אַריינגנבענען צו איר אין מוח,

## שלמה וואַסערמאַן

ווען זי איז נאָך אַ טאָג אַרומגיין אין די שעפּער, אויסצוגלייכן אַלער־ליי סיכסוכים צווישן באַלעבאַטים און אַרבעטער, אָדער צווישן אַרבע־טער מיט אַרבעטער, אַריינגעקומען צוריק אין אָפּיס פון דער יוניאָן און געבליבן זיצן אַ מידע ביים דעסק; שנעל פאַררויכערט אַ צי־גאַרעטל, ווי אַ מיטל צו פאַרטרייבן די ערגערנישן, פאַרדרוסן, וועלכע האָבן זיך אָנגעקליבן אין איר ווען, וואָס לעכצט אַזוי שטאַרק נאָך רו.

און ס׳האָט אויסגעזען, ווי צווישן די פיר ווענט אין אָפּיס לעשט זיך אַ צעגליט פייער. עס ווערט שוואַכער, עס צאַנקט און אָט־אָט איז — אויס . . . באַלד אָבער צעקלינגט זיך דער טעלעפאָן: דינג־דינג!

— האַלאָ! . . . יעס . . . וואָס? . . . אַהאַ . . . ניין! ניין! דער אָפּערייטאָר טאָר נישט פאַרלירן קיין צייט פאַר קאָטן און סים־ביינדנדיג... האָ? . . . ניין! . . . דער פאָרמאַן לאָזט נישט דער קאָמיטע אויסטיילן די אַרבעט? . . . אַזוי? אָלרייט, כ׳וועל מאָרגן זיין אין שאָפּ. יאָ, יאָ. גודבאַי! . . .

און דאָס פייער האָט צוריק אָנגעהויבן צו גליען העלער. אין אָפּיס ווערט לעבעדיקער, טומלדיקער. עס קומען אַרבעטער פון שעפּער מיט טענות און פראַגעס און נאָך עצות. איר מידקייט איז שוין אויסגעוועפּט, ווי אַ לייכטער טוי פון דער אויפגייענדיקער זון:

— האַלאָ, ברודער טשערמאַן! וואָס שטייט איר עפּעס אַזוי־אַ? נייער „טראָבל" אין שאָפּ? . . .

— אַלץ הייסט „טראָבל" — צרות! אַז מיר קאָנען נישט סעטלען די פּרייזן. ער רייסט זיך צום אימפּאַרשל טשערמאַן . . .

— „נעווער מיינד" אימפּאַרשל טשערמאַן. ער וועט דאָס אַזוי שנעל נישט קריגן. איר, ווידער, פאַרלירט נישט דאָס געדולד. מען דאַרף נישט זיין אָנגעברוגזט. איך וועל מאָרגן זיין ביי אייך אין שאָפּ. זאָל ער זיך נישט לייגן קיין פייגעלעך אין בוזים, אייער באָס. יאָ, שיעור פאַר־געסן, וואָס מאַכט דזשאָו? אַזוי, נאָך נישטאָ צוריק אין שאָפּ. אָבער ער בעסערט זיך? גוט, גוט, גיט אים איבער מיין גרוס . . .

— אָ, האַלאָ! שוין לאַנג אייך נישט געזען. וואָס מאַכט איר?

— אַזוי וואָלט געווען אָלרייט, ווען די אַרבעט צווישן אונדזערע פיגישערס זאָל געטיילט ווערן גלייך. נאָר מען קריגט זיך צווישן זיך. עס דאַרף עפּעס געטאָן ווערן.

— פאַרוואָס קריגט מען זיך? . . . אַהאַ . . . יע, יע . . . איר מעגט זיך אַלע שעמען. מאָרגן נאָך דער אַרבעט וועט די טשערלעידי מיט די

פינישערס זיין דאָ אין אָפיס, און מיר וועלן זען וואָס דאָרטן קומט פאָר צווישן אייך . . .

— וואָס איז דער מער, פּאָולין ? וואָס עפּעס אַזוי עקסאַיטעד ?

— ווי אַזוי זאָל איך נישט זיין עקסאַיטעד, אַז אויף דער צווייטער וואָך האָט זיך דער פאָרמאַן געכאַפּט, אַז כ׳בין צו קליין פאַר אַ דרעיפּערין.

— וואָס הייסט ?

— ער זאָגט, אַז איך דאַרף צו אָפּט אַראָפּלאָזן די פיגור.

— אַ נײַ משוגעת ! איך וועל זיין אין שאָפּ באַלד אין דער פרי און אים מאַכן אַ שוואַרצן סוף ! אַזאַ משוגענער ! אַן איינפאַל — צו קליין !...

איצט איז זי שוין צוריק פלאַם. אַ פלאַם, וואָס האָט זיך צעצונדן דאַן ווען זי איז נאָך כמעט אַ קינד געווען און, לויט דעם געזעץ — צו יונג צו אַרבעטן. אָבער לעבן האָט זיך געוואָלט און העלפן אויפהאַלטן דאָס לעבן פון דער פאַמיליע האָט זי באַדאַרפט, האָט זי פאַרט געמוזט גיין אַרבעטן . . . און אַז דער אינספּעקטאָר האָט זיך פּלוצים באַוויזן אין שאַפּ, איז דער באָס געוואָרן בלאַס, די אַרבעטער צעטומלט, און איידער זי אַליין האָט נאָך באַוויזן צו פאַרשטיין וואָס עס קומט דאָ פאָר, האָבן זיי פון רחמנות און אַרבעטער־אחדות זי אַ כאַפּ געטאָן ווי אַ מאַמע־קאַץ איר אומבאַהאָלפן קעצעלע און זי אַריינגעוואָרפן אין וועיסט־בעסקעט, וואָס איז געשטאַנען אין שאַפּ. אַריינגעוואָרפן, זי איבערגעדעקט און שאַ, — גאָרנישט האָט פּאַסירט . . .

ווען מ׳האָט זי שפּעטער אַרויסגענומען, איז זי געווען בלאַס, מיט קאַלטן שווייס אויף איר שטערן, און מיט קינדישער אומבאַהאָלפנקייט גע־קוקט אויף די אַרבעטער, וועלכע האָבן זי באַגריסט מיט זיגערישער פרייד, גלייך ווי מ׳וואָלט זי פון אַ פייער פאַרהיט.

— נו, די געפאַר איז אַריבער, — האָט מען איר אָנגעזאָגט, — ביסט געבליבן אויפן דזשאַב.

באַלד איז זי געזעסן צוריק ביי דער אַרבעט. „ס׳איז שלעכט. פאַר דעם באָס — מורא האָבן, ער טוט אַ טובה, וואָס ער האַלט מיך אין שאַפּ ; פאַר דעם אינספּעקטאָר בין איך אַ פאַרברעכערין פון געזעץ, אָבער לעבן דאַרף מען דאָך פאַרט. ווי אַזוי־זשע קאָן מען דאָס באַווייזן ? פאַרוואָס מוז דאָס אַלץ זיין אַזוי ? פאַר־וואָס־אָס ?" . . .

דעם ענטפער האָט זי געקראָגן מיט אַ צייט שפּעטער אין קופּער יו־ניאָן. זי איז נאָך אויך געווען צו יונג און מען האָט זי נישט געוואָלט אַריינלאָזן.

## שלמה וואַסערמאַן

— נישט פאַר דיר, מיידעלע, איז דער מיטינג היינט. ס'איז פאַר די וועלכע אַרבעטן, — האָט איר אַ מאַן ביי דער טיר אָנגעזאָגט.

— איך אַרבעט.

— אַרבעטסט? — פרעגט איבער דער מאַן, קוקט מיט באַדויערן אויף איר און טראַכט: „אַ קינד. אַרבעט. גייט גלייך מיט די גרויסע... אַ לייטיש קינד. אפשר וועט זי עפּעס לערנען פון דעם, וואָס מ'וועט היינט דאָ רעדן?... אפשר וועט זי אָנגעהויכט ווערן מיט דעם גייסט פון די וועיסטמאַכער?..."

— גיי אַריין, מיידל, גיי, — האָט ער מיט אַ מילדן טאָן געזאָגט און געעפנט די טיר פאַר איר.

זי שטייט אויף די שפּיץ־פינגער, פאַררייסט דעם קאָפּ, נאָר קאָן נישט זען ווער עס רעדט. אָבער קיין אונטערשייד איז דאָס נישט. אַז מען רעדט סיי ווי סיי, דאַכט זיך, פון איר שאַפּ. אָבער ווי קומט דאָס? מען רעדט דאָך פון אַ שאַפּ מיט אַן אַנדערן נאָמען? איז, הייסט דאָס, אין אַנדערע שעפּער אויך אַזוי? מען פּראָטעסטירט. ס'הילכן די ווערטער „סטרייק". מען פּאַטשט בראַוואָ... זי אויך. בראַוואָ! — האָט איר שטימע דאָס ערשטע מאָל אויסגעשריען איר אָנגעזאַמלטן פאַרדראָס און באַליידיקונג, וואָס איז איצט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ לויטער פייערל, און וואָס האָט אין שפּעטערדיקע יאָרן געלויכטן און געוואַרעמט אַפילו אינעם שווערן קאַמף אויף דער פּיקעט־לאַין מיט די גענגסטערס.

פּלוצים האָט זיך איצטער אין שפּיטאָל דאָס פייערל ווידער צע־לויכטן.

„וואָס איז געוואָרן ביים אומפּאַרטייאישן טשערמאַן מיט דעם אָפּגע־זאָגטן אַרבעטער? ווער האָט געוואונען, דער באָס, אָדער דער אַרבע־טער? דער אַרבעטער האָט נישט געטאָרט פאַרלירן! אפשר קאָן מען אָפּלייגן דעם משפט ביז זי וועט געזונט ווערן? זי האָט אַזעלכע גוטע אַרגומענטן צו פאַרטיידיקן... אפשר איז נאָך נישט צו שפּעט?..."

ווי אַ פאַרוואונדעטע אין שלאַכטפעלד, וואָס וויל מיט אַלע כוחות זיך צוריק באַהעפטן מיט אייגענע, האָט זי לאַנגזאַם אויסגעצויגן די האַנט. שטיל, דער פיינט זאָל נישט באַמערקן.

אָט איז דער טעלעפאָן! — האָט זי געשמייכלט צום טעלעפאָן־טרייבל ווי צו אַן אַלטן פריינט, וואָס פאַרבינדט זי מיט דער פרייער וועלט.

— האַלאָ!... די יוניאָן?... איך... יאָ... כ'בין אַל־רייט... וואָס איז געוואָרן מיט דער „קעיס"? האַ?...

## הײמישע מענטשן

די נוירס איז געבליבן שטײן אַ דערשטױנטע אין דער טיר:
— װאָס טוט איר? נישט באַװעגן זיך! רואיק זײַן!
זי האָט אַ פֿאַרשולדיקטע אָפּגעגעבן דאָס טעלעפֿאָן־טרײַבל דער נוירס, און מיט אַ שמײכל שטיל אַרױסגערעדט:
— באַװעגונג איז מײַן בעסטע רו!

# די אַלטע פינישערין

אין שאַפּ ווייסט קיינער נישט וואו זי וואוינט. מ'זאָגט, אַז ערגעץ אין אַ קליין צימערל אין אַן אַלטן באָרדינג־הויז. אַנדערע — אַז אין אַ שיינעם אַפּאַרטמענט אויף ריווערסייד־דרייוו. אויך זאָגט מען, אַז זי האָט דאָ קיינעם נישט. נישט קיין קרובים, נישט קיין פריינט. אירע יאָרן זיינען אַ סוד פאַר אַלעמען, נאָר מען איז זיך משער פון אירע גרייז־גרויע האָר און געבויגענעם רוקן, אַז זי מוז שוין זיין גאַנץ אַלט, אפשר אין די זיבעציקער.

מען וואונדערט זיך פאַרוואָס זי קומט צו דער אַרבעט פריער פון די אַנדערע פינישערינס. זי זעצט זיך אין איר ווינקל ביים לאַנגן הילצער־נעם טיש, ציילט איבער די נאָדלען, וועלכע זי לאָזט איבערנעכטיקן אינעם נאָדל־קישעלע אויפן ברעג טיש, פּרובירט זיי אויס, די שפּיצן — שאַרף, נישט פאַרראָסטעט—בליאַסקען. האָט זי שוין מער ניט וואָס צו טאָן, זיצט זי און וואַרט ביז דער שאַפּ־טשערמאַן לאָזט די עלעקטריע פון די מאַ־שינען. דאַן נעמט זי זיך אַן אויפגעריכטע צו דער אַרבעט, צו פאַרגעסן וואָס שנעלער די איינזאַמע שלאָפלאָזע נאַכט און דעם פּוסטן פרימאָרגן.

נאָר מיטן אָנקומען פון די איבעריקע פינישערינס און דעם באַלעבטן גערעדעריי זייערן פון פאַמיליע־לעבן, משפחה, קינדער, מאַן, געליבטער, ווערט זי אומעטיק. זי דערפילט אַן אינערלעכע אויסגעהוילטקייט. איר איינגעדאַרטער גוף ווערט נאָך דריבנער, אַקוראַט ווי זי וואָלט זיך אַליין פרעגן: — נו, וואָס שווייגסטו? האָסט גאָרנישט צו דערציילן פון דיין לעבן?

אויף אירע אַלטע ליפּן ציטערט אויף אַ קרום פאַרשעמטער שמייכל צו איר איינציקער פריינדין, דער אייביק־יונגער נאַקעטער נאָדל, וועלכע זי האָט געהאַלטן געטריי אין די ערגסטע צייטן פון אַרבעטלאָזיקייט, פון ביטערע סטרייקס, סטאַפּעדזשעס, לאָקאַוטס, און צעטאַנצט זיך פריי־לעך מיט אירע פינגער איבער זיידנס און איבער געוואַנט — נאָך אַ גע־ווינס פון דער יוניאָן.

נאָר איצט איז שוין די נאָדל אין אירע פינגער אַ וואָגלענדיקע. זי זוכט מיט איר אָנצוכאַפּן די דינסטע זייד־געוועבן, ווי אַמאָל — ס'זאָלן זיך קיין שטעך נישט אָנזען אויף דער רעכטער זייט — האַלט זי דערביי אַנ־

געשפּיצט אירע בלאַסע אויער־לעפּלעך צו די רכילותן, וואָס מען טרייבט אָפּט וועגן איר.

זי ווייסט שוין, אַז ווען ס'איז דאָ גענוג אַרבעט און די פינישערינס איז גוט אויפן האַרצן, הויבן זיי אָן צווישן זיך כלומרשט צו טרעפן וועגן איר:

— האָט זי טאַקע קיינמאָל נישט חתונה־געהאַט?

— איז נישט קיין רחמנות אויף איר?

— לאָמיר זי חתונה־מאַכן.

— „בעסער שפּעטער איידער קיינמאָל נישט".

און מען נעמט איר שדכנען חתנים: אַ זעקס־פוסיקן יונגנמאַן, וואָס דאַרף גיין אין דער אַרמיי. אָדער דעם אַלטן פּרעסער, וואָס שלעפּט נאָך קוים די פיס, צי גאָר דעם אַלטן בחור דעם קאַרגן, וועלכער זוכט אַ ווייב וואָס זאָל אַרבעטן פאַר אים.

די אַלטע פינישערין הערט דאָס אַלץ פון דער זייט און בויגט דעם גרויען קאָפּ נאָך נידעריקער צו דער איינציקער חברטע — דער נאָדל. אין די ווינקלען פון אירע מאַטע אויגן צעגליט זיך אַן איינגעהאַלטענער צאָרן, דער זעלבער צאָרן, וואָס טליעט אָפּט ביי די פינישערינס, ווען זיי לעבן נישט בשלום צווישן זיך, ווייל ס'הויבט שוין אָן צו „טאָגן" אין דער אַר־בעט. מען לאָזט איר פילן, אַז זי נעמט ביי זיי צו דאָס שטיקל ברויט פון מויל און מען טוט אַ זאָג אַזוי זיך אין דער וועלט אַריין:

— וואָס טוט זי אין שאָפּ? זי קאָן דאָך שוין לעבן פון „אָלד עידזש פּענשאָן . . .

איר קאָפּ גיט אַ ציטער אויף איר דינעם האַלדז, ווי זי וואָלט שטאַרק פּראָטעסטירט פאַר וואָס מען גריבלט זיך אין איר פּערזענלעכן לעבן. זי איז אַ דם־שונא יענע, וועלכע דערמאָנען איר אירע יאָרן. יאָרן, וועלכע האָבן — ווי אַ שווערע לאַסט — זיך אָנגעקליבן, אויסגעבויגן איר רוקן, ווייס געמאַכט אירע ווייך־בלאָנדע האָר, אויסגעלאָשן דעם גלאַנץ פון אירע בלויע אויגן און פאַרצערט דעם פרויען־רייץ פון איר שלאַנקן קערפּער...

אירע אָדערדיקע הענט ציטערן אַזש פון פאַרדראָס:

„וואָס שטעכט זיי אין די אויגן מיינע יאָרן? כ'האָב זיי דען ביי ווע־מען צוגענומען? פאַרוואָס בין איך אַלעמען אין וועג? איך האָב די זעל־בע רעכט אויף אַרבעט ווי זיי" . . .

נאָר די נאָדל גליטשט זיך אַראָפּ פונעם פינגערהוט אויף דער איינ־געטריקנטער הויט פון פינגער. ס'קומען אַרויס בלאַס־רויטע פלעקן אויף

# שלמה וואַסערמאַן

אירע מאַגערע באַקן. די אַרבעט פאַלט פון די הענט אויף איר איינגע־שרומפּענעם שויס. ס׳איז איר הייס. זי גלייכט אויס דעם קאָפּ, ווישט אויס די אויגנגלעזער, קוקט אויף די פּינישערינס, ווי אויף שונאים, און נעמט זיך מיט פרישער אַנטשלאָסנקייט צו דער אַרבעט:

„אַ־האַ, טעסי די פּינישערין איז נאָך פּינישערין, ווי אַמאָל!״ — זאָגט זי זיך אין געדאַנק, דערמאָנענדיק זיך, וואָס מען פלעגט אַמאָל זאָגן וועגן איר — „גאָלדענע פינגער . . . טעסי מאַך מיר דעם סעמפּל! די נאָדל איז רירעוודיק, שפּילעוודיק . . . שטעכעלעך — פּערל . . . איינס אין איינס — פּ־ע־ר־ע־ל־ע־ך״ . . .

— זי קוילעט מיר די דרעסעס! זע נאָר אַ געניי! ס׳איז נישט קיין אַרבעט! — צעשרייט זיך אָפּט די פאָרלעידי און וועקט זי אויף פונעם זיסן חלום פון דעם אַמאָל.

פון דער פאָרלעידיס שרייען ווערט זי עפּעס אַזוי ווי קלענער, דיי־נער, אַקוראַט ווי זי וואָלט זיך וועלן איינציען אין איר אייגענער הויט פאַר שאַנד, וואָס יענע ליאַרעמט אויס איבערן שאָפּ איר שלעכטע אַרבעט.

— זע נאָר, פאַרדרייט, פאַרצויגן! שטעך — אַ שפּאַן. גראָב — אַ פאַליסמאַן קאָן פאַלן איבער זיי! פאַר אַ מושב־זקנים טויג זי. נישט פאַר קיין שאָפּ!

— געוועט מיינד, מושב־זקנים! וואַרפט זיך נאָר נישט מיט קיין מענטשן! — שרייט צוריק דער שאָפּ־טשערמאַן, פילנדיק אויף זיך דער פּינישערינס בליקן וועלכע בעטן זיך:

„מענטשן, וואָס וויל מען פון מיר? פאַרוואָס וואַרפט מען מיר אַלע־מאָל פאַר די יאָרן ווי אַ זינד? אַן אַרבעט בין איך עלנט, אַן שאָפּ בין איך אָן אַ היים. איך אַרבעט דאָך פלייסיק ווי תמיד, שטעכעלעך—פּ־ע־ר־ל...״

— מאַלע מען מאַכט אַמאָל נישט אַזוי הונדערט פּראָצענט, עס טרעפט זיך. איז וואָס אַזעלכע קולות? זי זאָגט זיך דען אָפּ צו פיקסן? — טענהט דער טשערמאַן צו דער פאָרלעידי און באַרואיקט די אַלטע פּי־נישערין, — נישט געפערלעך. טעותן מאַכן אַלע מענטשן, יונגע ווי אַל־טע.

אָבער איין זאַך וויל זי בלויז וויסן: פאַרוואָס האָט מען געוואָרפן אַן אומחן אויף איר אַרבעט? אַזויפיל יאָרן איז איר פינישינג געווען גוט, מיטאַמאָל — אויס. טויג נישט. פאַרוואָס?

זי דערפילט אַ שטילן איינגעהאַלטענעם געלעכטער אַרום זיך. אַ געלעכטער פון אייניקלעך איבער דער אַלטער באָבעס קינדישע פראַגעס

און טענות. אַ געלעכטער, וואָס מיינט: אַלט, אויסגעשפּילט, אָפּגעדאַוונט . . .

און דאָס שטילע געלעכטער דערקייקלט זיך איבערן שאַפּ, וועבט זיך איין אינעם טומל פון די ביי־מאַשינען, פּרעס־אייזנס, שנייד־מאַשינען און ס'דאַכט זיך, ווי אַלץ און אַלע שרייען אין כאָר: „אַלט . . . דיין אַרבעט איז פאַרדרייט . . . שטעך — גרויס, קרום . . . ביסט הינטערשטעליק — אַלט . . .״

זי כאַפּט אַ בליק אין דער דערבייאיקער באָקס מיט אויסגעטיילטער אַרבעט, וואָס רעדט צו איר: „שנעלער, גיב זיך אַ ריר, מיר וואַרטן אויף דיינע הענט!״ . . . זי טוט זיך אַ צאַפּל און פאַרענטפערט זיך אין געדאַנק: „ניין, כ'בין נישט הינטערשטעליק. איך אַרבעט ווי אַלעמאָל . . . נאָר זיי, די אַנדערע פינישערינס, יאָגן זיך. זיי מאַכן צו שנעל און לאָזן מיך אַליין. אומעטום אַליין . . . דאָס גאַנצע לעבן אַליין . . . אַלע איילן זיך . . . מ'האָט חתונה־געהאַט, קינדער אויפגעצויגן, נייע משפחות האָבן זיך פאַרצווייגט, און איך—ווי אַ נאָדל אָן אַ פאָדעם—אויסגעוואָרצלט...״

מיטאָג־צייט בלייבט זי מיט איר סענדוויטש ביים פינישער־טיש. נאָכן עסן ציילט זי די פאַרדינסטן לויט די אָפּגעשניטענע טיקעטלעך. זי טוט אַ טיפן זיפץ: שוין שווער אַפילו זיך אַליין אויסצוהאַלטן, טיקעטלעך ווערן אַלץ ווינציקער . . .

זי לייגט די טיקעטלעך צוריק אַריין אינעם האַנט־בייטל, וואו עס ליגט אַן אָפּגעריבן בילדל פון לאַנגע יאָרן צוריק פון איר יוגנט, מיט אַ שיינעם בלאָנדן קאָפּ אָנגעלענט אויפן אַקסל פון איר געליבטן . . . ווי לאַנג צוריק איז דאָס געווען? — טיפע פרייד, פריינט, גליקלעכע טענץ, שטילע פאַרבענקטע אָוונטן, סודותדיקערביימער־גערויש, זיסע פרילינג־ריחות . . .

אַ שאָרך אין שאַפּ צווישן די דרעסעס. אויף שנעל באַהאַלט זי דאָס בילדל לעבן דעם בריוו פון דער יוניאָן, וואָס באַפרייט זי פון מיטגליד־אָפּצאָל צוליב איר עלטער.

„אַלט, אַלט״, — רעדט די שטילקייט פון מיטאָג־שעה אינעם שאַפּ, און זי גרייט זיך שוין ווידער צו דער אַרבעט, אָנצויאָגן, נישט צו בלייבן הינטערשטעליק, נישט צו בלייבן אַליין . . .

# אַ פּעטערן־מאַכער

משה לעקטאָר, דער פּעטערן־מאַכער, מיט גרויסעברילן אויף קאַל־מוטנע אויגן, פּאַרעט זיך מיט אַ קליידל, וואָס איז אַרויפגעצויגן אויף אַן אויסגעשטאָפּטער פיגור און פּאַנפּעט געמיטלעך עפּעס אַ געמיש פון פּאַר־שיידענע חזנישע שטיקלעך.

פּלוצים בלייבט ער שטיל, פאַרחידושט — עפּעס שטימט דאָ ניט אין דעם קלייד.

ער דרייט איבער דאָס קלייד מיט די רויע נעט אַרויף, מעסט מיט די אויגן דאָס געניי, טראַכט פאַרזאָרגט און מעלקט דערווייל מיט צווי פינ־גער די גערינצלטע הויט אונטער זיין גאָמבע, וואָס ציט זיך ביזן שפּיציקן גאָרגל־קנאָפּ, און טענהט צו זיך אַליין:

— איך זאָל מאַכן אַ „מיסטעיק"? — אוממעגלעך! כ'מוז אויסגע־פינען ווער ס'האָט מיר איבערגעפּירט דעם גאַרמענט . . .

זיין פּנים הויבט זיך אָן צו קרימען, ווי פון בויך־גרימעניש. ער גיט אַ שלעפּ אַראָפּ די האָרן־באַרעמלטע ברילן, און ווישט אויס די אָנגעמוליע־טע קאַרבן אויף דער נאָז. זיין מלמדיש־בלאַסער קאַרק ווערט אָנגעצונדן, גלייך מ'וואָלט אים אָפּגעפּאַרעט מיט קאָכיקע וואַסער און — אַהאַ ער האָט דעם שולדיקן!

— העי, דו, בלייענער פויגל, — שרייט ער צום „דובליקעיט"־מאַ־כער, — וואָס האָסטו מיר דאָ אָפּגעטאָן?

— וועמען מיינט איר? — פרעגט יענער אומשולדיק.

— ניט ראַקעפּעלערן, נאָר דיך. — ענטפערט משה.

— וואָס־זשע?

— וואָס פאַר־אַ נעטלעך האָסטו דאָ געניייט?

— „רעגעלע סימס", — דריי־פערטל אינטש, ווי אַלעמאָל.

— אַזוי! „רעגעלע סימס"! מיין אויג קאָן מען ניט נאַרן! אַז איך גיב אַ קוק זע איך . . .

— וואָס טויג מיר, וואָס איר זעט? איר האָט אַ „יאַרד־סטיק" — מעסט איבער, וועט איר זען.

— אדרבה, לאָמיר מעסטן, ועסטו באַלד זען, אַז גערעכט בין . . .

— נו? ווער איז גערעכט? — פרעגט זיגעריש דער „דובליקעיט"־מאַכער.

— זיכער בין איך גערעכט! ווייל וואו איז דיין קאָפּ? אַז מ׳זעט, אַז ס׳איז אַזוי־אָ־דאָ, איז נייט מען אַ האָרעלע שמעלערע נעטלעך...

— ווער זאָל וויסן, אַז די וואָרע וועט איינלויפן ביים פּרעסן?...

— „נעווער מיינד״, די וואָרע! כ׳האָב דיר שוין, דאַכט זיך, אַמאָל געזאָגט, אַז דער קאַטער פירט מיר אַלץ איבער. רוק־און־לענד דאַרף מען אים ברעכן, דעם באָטשער, אַזאַ טרפהנער באָטשער!... ניטאָ אויף וועמען זיך צו פאַרלאָזן. כאָטש שנייד, ניי און פּרעס אַליין. אַזאַ „באָנטש״ קאַליקעס! נאָר וואָס איז דאָ צו ריידן, אַז אַלץ באַלאַנגט צו דער יוניאָן. וואו מען גיט זיך אַ ריר — די יוניאָן.

בעת ער נעמט אַראָפּ דאָס קלייד פון דער פיגור, וואַרפט ער אַ זייטיקן בליק צום „דובליקעיט״־מאַכער, וואָס איז שוין צוריק פאַרטאָן אין זיין אַרבעט, צו זען צי יענער ערגערט זיך עפּעס פון זיינע טענות און באַמערקט גאָר אַ באַהאַלטענעם חוזק־שמייכל אויף זיין פּנים...

„אַזוי, ער לאַכט גאָר פון מיר״, — טוט משה אַ מורמל צו זיך, — „וואַרט, איך וועל דיר ווייזן...״

געלאַסן, מיט אַן אומשולדיק שטימעלע, פאַנגט ער אָן:

— אַזוי קוקסטו אויס אַ מענטש ווי אַלע מענטשן, נאָר האָסט צופיל זאַמד אין די אַרבל. פאַרשטייסט, אַז מען דאַרף זיך אַמאָל געבן אַ יאָג, גיט מען זיך אַ יאָג. איך זאָג דיר דאָס פאַר דיין אייגענער טובה־וועגן, ווי אַ גוטער פריינט. כ׳וויל זאָלסט דאָס אינזינען האָבן... אין שטאָט איז קיין שטאָך אַרבעט ניטאָ, — איז האָב־זשע שכל! מזל האָסטו גראָד יאָ, ווייל דו אַרבעטסט דאָ מיט אַ פעטערן־מאַכער, וואָס האָט אַ מענטשלעך האַרץ, און איז ניט קיין קרענק ווי אַנדערע, וואָס דערגייען די יאָרן יענעם פאַר גאָרניט. אַ שטייגער ווי מיין מייסטער, דער באַלעבאָס, ביי וועמען כ׳בין געווען אויף דער לער אין גאַליציע... געאַרבעט האָב איך ביי אים שווער. אַלט בין איך געווען אַ צען יאָר אינגאַנצן, און עסן האָט מען מיר געגעבן דאַרע רייפטלעך ברויט. האָב איך איינמאָל שוין ניט געקאָנט אויסהאַלטן דעם הונגער און געמאָנט מער ברויט. נו, פרעג שוין ניט! האָב איך דעמאָלט געכאַפּט פעטש! פון דאַן־אָן האָב איך אָנגעהויבן גלויבן, אַז ס׳איז פאַראַן ברויט אויף דער וועלט — וויל איך עס איצט האָבן וואָס מער...

אָפּגעזאָגט דאָס, טוט משה זיך אַ קוק אַרום און נעמט העכער שרייען:

— העי, וואָס נייסטו דאָרט, — די דרעס? אויף כפרות דאַרף איך זי! איך דאַרף פריער גאָר האָבן דעם „דזשעקעט״!...

— איך מאַך דאָך דעם „דזשעקעט״. — ענטפערט יענער.

# שלמה וואסערמאַן

— אָ, דעם „דזשעקעט"? — פרעגט איבער דער פעטערן־מאַכער ווי כלומרשט פאַרטראַכט און מיט אַ מילדערער שטימע. ער בלייבט שטיל פאַרטאָן מיט דער אַרבעט און, מיטן ניגונדל פון „אוי־אוי, דער רבי גייט", הויבט ער אָן אונטערצוזינגען:

— אוי, דאָס דזשעקעטל, אוי־אוי־אוי, דאָס דזשעקעטל . . .

פלוצים טוט ער אַ האַק איבער דאָס געזאַנג און וואַרפט צו:

— ווייסטו גאָר וואָס גיב זיך אַ נעם און „פיניש" מיר אַרויס די דרעס!

— די דרעס גאָר? — חידושט זיך יענער.

— וואָס דען, די שיך? זיכער די דרעס. — רייצט זיך משה מיט אים.

— אָ־ל־רייט!

— כ'האָב ליב, אַז דו פאָלגסט מיך, — זאָגט משה מיט אַ צופרידע־נעם אָנשטעל, — דו ווייסט, אַז איך קוק אויף דיר, זעסטו מיר אויס צו זיין ניט קיין שלעכטער מענטש. איך טראַכט, אַז ווען ניט די יוניאָן, וואָלסטו זיכער געווען אַ פיינער יונג, נאָר זי, די יוניאָן דיינע, פירט דיך איבער . . . וואָלסטו געהאַט אַ ביסל מער שכל, וואָלסטו געזען, וואָס איך זע — אַז דיין יוניאָן וועט נאָך אַנטלויפן „אוט־אָוו־טאַון" און דו מיט נאָך אַזעלכע־אָ, וועלן בלייבן הפקר. וועסט זען! ווייסט דאָך, אַז איך זאָג עפּעס, איז עס ניט גלאַט אַזוי אין דער וועלט אַריין . . . בין איך גע־רעכט? ווי דענקסטו? . . .

— איך . . . — איז יענער ניט דרייסט, — איך דענק גאָר אינ־גאַנצן אַנדערש . . .

— די יוניאָן איז נאָר פאַר חצי־באַלמעלאָכעס . . . וואו איז דיין פאַרשטאַנד? אַז דו ווילסט זיך גאָרניט צוהערן! האָסט שוין געהאַלטן אין האַנט דעם דזשעקעט, מאַכט מען אַ סוף! ניט אַוועקלייגן און נאָכאַמאָל אָנפאַנגען . . . אייסעך, ס'איז ניט קיין סיסטעם! עס איז דאָך „קאָמאָן סענס", — רעדט משה לעקטאָר און קוקט אַריבער איבער די ברילן. — אַז דערביי פאַרלירט מען צייט . . .

— אַוודאי!

— ער זאָגט נאָך אַוודאי!

— איר האָט דאָך מיר געהייסן „פינישן" . . .

— געהייסן . . . נו, און אַז כ'וועל דיך הייסן שפרינגען פון דער „עמפּאַיר סטעיט בילדינג" וועסטו שפרינגען? . . . נו־נו, ער האָט נאָך טענות צו מיר — געהייסן . . . דאָס איז דאָך בלויז אַן „עקסיוז"!

## היימישע מענטשן

— וואָס־זשע ווילט איר, זאָל איך איצטער טאָן?

— וואָס זאָלסט איצטער טאָן? אָט דאָס איז דאָך די גאַנצע צרה: מען האָט ניט וואָס צו טאָן און מ׳זיצט און מ׳שווייגט! דאָס זיינען דיינע יוניאָן־רולס? וואו איז מענטשלעכקייט? אַביסל יושר? ... נו, שוין גענוג געגלאָצט מיט די קוקערס! גיב זיך שוין אַ צאַפּל! ... ס׳איז פאַראַן „פּלענטע" מלאכה. גיב אַ פאַרקאַטשע די אַרבל און האָב אינזי־נען, אַז מען דאַרף פאַרטיק מאַכן ... וואָס־זשע נעמסטו אַזאַ פולן סים? ס׳קען זיין אַ האָרעלע דינער, אָט־אַ־זוי, ריכטיק ... אַז דו ווילסט — קענסטו ... — שמייכלט אים משה און טוט מיטאַמאָל אַ גיי איבער, — ווי דענקסטו, זיי וועלן טאַקע אָרגאַניזירן אַלע פּעטערן־מאַכער?

— איך גלויב, אַז יאָ.

— איך מיין, אַז רעגעלע פּעטערן־מאַכערס דאַרפן ניט קיין יוניאָן... דו גויאישער קאָפּ, כ׳האָב דאָך דיר געזאָגט אַ טראָפּעלע גרעבערע בעט־לעך! ... אין אמתן האָב איך קיינמאָל גאָר ניט געהאַט צו דער יוניאָן, נאָר כ׳האָב פיינט זייערע „רולס". דאָס מעגסטו, דאָס טאָרסטו ניט ... כ׳בין שוין, גאָט צו דאַנקען, אַ דערוואַקסענער מענטש און כ׳ווייס שוין וואָס מען מעג און וואָס ... וואָס טוסטו דאָרט? האָסט נאָך אַ סך אַר־בעט? די באָסעס טענהן, אַז ס׳קאָסט זיי צופיל אַ „דובליקעיט" ... איז פאַרשטייסטו, צו וואָס דאַרפן זיי מיך אין דער יוניאָן, כ׳פּעל זיי צום רומל? אַז זיי וועלן האָבן אַ שטאַרקע יוניאָן, וועלן מיר דאַן זען. איך אַנטלויף ניט. מיט מיר קאָנען זיי שטענדיק זיין זיכער ...

— איך האַלט, אַז איר דאַרפט אויך האָבן אַ יוניאָן ...

— זע נאָר, ווער עס גייט מיר אָרגאַניזירן! — כעסט זיך משה לעקטאָר אויפן „דובליקעיט־מאַכער", — איך בין מער יוניאָן־מאַן ווי דו, כאָטש איך האָב ניט קיין יוניאָן־קאַרט ... אָבער אַ מענטשלעך האַרץ האָב איך ... האָב זשע מיר שוין אַ גוט־שבת אין מיטן וואָך! כ׳האָב דאָך דיר געזאָגט אַ נאָדל, אַ טאָטשעלע, אַ האָרעלע, אַ טרייפּל, אַ ג־ע־דאַנ־ק־ען ברייטערע „סימס"! אָט־אַ־זוי־אָ! „דעצראַיט"! ...

— אָט אַזוי? ...

— אַזוי! ...

— נו, מאַך איך דאָך אַזוי, וואָס־זשע ווילט איר?

— אָלרייט, נו, דאַרפסט ניט ווערן „עקסייטעד". איי ביסטו אַ ממזרעץ! כע, כע, כע! אַז דו הערסט זיך צו צו מיר — ביסטו אַ גאָל־דענער באַלמעלאָכע! ... איי, אַן עברה, זאָג איך דיר, וואָס מ׳האָט דיך גאָר אַריינגעלאָזט קיין אַמעריקע — אַז מ׳זאָגט דיר נעם אַריין אַ געדאַנ־

קען! נע, זאָל שוין זיין אַזוי. אפשר ביסטו גערעכט... סעי, דו וועסט גאָרניט קאָנען טאָן, אַז מ׳זאָל מיך ניט „באַדערן" מיט דער יוניאָן? כאָטש וואָס איז דאָ פאַראַנען זיך צו שרעקן? אָן מיר קאָן דאָך אויך זיין אַ יוניאָן... וועל, שוין צופיל זיך פאַררעדט. גיב זיך אַ צאַפּל, ס׳ווערט שפּעט!

משה לעקטאָר פאַרטיפט זיך צוריק אין זיין אַרבעט. ער מעסט ווי־דער, צייכנט, בייט און פאַרגייט זיך אויפסניי מיט זיין ציגן שטימעלע אין אַ חזניש שטיקל:

— אוי, אוי, אוי, אָ־ב־נ־ו מ־ל־כ־נ־ו, אוי אוי...

דער „דובליקעיט־מאַכער" אָטעמט אָפּ פרייער און רעכנט זיך מיט אים אָפּ אין געדאַנק:

„אַזאַ נודניק... אַ נאָדל, אַ האָרעלע ברייטער, אַ געדאַנקען, אַ טרייפל שמעלער; לייג אַוועק, פאַנג אָן, מאַך אַ סוף... — אַזאַ צע־דרייטער!..."

צעפּאַטשט וואָלט ער אים און וואָלט אַוועק. אָבער אַז אין שטאָט איז אַזאַ ביטערער סלעק... דער חלף ליגט ממש אויפן האַלדז... פּרובירט ער ווידער געפינען אַן ענטפער אויף דער אַלטער פראַגע:

— פאַרוואָס זאָל אַן אַרבעטער זיין קעגן אַ יוניאָן?

אין מוח עגבערט די פראַגע. נאָר דערווייל לאַכט ער אויס זיין ווייטיק. ער לאַכט צו דער נאַקעטער נאָדל און מורמלט:

— ער דאַוונט שוין, דער משוגענער. ס׳האָט אים שוין אַביסל נאָכ־געלאָזט...

— נו, וועסט עפּעס טאָן פאַר מיר אין דער יוניאָן? — טוט משה פּלוצים אַ זאָג מיט אַ פריינטלעכן טאָן און האַקט איבער זיינע געדאַנ־קען. — וועסט עפּעס טאָן, באַיעלע?

— זיכער! — ענטפערט דער „דובליקעיט־מאַכער" און לאַכט פאַר־שטיקט אין זיך:

„ער האָט מורא פאַר דער יוניאָן, דער יאָלד..."

זיין אינעווייניקסטער געלעכטער מישט זיך אַדש מיט טרערן פון פאַרדראָס...

# צעשטערטע פרייד

דער יום־טוב איז שוין געווען גאָר נאָענט ווען די רעדלעך אין שאָפּ האָבן זיך אַ ריר געטאָן.

פֿאַר מעני דעם פּרעסער איז דאָס געווען אַ פריילעכע איבעררּאַשונג, ווייל בעת ער האָט שוין געקראָגן דעם דזשאָב נאָך אַ לאַנגער צייט אַר־בעטסלאָזיקייט, האָט ער בלויז די ערשטע צוויי וואָכן געמאַכט פולע און שוין — אויס אַרבעט: אַפילו די אייזנס נאָך רעכט ניט אָנגעוואַרעמט.

מעני האָט דעם סעזאָן שוין געהאַלטן פאַר אַ פאַרלוירענעם. ער האָט שוין געהאַט אויסגערעכנט אויף וואָס ער וועט מוזן קאַרגן, וואָס ער זאָל איינגאַנצן נישט קויפן און וואו ער וועט אויפסניי אפשר קאָנען באָרגן אַביסל געלט אויף דורכצושטופן זיך ביזן נייעם סעזאָן.

נאָר אַז עס האָט זיך אומגעריכט ווידער באַוויזן אַרבעט, האָט ער אָנגעהויבן חשבונען אויף צוריק: אַ מאַנטל פאַרן ווייב? אָדער אפשר גאָר אַ בעטל פאַרן קינד? דאָס אַלטע איז שוין צו קורץ. און וואָס מכוח אַ פּאָר שיכלעך? דאָס וועט מען  מוזן  קויפן . . .

ער רעכנט און הערט זיך צו צום פּולס פונעם שאָפּ: די שנייד־מעסערס זשומען. די ניי־מאַשינען רוישן. די בלאַנקע נאָדלען פינקלען אין די מיידלעכס הענט, וואָס ציען זיך אַרויף־אַראָפּ, באַגלייט מיט שטילן געזאַנג פון ליידן, בענקשאַפט און האָפענונג. — יאָ, דער פּולס פון אַר־בעט קלאַפּט נאָרמאַל! עס טאַנצט דאָס אייזן איבער די זיידענע דרעסעס. דער דאַמף זידט זינגעוודיק. און אַז דער פאָרמאַן גיט אַ זאָג „האָרי־אַפּ" און וואַרפט צו נאָך אַ באַנדל דרעסעס, בליצט אויף אַ נייע האָפענונג: „אפשר וועט שוין קלעקן אויך אויף אַ מתנה פאַרן קינד אויף יום־טוב... שוין אַזוי לאַנג ווי דאָס מאָנט אַ ליאַלקע. אָ, וועט דאָס קינד זיך אַביסל פרייען, וועט דאָס טאַנצן! . . ."

:: : ::

ערב יום־טוב איז אַ שמחהלע אין שאָפּ. אַ מנהג אַזאַ ביים באַלע־באָס געבליבן נאָך פון יענע צייטן, ווען ער האָט קיין שכירות נישט גע־האַט צו צאָלן אין צייט. דאַן איז אים געווען נויטיק צו זיין „פּאַן־בראַט" מיט די אַרבעטער. ער אַליין פלעגט אַרומשמייען איבערן שאָפּ, באַדינען אַלעמען, מיט אַ שמייכל און אַ גלעט פלעגט ער פאַרלאַנגען, אַז די אַר־

בעט זאָל שנעל פאַרטיק ווערן, ביז אַ פאַרמאַן האָט פאַרנומען זיין פּלאַץ. און ער אַליין האָט אָנגעהויבן ווערן אַלץ יונגער, שענער און פרעמדער, — אויס מחותן.

ווייסן שוין די אַרבעטער פון שאַפּ, אַז ער באַווייזט זיך לפנים מיט אַ: „העלאָ באָיעס! עם סאָרי. כ׳בין זייער ביזי. גוד לאָק טו יו . . . גוד־באַי! . . .״

— גוד־באַי!

— גוד לאָק!

און זיי ווערן אַליין די באַלעבאָטים. פלעשלעך פינקלען, פולע גלעזלעך הייבן זיך הויך און שלאָגן זיך אָן:

— לחיים!

— לחיים!

— ס׳זאָל קיין סלעק ניט זיין!

— און ניט קיין חובות!

— מיר זאָלן הערן גוטע בשורות פון יענער זייט ים פון אונדזערע אייגענע!

— אונדזער פאָלק זאָל אויפגעריכט ווערן!

מ׳טרינקט. מ׳דערוואַרעמט זיך און מ׳ווינטשט זיך. עס טוט באַנג, וואָס מען האָט זיך אַמאָל איינער דעם אַנדערן אַריינגעזאָגט אין דער זיבעטער ריפּ אַריין; וואָס מען באַליידיקט און מען פאַרגינט ניט אַמאָל איינער דעם אַנדערן: „אַ גרויסער באָנדל, אַ קליינער באָנדל, אַ סינגל, אַ ספּעשל, קאָלירן — נאַרישקייטן!״

— לאָמיר זיין געזונט!

— אַלע גלייכע קבצנים!

— נו, לאָמיר זיין פריילעך!

— לחיים, לחיים! . . .

דער פאַרמאַן לויפט אַרום איבערן שאַפּ אַ וואַכעדיקער, אַן אָנגעדראָדלטער. עס וואָלט זיך אים אויך געוואָלט אַ הייב טאָן אַ גלעזל משקה און אויסרופן: „לחיים, חברה, וואָס געווען איז . . .״ אָבער . . . אָט איז שוין ווידער דער טעלעפאָן.

:: : ::

די סאָבוועי־פּלאַטפאָרם איז פאַרפּלייצט מיט מענטשן, אַלע גרייט צו שטורעמען די אָנקומענדיקע צוגן, צו פאַרכאַפּן אַ פּלאַץ צום זיצן, אָדער כאָטש אַ באַקוועמען שטיי־פּלאַץ.

# היימישע מענטשן

מעני האָט מיט פרייד אין האַרצן און אַ מתנה אין האַנט זיך אַ שפּאַר געטאָן צו די צעעפנטע טירן. ער טאָר ניט פאַרשפּעטיקן, ער מוז קומען איידער דאָס קינד שלאָפט איין. היינט וועט זיין אַנדערש ווי אַ גאַנץ יאָר. היינט וועט זיין פרייד אין הויז . . . די ליאַלקע איז אַזאַ שיינע, מיט בלויע אויגן, וואָס פאַרמאַכן זיך און עפענען זיך און אַז מען גיט זי אַ בייג — וויינט זי ווי אַ לעבעדיק קינד. אָ, וועט דאָס זיין אַן איבעררראַשונג פאַרן טעכטערל . . .

נאָר אָט־אָט איז געפּאַקט דער וואַגאָן. דער פּלאַטפאָרם־וועכטער איילט אונטער: „האַרי־אַפּ, שטופּט זיך אַריין!". אַ געראַנגל. עלנבויגנס, זייטן, אַקסלען, קניען. דער גלאָק קלינגט און טרייבט: גלינג־גלינג, גלאָנג, גיכער! בלייב ניט אינדרויסן!

— אָ, סאָנאָוואַ . . . מיין פוס!

פויסטן האָבן זיך אַ פלעכט געטאָן אין דער האַלב־טונקעלער שיין, ניט רעכט זעענדיק איינער דעם צווייטן.

אַ בייגעריקע מענטשן־ראָד האָט זיך פאַרהאַלטן אויף אַ ווייַלע און זיך צוגעהערט צו די טענות:

— געאיילט זיך אַהיים, אַנצוזאָגן דער ווייב און קינדער די גוטע בייעס, אַז כ'בין געבליבן אויפן דזשאַב, און ער שטופּט זיך און טרעט אויף מיינע קראַנקע פיס, וואָס זיינען געשוואָלן פון שטיין אַ גאַנצן טאָג ביים שנייד־טיש . . .

— איז דאָס מ י י ן שולד? — פאַרענטפערט זיך מעני, — און איך טאַנץ דען ניט אַ גאַנצן טאָג מיטן פּרעס־אייזן? . . . אַז כ'האָב שוין יאָ דערלעבט צו קויפן אַ מתנה דעם קינד, שלאָגט ער מיר דאָס אַרויס פון דער האַנט . . .

די צעבלוטיקטע נעזער האָבן זיך איצטער גוט אָנגעקוקט. דער כעס אין די אויגן האָט זיך אָנגעהויבן לעשן און חרטה האָט אָנגעהויבן פינקלען פון זיי . . . איין קלאַס . . . איין יוניאָן . . .

— גלינג־גלינג־גלאָנג! גיכער, גיכער! . . .

ביידע קוקן אויף דער צעבראָכענער ליאַלקע, אויף דער צעשטערטער יום־טוב פרייד, וואָס ליגט אונטער די פיס מיט אַ צעפּלאַטשטן שטערן און אַרויסגעזעצטע אויגן.

— ניט באַשערט, — באַדויערט מעני און ער פילט ווי ס'האַרץ ווייטיקט אים.

— איז דאָס דען מיין שולד? אַז עס איז אַזוי ענג . . .

## שלמה וואסערמאַן

— כ׳ווייס ? אַז נאָר מען יאָגט זיך . . .
— גלינג־גלינג־גלאָנג !
— ווער־זשע איז שולדיק ?
מעני האָט אַ לעצטן בליק געוואָרפן אויף דער צעטראָטענער קינ־דישער האָפענונג. ער איז אַריין אין אָנגעקומענעם צוג מיט דער טרייסט, אַז איידער ער וועט אַהיים קומען וועט דאָס קינד שוין שלאָפן.

# פוסטע חלומות...

מעקסעס זון איז געווען אַ באַמבאַרדירער אויף אַ „בי־29" עראָפּלאַן. ער האָט געמאַכט מער ווי זיינע מיסיעס און איז אַהיימגעקומען אַ גאַנצער. אַ בחור — נישט קיין פאַרשלאָפענער, האָט ער אָנגעהויבן זוכן אַרבעט, דערווייל, אַזוי זוכנדיק, אויסגענומען די טשעקס פון זיין אַרבעטלאָזער־פאַרזיכערונג און צו קיין לייטישער באַשעפטיקונג זיך אַלץ נישט דער־שלאָגן.

דער טאַטע רעדט זיך אַראָפּ פון האַרצן ביי דער אַרבעט:

— מיין זונס כלה איז אַ מיידל אַ בריליאַנט. ס'איז גאָר נישט קיין וואונדער וואָס די ליבע ברענט אַזוי ביי זיי, אַז ס'איז אַזש אַ רחמנות אויף די קינדער. פון חתונה־האָבן איז אָפּגערעדט, ווייל ווען עס זאָל שוין געשען דאָס אוממעגלעכע און זיי זאָלן קריגן אַ וואוינונג, איז וואו וועלן זיי נעמען דירה־געלט?

מעקס האָט אַ סך נאָכגעטראַכט, זיך באַראָטן וועגן זיין זונס לאַגע און באַשלאָסן, אַז ער וואָלט זיך באַדאַרפט אויסלערנען פּעטערן־מאַכעריי.

— וואָס עפּעס פונקט פּעטערן־מאַכעריי? — ווילן וויסן די אַרבע־טער אין שאָפּ.

— ווייל כ'וואָלט זיך אַרויסגעוואָרפן דורכן פענצטער, — דער־קלערט מעקס, — ווען כ'זאָל זען, אַז מיין זון מיט אַזעלכע־אַ ברייטע פּליי־צעס, אַ מלחמה־העלד און אַ קאַלעדזש־באָי, זאָל דאַרפן זיצן ביי דער ביי־מאַשין צווישן געבויגענע פּלייצעס, וועלכע באַרעדן איינער דעם אַנ־דערן, רעדן פון באַנדלס, קראַנקהייטן און סעמעטעריס. נאָר אַ פּעטערן־מאַכער איז שוין גאָר עפּעס אַנדערש! ער איז איינער־אַליין אין אַ ווינקל פון שאָפּ, מעסט — און צייכנט, — צו דעם דאַרף מען האָבן שכל און וויסן, און מיין זון האָט עס. און אַז מען קאָן שוין מאַכן אַ גוטן פּעטערן, קאָן זיך, האָף איך, אפשר מאַכן אַ געלעגנהייט צו גיין אין אייגענע ביזנעס.

— איך מאַך אַ וועט! — איז איינשטימיק מאַנדלבוים, אַן אַרבעטער קעגנאיבער מעקסן.

ער הייבט אויף זיין גרויען קאָפּ, טוט אַ צי מיטן פאַרריסענעם נעזל און מיט אַ פייכטן גלאַנץ אין די אויגן גיט ער צו:

— הלוואי וואָלט מיין באָי געהאַט אַזאַ „אַמבישאָן".

און מר. טוכמאַן, אַן אַרבעטער ביי מעקסעס רעכטער האַנט, וואָס חלומט זיין גאַנץ לעבן, עמעצער זאָל אים געבן אַ שטופּ אַריין אין ביזנעס, וועט עס שוין אַוועקגיין אַ גאַנג, — רופט איצט אויס מיט גרויס באַגייסטערונג.

— מעקס, איך זאָג דיר, ביסט אַ גרויסער נאַר! און איך ווייס וואָס איך רעד. ווען איך זאָל האָבן אַזאַ זון ווי דו, וואָלט איך דען געזעסן ביי דער קאַטערינקע?

— און איצט איז נאָך די צייט צו גיין אין ביזנעס, ווייל „אָרדערס" קריגט מען גענוג, — דערמוטיקט אים ווינער — אַ ייד, וועלכער, דאַכט זיך, הערט זיך נישט איין וואָס מ'רעדט, גלייך ער וואָלט געווען פאַרזונקען אין אייגענע מחשבות, נאָר גיט זיך אָפּטמאָל אַ כאַפּ אויף, וואַרפט אַרויס פון זיך אַ באַמערקונג און ווידער — שאַ, צוריק פאַרטיפט אין זיך.

— אַוודאי קאָן מען קריגן אָרדערס. אָבער וואו נעמט מען געלט צו מאַכן דעם אָנפאַנג? — עצהט זיך מעקס.

— געלט? אַ דאגה היינטיקע צייטן געלט! — לאַכן די שכנים פון אים.

מעקס פאַרטראַכט זיך וועגן ענין געלט. ביסלעכוויז הויבט אָן פאַר אים קלאָר ווערן, אַז זיי זיינען גערעכט. ווייל ווער האָט עס נישט קיין געלט היינטיקע צייטן? בלויז קבצנים. און קבצנים זיינען יענע, וואָס האָבן מורא איינצושטעלן. אָט, זיין שוואָגער האָט איינגעשטעלט פרעמדע געלטער, און איצט? הלוואי אָן זיין שאָדן אויף אים געזאָגט געוואָרן! צי גאָר דער אָנקל. די משפחה האָט אים אויסגעבאָרגט אַביסל געלט, און היינט איז ער אַ מאַנופעקטשורער פון קינדערשע שפּילעכלעך; רייך — אַז ער ווייסט אַליין נישט וויפיל ער פאַרמאָגט. היינט פאַרוואָס־זשע זאָל ער נישט טאָרן איינשטעלן קיין פרעמד געלט? בפרט נאָך מיט אַזאַ זון וואָס ער האָט, מעגן זיי אים אַוודאַי געטרויען אַביסל געלט.

נאָך אַזאַ חשבון לאָזט ער וויסן זיינע שכנים־מיטאַרבעטער, אַז זיי זיינען טאַקע גערעכט: היינטיקע צייטן איז געלט אַ קלייניקייט.

אַז ס'איז אַראָפּ די זאָרג וועגן געלט, איז מען געוואָרן פריילעכער, היימישער, נעענטער, ווי אַ וואַרעמע זון וואָלט פלוצים פאַרטריבן גרויע כמאַרעס און אַנטפּלעקט אַ בלויען הימל, וואָס וועקט און רופט צו באַפרייאונג. די געהויבענע שטימונג האָט זיך געשפּרייט איבערן שאַפּ, זיך געטראָגן צו די אַרבעטער, ווי אַ פריילעכע בשורה: — מיר האָבן אַרויסגעהאָלפן אַן אייגענעם, אַ שאַפּ־ברודער; זאָל כאָטש איינער געהאָלפן ווערן . . . איצט וועט ווערן אַן ענדערונג אין שאַפּ צום גוטן. עס וועט זיין

אַ פאַרגעניגן צו זען, ווי דער באַס ווערט אַרומגיין מיט אַ לאַנגער נאָז, אי־בער דעם וואָס אַ שנעלער באַלמעלאָכע איז פון אים אַוועק אין סאַמע ברען פון אַרבעט. און אויב ס'איז זיי באַשערט צו אַרבעטן אין שאַפּ, וועלן זיי האָבן אויף זייער רעכענונג אַ גוטן אויפטו. וועגן וואָס עס ווערט זיך אַמאָל נאָך לאַנג רעדן: „געדענקסט מעקסן? ווען מיר גיבן אים נישט קיין עצה, וואָלט ער זיך אַוודאַי נאָך היינט געצאַפּלט ביי דער מאַשין. אָבער איצט — אַ גראַף, גאַרנישט דער זעלבער מעקס. דאָס פּנים — אויסגעגלייכט, די קנייטשלעך — פאַרשוואונדן. מען זאָגט, ער איז זייער רייך געוואָרן, אפשר צען קאָנטראַקטאָרס אַרבעטן פאַר אים . . .״

ביי מעקסעס שכן פון דער רעכטער האַנט, טוכמאַן, דערוואַכט אויך זיין אַלטע האָפענונג צו ווערן אַ מענטש פאַר זיך אַליין. און דער איינ־ציקער, וואָס קאָן אים העלפן, איז טאַקע מעקס. פאַרוואָס זאָל ער נישט ווערן איינער פון זיינע קאָנטראַקטאָרס? . . . מעקס ווערט זיכער נישט אָפּ־זאָגן, ווייל ער דאַרף נאָך געדענקען, אַז ווען זיין ווייב און קינדער האָבן געהונגערט, האָט ער, טוכמאַן טאַקע, אים אַרויפגענומען אַהער אַרבעטן. איז איצט די צייט אָפּצודינען מיט אַ טובה. שוין צייט, אַז אויך ער זאָל זיך באַפרייען פון שאַפּ . . . פון אָט־די געדאַנקען צעגיסט זיך אַ פרייד אין אַלע זיינע גלידער. נאָר איין געדאַנק עקבערט אים אין מוח, פונקט ווי זיין פריינט מעקסן, און ביידע רעדן אַרויס אין דער זעלבער צייט:

— אָבער וואו נעמט מען היינטיקע צייטן אַרבעטער? . . .

— איך מאַך אַ וועט, — זאָגט מאַנדלבוים, — אַז פון אונדזער שאַפּ אַליין קאָן מען צוזאַמענשטעלן אַ „סעט״ אַרבעטער, אויב ס'זאָל נאָר ביי דיר זיין אַ לייטישער שאַפּ צו קאָנען מאַכן אַ שיין לעבן . . .

— וואָס פאַר אַ פראַגע, צי ס'ווערט זיין אַ לייטישער שאַפּ? איך וועל זיך דען יאָגן נאָך פּראָפיטן? איך וועל זיך אפילו נישט מישן אין שאַפּ צו דער אַרבעט, — איז מעקס אַזש באַגייסטערט.

— ווען ער זאָל זיך מישן און אָנהויבן פּראַווען באָסישע שטיק, וואָלטן מיר אים צוריק אַוועקגעזעצט ביי דער מאַשין: ביסט דאָך אַליין אַ געוועזענער אָפּערעיטאָר, איז נאַ, מאַך דו בעסער!

די באַמערקונג האָט אַרויסגערופן אַ גוט־ברודערישן געלעכטער, וואָס האָט אַראָפּגעשווענקט די לעצטע שווערקייטן פון די הערצער, און אַלע האָבן זיך איצט געוואָלט לאָזן הערן. מ'האָט אָנגעהויבן קלייבן דעם „סעט״, און די געקליבענע זיינען אויפגעריכט געוואָרן.

גרעיס, די „פלאָר־מיידל״, איז דערהויבן געוואָרן צו אַ מאָדעל־מיידל. איידער זי איז געקומען אַהער האָט זי זיך געלערנט זיין אַ באַ־

לעט־טענצעריןֹ. איר טאַטע איז אָפּגעשטאָרבן, שפּאַנט זי אַרום אין שאַפּ
אויף דערוויילֹ. זי האָפט, אָבער, אַז זי וועט זיך נאָך אַרויסרייסן פון דאַ־
נען, אַוועק פון די באַמערקונגען, פון וועלכע זי ווערט נאָך היינט רויט.
דאָס האַרץ וויינט ביי איר פון באַליידיקונג און בענקשאַפט צום טאַנצן,
נאָר מיט יעדן טראָט, וואָס זי טוט מיט אירע גראַציעזע פיס, פילט זי, אַז
זי טרעט אויף איר אייגענעם חלום. זי ווייסט, אַז אירע גלידער גיסן
זיך אָן מיט בליי, איר צאַרטע הויט אויפן פּנים ווערט גראָב, ווי עס זיי־
נען גראָב די רייד אין שאַפּ. איז זאָל כאָטש זיין אַ מאָדעל־מיידל, וועט
נאָך אפשר צוריק דערוואַכן די בויגעוודיקייט פון איר קערפּער.
עס פאַרחלומט זיך די איטאַליענישע מיידל פלאָרענס, אַ סעמפּל־מאַ־
כערין, וועלכע קאָן מאַכן „סקעטשעס” בעסער ווי די דעזאַינערין, נאָר די
דעזאַינערין לאָזט נישט אַנטוויקלען איר טאַלאַנט. איצט וועט איר גרוי־
סער באַגער, צו דעזאַינען קליידער לויט איר אייגענעם געשמאַק, פאַר־
ווירקלעכט ווערן.
עס וויגט זיך ביים פרעס־טיש מיט גוטע מחשבות מילטאָן, דער
יונגער פרעסער — אַ מלחמה־וועטעראַן, וועמען דער טאַטע האָט אַרויפ־
גענומען אין שאַפּ אים צו לערנען דעם פרעסער־פאַך. מילטאָן וואָלט גע־
קאָנט זיין אַ גוטער סעילסמאַן, ער קען די שפּראַך און ווייסט ווי אַזוי צו
רעדן צו מענטשן. און נישט נאָר אַ פאַרקויפער, נאָר ער וואָלט אויך גע־
קאָנט ווערן אַ שותף מיט דעם ביסל געלט, וואָס ער האָט. מעקס דאַרף
דאָך זיכער אַ מענטש מיט געלט. דאַן וואָלט ער געקראָגן די מעגלעכ־
קייט צו באַלוינען זיין טאַטן, וואָס פאַרריכט זיין אַרבעט ער זאָל נישט זען.
און אַז דער טאַטע וויזט אים עפּעס אָן ביי דער אַרבעט, טוט ער דאָס
ווייך, שטיל, נישט צו פאַרשעמען זיין זון, וועגן וועמען ער האָט געהאָפט
און געאַרבעט שווער, ער זאָל ווערן אַ גרויסער מענטש, אָבער די מלחמה
האָט אַלץ צעשטערט, איבערגעריסן דאָס לערנען. ער זעט ווי דער טאַטע
ווערט פאַרשעמט, בעת די איבעריקע פרעסערס ביים טיש הויבן אָן צו
רעדן גראָבע רייד, און ער ווינקט צו זיי: „זעט, דרך־ארץ, אַ קינד שטייט
ביים טיש . . .” אָ, ווי מילטאָן וואָלט געוואָלט באַלוינען זיין טאַטן פאַר
אָט־דער בלוט־פאַרצאַפּעניש. פון די ערשטע פראָפיטן וואָלט ער גע־
זאָגט דעם טאַטן: טאַטע, גענוג זיך געמאַטערט. אָט איז געלט און פאָר
מיט דער מאַמען אויף אַ האָני־מון. האָסט נאָך קיינמאָל קיין האָני־מון
נישט געהאַט. איז איצט די צייט . . .
עס פלאַנעוועט מאָריס נישט צו זיצן אינעם נייעם שאַפּ לעבן זיין
איצטיקן שכן בעני, וועלכער זאָגט, אַז ער האָט אַמאָל געהאַט געלט, נאָר

# היימישע מענטשן

דאָס אַנגעוואוירן און דערפאַר הערט ער נישט אויף צו זינגען אַ גאַנצן טאָג:

„אוי, מיט קיין געלט טאָר מען ניט שטאָלצ־אירן,
ווייל מ׳קען דאָס לייכט פאַרלי־אירן״ . . .

און סעם רעכנט דורכן נייעם שאַפּ פּטור צו ווערן פון זיין שכן אַל, וואָס טוט זיך אַלע ווײַלע אַ כאַפּ ווי פון שלאָף מיט אַן אייגנאַרטיק, צו־געגעסן ווערטל: האַלאָ! וואָס מאַכט איר?

נאָר אַז טוכמאַן האָט דערהערט ווי מען שטעלט צונויף דעם „סעט״ אַרבעטער פאַר מעקסן, האָט זיך אַ כעס אין אים אָנגעצונדן — אַלץ פאַר־כאַפּן די רייכע! וואו וועט ער נעמען אַרבעטער? און ווי אַזוי קאָן ער קאָנקורירן מיט מעקסן, אַז יענער זאָגט זיי צו אַזעלכע גאָלדענע גליקן: „ביי מיר אין שאַפּ וועט זיין ליכטיק, לופטיק און ריין, קיין שפּייען אויפן פלאָר״ . . .

— אַזוי? — דערווידערט ווינער. — נישט שפּייען אויפן פלאָר? בלייב איך אין דעם שאַפּ.

טוכמאַן איז צופרידן פון ווינערס ענטפער. ביי אים אין שאַפּ וועט מען זיך קאָנען פירן פונקט ווי דאָ . . .

און מעקסן אַרט ניט וואָס ווינערן געפעלט ניט. ער מאָלט ווייטער: די מאַשינען וועלן זיין מאָדערנע, אַן „בעלטס״, און אוילן וועלן זיי זיך פון זיך אַליין. זיי וועלן אַרבעטן שטיל. אַ ראַדיאָ וועט צושפּילן צו דער אַרבעט. איר פאַרשטייט, איך וועל „יוזן מאָדערן סאַיקאַלידזשי״, נישט ווי עפּעס דאָרט אַ נעבעכדיק קאָנטראַקטאָרל.

מעקסעס לעצטע באַמערקונג האָט אַ שטאָך געטאָן טוכמאַנען ווי מיט אַ הייסער שפּיז, פון וואָס דער הויכער בלוט־דרוק האָט אים אַ שפּאַר געטאָן אין פּנים אַריין, און ער האָט זיך צעבייזערט:

— וואָס האָט מען מורא צו עפענען אַביסל מער די „ווינדעס״? מאָדנע מענטשן, זיי דאַרפן נישט קיין לופט! נאָר מעקסן וועט ער נישט פאַר־וואַרפן, אַז ער האָט אים באַליידיקט. אַזוי איז דאָס, אַ קאָנטראַקטאָר איז אַלעמאָל פאַרקנעכט צום מאַנופעקטשורער, מוז אַלץ אויסשטיין פון אים... דאָך דערטראַכט ער זיך צו אַ מיטל אים איבערצוקליגן. ער וועט אַוועק־נאַרן פון מעקסעס „סעט״ מאַנדלבוימען. ער וועט אים געבן אַ פאָרמאַן־דזשאָב, און ער, מאַנדלבוים, וועט שוין מיטשלעפּן מיט זיך נאָך עטלעכע אַרבעטער, וועט ער שוין האָבן מיט וועמען אָנצופאַנגען . . .

נאָר בעת טוכמאַן, איז געווען פאַרנומען מיט זיינע פּלענער, האָט זיך אַנטוויקלט אַ סכסוך צווישן מעקסן און זיין „סעט״ אַרבעטער. זייער

## שלמה וואסערמאן

טענה איז: אויב גיין — איז אַלע, וועמען מיר האָבן אויסגעקליבן, און אַן לייבלען רירן מיר זיך ניט פון אָרט . . .

— איך האָב פּיינט, אַז מען דיקטירט מיר! — שרייט מעקס. — איך וועט מיך נישט צווינגען צו נעמען אַזאַ ערשט־קלאַסיקע וויסטע קאַליקע, אַזאַ מיסטער באַטשאַר און דערצו נאָך מיט אַ גרויס מויל, וואָס באַלד סטראַשעט ער מיט דער יוניע!

— ווייסטו וואָס, מעקס? — שפּרינגט אויף לייבל — כ'האָב דיך טיף־טייער אין דער אדמה!

— איך אויך! כ'האָב פּיינט אַז אַ באָס ציילט די שטעך!

— נישטאָ קיין ערגערס, ווי ווען פון אַן אַרבעטער ווערט אַ באָס!

— עס פּאַסט אים אַזוי צו זיין אַ באָס, ווי מיר אַ רב!

— מיסטער מעקס! מיר דערקלערן דיך פאַר אויס באָס און צוריק קבצן!

טוכמאַן קילט זיך דאָס האַרץ, וואָס מעקס האָט געכאַפּט אַזאַ אָפּשניט. זאָל ער נישט מיינען, אַז ער האַלט שוין גאָט ביי דער קאַפּאָטע. איצט קאָן ער שוין קריגן דעם גאַנצן „סעט" באַלמעלאַכעס, אָבער וואו נעמט מען אַ מאַנופעקטשורער? פאַרדריסט אים אויף די אַרבעטער, וואָס זיי האָבן אים צעקלאַפּט אַזאַ גאָלדענע געלעגנהייט . . .

און מעקס טראַכט, וואו נעמט מען פאַרט אַ געלעגנהייט פאַרן זון, ער זאָל זיך אויסלערנען מאַכן אַ פּעטערן?

ווידער איז די שאַפּ פאַרזונקען אין שווערן געררויש, וואָס יאָגט אַן אַ פרעמדקייט צווישן די מענטשן. עס דערפילט זיך עפּעס אַזאַ שווער־קייט, עפּעס אַזוי ווי די וואָרעמע זון וואָלט מיטאַמאָל פאַרשוואונדן הינטער גרויע וואָלקנס און אויסגעלאָשן דעם חלום פון שאַפּ . . .

# אין מיטן דער אַרבעט

די אַרבעט איז שוין געווען אין פולן שוואונג, ווען רובין איז אַריין אין שאַפּ. דער פאָרמאַן האָט אים באַגעגנט מיט אַ שטעכיקן „גוד־אַפּטערנון, סער" . . . וואָס האָט באַדייט: וואָס פאַר אַ פוילע שטיק פראַוועסטו?!

רובין האָט גאָרניט געענטפערט, ער איז אַוועק צו זיין מאַשין און געטראַכט: „גוט וואָס כ'האָב אינמיטן דער נאַכט גענומען אַספּירין און אַלקאַ־סעלצער, אַז ניט וואָלט איך אינגאַנצן צו דער אַרבעט ניט געקאָנט קומען".

ער האָט באַגריסט זיינע שכנים מיט אַ „גוט־מאָרגן". עטלעכע פון זיי האָבן זיך פאַרגונען אויפצוהייבן די קעפּ און אויסצואָטעמען אַן ענטפער. אָבער צו פרעגן, פאַרוואָס ער האָט פאַרשפּעטיקט, האָט קיינער קיין צייט ניט געהאַט. פונדעסטוועגן האָבן אָפּעראַטאָרס אינגאַנצן ניט דורכגעלאָזן די געלעגנהייט און אַ פעפער געטאָן מיט עטלעכע וויצן אויף זיין חשבון. אָנגעשטרענגטע אויגן האָבן זיך שמייכלענדיק צעבליצט.

רובינען האָט פאַרדראָסן אַזאַ באַציאונג. ער וואָלט זיי געזאָגט, אַז זיין פאַרשפּעטיקונג נעמט זיך דערפון, וואָס זיין גרזעלשאַפטלעכע טעטיקייט נאָך אַ טאָג שאַפּ־אַרבעט פאַלט צו שווער אויף זיין געזונט און אַז ער האַלט זיך אין איין ראַטעווען מיט מעדיצין. נו, ווען זיי דאָך זיכער ענטפערן, ווי זיין ווייב, ווי זיין דאָקטער: „האַלט זיך צוריק". ווי־זשע קאָן ער? ווי אַזוי קאָן ער זיך צוריקהאַלטן, אַז דעם שונא אין שפּאַניע, דעם שונא אין אַמעריקע מוז מען צוריקהאַלטן, און די יידן אין „קיינעמס לאַנד" דאַרף מען ראַטעווען. און די און יענע אָרגאַניזאַציע דאַרף מען בויען, און די יוניאָן דאַרף מען פאַרשטאַרקן און —

הער שאַפּ רעדט זיין שטענדיקע שפּראַך:

— העי, באָרג מיר אַ וויסן „באַבין"!

— מאַך דיר אַן אייגענעם!

— ער האָט ניט קיין צייט . . .

— העי „שאַראַפּ" דאָרט! ליגטס אַנגעלאַיגט, לאָזטס מאַכן אַ לעיבן!

רובין וואַרפט אַ בליק אויף די לאַנגע רייען מאַשינען, וואָס האַלטן צוגעשמידט מענטשלעכע קעפּ, איבער וועלכע עס וואַכט אַ בייזע נויט

## שלמה וואַסערמאַן

און טרייבט: שנעלער! גיכער! דער סעזאָן איז קורץ!

דער שאַפּ־געדריש וואַרנט: זע, די מאַשינען זיינען געשמירט, די פּאַסן שטייף אָנגעצויגן, איז — אַריין אין גערימל; אַז ניט, איז — היט זיך!

ווי פון זיך אַליין האָט זיין מאַשין זיך אַריינגעפּלאָכטן אינעם שאַפּ־קאַראַהאָד. זיינע אויגן האָבן זיך באַהעפט מיט דער שפּרינגענדיקער בלאַנקער נאָדל פון פיר טויזנט שטעך אַ מינוט, — אַ נאָדל, וואָס טאַנצט אויס אַזוי געשיקט דעם „העזאַינערס” פאַנטאַזיעס, געבראָכענע קאַפּריזנע ליניעס; גלייכע, האַלב־רונדע שפּיצן, קוואַדראַטן — אָט אַזוי און ניט אַנדערש! . . . שנעל! שנעל איז דער ריטם — דער ריטם היפּנאָטיזירט, מעקט אויס אַלץ פון מוח . . . די ווייזערס אויפן גרויסן זייגער זיינען ווי שאַרפע שפּיזן, וואָס שטעכן דורך די צייט, דאָס לעבן. אַלע געדאַנקען און געפילן ווערן צוזאַמענגעוויקלט, צוזאַמענגע־קנוילט אין אַ „באַנדל” . . .

רובינס געדאַנקען יאָגן זיך, ווילן זיך מיט עפּעס באַהעפטן און לייזן זיך אויף, ווי פאַלנדיקע שטערן.

— וואו זיינען די פאַרטיקע דרעסעס? — מאָנט דער פאָרמאַן, און דער שאַפּ גיט זיך נאָך אַ שטאַרקערן צאַפּל. דער לעצטער געוועב צווישן מענטש און מענטש איז איבערגעריסן . . . ערגעץ אין ווינקל פון רובינס מוח האָט אַ פינקל געטאָן: „דאָס הויז־געזינד שרעקט זיך פאַר מיין גע־זונט” . . .

דער באָס דרייט זיך איבערן שאַפּ אַ צופרידענער, ווי אַ גערטנער, וועמענס ביימער עס זיינען פרוכטבאַר.

. . . אַ גוטער סעזאָן. אָ, ווען אַרבעט זאָל אָנהאַלטן . . . אַ שטאָך! אַ נייעס, נו . . . ס'וועט אַריבער . . . פון ערגעץ אין רובינס בלוטן קומט אַ סיגנאַל: פאַרלאַנגזאַם דאָס רעדל! זיינען אָבער אַלע זיינע אברים אַרויס פון זיין רשות. זיין אָטעם איז עפּעס ניט ווי תמיד . . . דאַכט זיך אים אָבער, אַז אַלץ אין שאַפּ ליאַרעמט: „מאַך זיך ניט ווינסדיק, רובין! פאָראויס! אַביסל מער אָנשטרענגונג און דו ביסט שנעלער ווי די צייט! וויש ניט דעם שווייס פון דיין פּנים — מיטאָג־צייט! אָ, ניין, ניט אָפּ־שטעלן! מען וועט שפּאָסן: „אויסגעשפּילט” . . .

רובין האָט זיך פּלוצים אַ שטעל געטאָן, זיך אָנגעכאַפּט מיט ביידע הענט אָן דער שטול, זיך אַרומגעקוקט מיט איבערגעשראָקענע, גרויסע אויגן, ווי ער וואָלט געזוכט הילף ביי עמעצן און באַלד אָנגעהויבן אַראָפּ־זינקען.

# הײמישע מענטשן

די מאַשינען האָבן גערױשט מיט פּוסטן געהילך. אַלע זײַנען גע־שטאַנען אַרום רובינען מיט עצות:

— עפנט די פענצטער!

— גיט אים מער לופט!

— צעקנעפּלט זײַן קאָלנער!

— גיט אים דאָס פלעשעלע צו שמעקן.

װען דער דאָקטער איז געקומען איז געװאָרן שטיל. זײ האָבן מיט מורא געקוקט, װי ער באַטראַכט דאָס װײַסע לײַזע לײַב פון זײער מיט־אַרבעטער.

רובינס פאַרצװײפלטע אױגן האָבן אױפן דאָקטערס פּנים געזוכט אַ סימן פון האָפענונג פאַר זײַן אײגן לעבן, אָבער דער דאָקטער האָט אױס־געמיטן זײַנע בליקן און באַפױלן:

— שױן אין שפּיטאָל אַרײַן!

רובין האָט אָנגעכאַפּט דעם דאָקטערס האַנט און געמורמלט מיט אַ פאַרשטיקטן אָטעם:

— װײַב . . . קינדער . . . העלף . . .

איבער די גראָע שאַפּ־װענט האָט זיך צעטראָגן אַ זיפץ. די מענער האָבן מיט פאַרלאָפענע אױגן שטום זיך איבערגעקוקט:

„װעט ער לעבן?"

דער פאָרמאַן האָט אַרױסגענומען פון רובינס מאַשין אַן אַרײַנגע־כאַפּטע דרעס פון אונטער דער נאָדל און באַטראַכט, צי ס'װעט נאָך זײַן אַ לײַט פון איר . . .

„גלינג־גלאָנג! גלינג־גלאָנג!" — טראָגט זיך דער אַמבולאַנס אי־בער די רױשיקע גאַסן. אַלץ טרעט אָפּ אַן אַ זײַט. מען האַלט אײַן דעם אָטעם, מ'מאַכט אַ װאַרע פאַר אַן אומבאַקאַנטן סאָלדאַט, װעלכער קלאַ־מערט זיך מיט די לעצטע כוחות אינעם לעבן.

אין רובינס מאַרך צינדן זיך פונקען:

„מאַמע . . . װײַב . . . קינדער . . . שפּאַניע . . . אַנטיסעמי־טיזם . . . געװײן . . . אַלץ אינמיטן דרינען . . . הער הימל פאַלט! די מױערן פאַלן! . . .

# פאַרלוירן אַ האַלבן טאָג

אינדערפרי צו לאָזן די עלעקטרישע קראַפט אין שאַפּ איז ווי, להבדיל, דאָס געבן אַ קלאַפּ אויפן בעלעמער, אַז מ׳שטעלט זיך דאַוונען. אין שאַפּ, ווען מען נעמט זיך „דאַוונען" און עס בלייבט אַ ליידיקע „שטאָט" פון אַן אָנגעזעענעם באַלעבאָס, וועלכער קומט תמיד דער ערש־טער צום מנין, ווערט אַ געמורמל צווישן די דאַוונער:

— נישטאָ?

— וואו? ווער?

— ווער? נעיטן?

— עפּעס האָט געמוזט פּאַסירן!

און אַז מען איז שוין אַריינגעפּאַרן אַ שטיק אין „שחרית" און נעיטן האָט זיך נאָך אַלץ נישט באַוויזן, איז דער חידוש געוואָרן גאָר גרויס. דער־פאַר, אַז נעיטן האָט מיטאָג־צייט זיך געגעבן אַ שטעל־אַריין אין שאַפּ אַן אומרואיקער, האָט מען אים באַוואַרפן מיט פראַגעס:

— וואָס איז דער מער, נעיטן? פילסט עפּעס נישט גוט?...

— גאָרנישט דער מער! — ענטפערט ער ברוגזלעך.

— וואו־זשע ביסטו געווען דעם גאַנצן פרימאָרגן?

— אין ערגעץ נישט בין איך געווען!

— וואָס הייסט אין ערגעץ נישט? אַזוי־אָ, נישט מיר־נישט דיר צערייבט מען אַ האַלבן טאָג? עס לייגט זיך עפּעס נישט אויפן שכל.

און נעיטן — אַ ייִד, וואָס בטבע רעדט ער נישט קיין סך — ראַנגלט זיך מיט די פרעגערס. כאָטש אַן אומרואיקער, וואָס ער האָט אָנגעוואוירן אַ האַלבן טאָג אַרבעט, מאַכט ער פונדעסטוועגן אַן אָנשטעל, אַז עס אַרט אים „ווי דער פאַראַיאָריקער פראָסט", און טענהט:

— וואָסי? כ׳בין צו וועמען פאַרקויפט? איך דאַרף דען אָפּגעבן אַ רעכענונג וואָס איך טו, וואו איך גיי?...

— אָבער דו, נעיטן, זאָלסט אַוועקהרגענען אַ האַלבן טאָג? עפּעס איז נישט גלאַטיק!

נעיטן וואָלט זיי שוין אפשר דערציילט דעם אמת, ווייסט ער אָבער, אַז זיי וועלן אים סיי ווי נישט גלויבן און זיי וועלן אויסטייטשן, ווי זיי ווילן. וועט ער זיי שוין בעסער ווייזן, אַז ער איז אַ ספּאָרט. זאָלן זיי זיך

# היימישע מענטשן

ערגערן. און ער טוט אַ זאָג:

— מיטן האַלבן טאָג וועט איר דען שוין ווערן מיליאָנערן? איך וויל נישט ווערן קיין מיליאָנער! . . .

אַזעלכע דיבורים האָבן די מענטשן פון שאָפ נאָך קיינמאָל נישט געהערט פון אים. זיי האָבן זיך תיכף איבערגעוואונקען מיט אַן אַנצוהערעניש, אַז עפּעס „סקריפּעט" אונטער ביי אים און, אויב אַזוי, מוז מען דאָס דערגיין.

כאָטש די אַרבעט איז אין געאייל, דאָך האָבן זיי אָפּגעשפּאָרט אַביסל צייט צו פאָרשן ביי אים, דורך זייטיקע ווערעלעך און קליגערישע גענגעלעך. ווייל אַ מענטש, האָבן זיי געטענהט, איז ווי אַ זייגער. אַ זייגער האָט רעדעלעך, שרייפעלעך און ספּרוזשינקעס, פּונקט ווי אַ מענטש — אָדערן. דערפון קלאַפּט דער זייגער טיק־טאַק, עלעהאַי אַ האַרץ ביי אַ מענטשן. קלאַפּט דאָס אַזוי לאַנג, ביז עס ווערט עפּעס קאַליע. לויפט מען צו אַ „זייגערמאַכער", — איז שוין אָך און ווי צום זייגער וואָס דאַרף זיך דאָקטערן.

נעיטנס שכן, פיליפּ, וואָס זיצט קעגן אים, האָט באַלד געדרונגען דערפון, אַז זיינע פאַרדינסטן וועלן פון היינט־אָן ווערן שוואַכער. ווייל אויב נעיטן דאַרף זיך שוין אָפּהיטן ביי דער אַרבעט, מיינט דאָס דאָך: „לויף נישט, יאָג נישט, ביסט שוין נישט דאָס וואָס געווען" . . . פיליפּ איז גראָד צופרידן דערפון, ווי אַ שווערע משא וואָלט פון אים אַראָפּ. ער וועט שוין נישט דאַרפן נאָכלויפן נעיטענען און עס וועט זיין בעסער פאַר זיין אייגן געזונט. ער וועט זיך נישט דאַרפן יאָגן און דאָך אַרויסקומען גלייך מיט אים . . .

אמת, קיינער האָט אים קיינמאָל נישט געצוואונגען נאָכצולויפן נעיטענען. נאָר אַזאַ מענטש איז שוין פיליפּ, שטענדיק האָט ער ליב געהאַט צו גיין אין יענעמס וועגן. אַמאָל איז דאָס געווען — רעדן מיט אַ חנדעלע, מיט אַ ברייטן זשעסט, מיט אַ נאָכגעמאַכטן טאָן, וואָס האָט יענעם געגעבן דערפאָלג און אים — דורכפאַל. אָדער פּלוצים זיך אָנגעהויבן קליגערן, אָפּלצעווען, ווייל אַנדערע איז דאָס געלונגען, אָבער אים ניט. ער איז גאָר געבליבן דער חוזק. שפּעטער איז אים געבליבן איין זאַך — זיך פאַרמעסטן מיט כוחות ביי דער אַרבעט. זינט ער זיצט קעגן נעיטענען — לויפט ער אים פשוט נאָך.

אָפּטמאָל אינמיטן דער אַרבעט, ווען זיין אָטעם האָט נישט געקאָנט אָנהאַלטן די שנעלקייט פון זיינע הענט, האָט ער אַ טראַכט געטאָן: „צו

וואָס דאָס יאָגן זיך? אַן אָטעם איז דאָך אַ סוף״ . . . פונדעסטוועגן איז ער נישט אָפּגעשטאַנען, ווייל ער האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ מענטש מיט וויר־דע, מיט רעפּוטאַציע; ווייל אויב ער האָט שוין יאָ באַוויזן די קונץ אַרויס־צוקומען גלייך מיט דעם שנעלן באַלמעלאָכע נעיטן, איז שוין נישט שיין צוריקצופאַלן. דער שאָפּ וואָלט זיך דערוואוסט און וואָלט געטייטלט אויף אים: „אויסגעשפּילט . . . אַז מען קאָן נישט, נעמט מען זיך נישט אונ־טער״ . . .

אַזאַ שאַנד וועט ער דאָך נישט דערלאָזן. ביזן לעצטן אָטעם וועט ער גיין גלייך! . . .

איצט, אַז אַלע ווייסן שוין, אַז זיין שכן נעיטן איז נישט דאָס וואָס געווען; אַז דער „זייגער״ אַרבעט שוין נישט אַזוי פּינקטלעך, האָט ער אָפּגעאָטעמט פריי. אויף דעם חשבון, וואָס ער וועט שוין נישט דאַרפן נאָכלויפן, האָט ער זיך פאַרגונען אַביסל אונטערצוזינגען, אַמאָל אַריינ־וואַרפן אַ וואָרט וועגן פּאָליטיק און אויך אַריבערדעדן צו נעיטענען מיט טרייסט־ווערטער:

— איך ווייס, נעיטן, לויט איר קוקט קיין עין־הרע אויס, וועט איר נאָך אַ סך פאָדעם אויסנייען. איר וועט נאָך גענוג זיך אָנמוטשען אויף אונדזער נאַריש וועלטל . . . איר דאַרפט נישט זיין אַזוי ערנסט, פאַר־טראַכט. זייט פריילעך. זינגט. שפּאַסט. דאָס איז בעסער ווי מעדיצין! דער עיקר: „טעיק איט איזי״, נעמט דאָס לייכט . . .

נעיטן רייסט אָוועק זיין בליק פון דער אַרבעט, קוקט מיט חידוש אויף פּיליפּן און טוט ביטולדיק אַ מאַך מיט דער האַנט: „איר זענט אַ גרויסע בהמה!״ און נעמט זיך צוריק צו דער אַרבעט.

— איך בין אַ בהמה? נישטאָ ווער ס׳זאָל לאַכן! איר מיינט אַוודאי, אַז וואָס דאָקטוירים זאָגן דאַרף מען זיי טאַקע גלויבן? ווער, מיינט איר, זיינען זיי? — מענטשן! און מענטשן מאַכן טעותן. אָט וועל איך אייך דערציילן אַ לעבעדיקן פאַקט. נעמט זיך צייט. איר מעגט דאָס אויס־הערן. ס׳איז פאַר אייער אייגענער טובה וועגן. מיינער אַ לאַנדסמאַן האָט זיך געדאָקטערט יאָרנלאַנג. אַלע האָבן געזאָגט, אַז ער ליידט אויף אַלסערס. צום סוף — אַ נעכטיקער טאָג, אויפן בוידעם אַ יאָריד! ס׳האָט זיך נישט אָנגעהויבן און נישט אויסגעלאָזט. ס׳איז גאָר געווען יענע חתונה, וואָס קיין דאָקטער קאָן שוין דערצו נישט העלפן.

נעיטן טוט אַ טיפן זיפץ, ווי ער וואָלט אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם, און ענטפערט:

# היימישע מענטשן

— אַ רחמנות, וואָס אַ מענטש דאַרף זיך דאָס אויסשטיין אויף דעם וועלטל. וואָס, מ׳שטיינס געזאָגט, איז אַ מענטש ? — גרויסע אויגן. פאַר־מאַכט ער די אויגן, איז אויס מענטש . . . ווי אַלט איז ער געווען אייער לאַנדסמאַן ?

— ווי אַלט ? איך דענק, ער איז געווען אין אייערע יאָרן. אין אייער עלטער אַז מ׳יאָגט זיך, טשעפּען זיך צו אַלע שלעק צום ביסל געזונט. איר הערט, נעיטן, איצט איז די בעסטע צייט אַכטונג צו געבן אויף זיך, ווייל אַמאָל כאַפּט מען זיך צו שפּעט. איר ווייסט ווען מען האָט זיך געכאַפּט אויף וואָס מיין לאַנדסמאַן ליידט ? ווען ער האָט שוין געהאַלטן ביים אָפּגעבן די קאַפּאָטע . . .

— אַזוי ? אַ שאָד, אַ גרויסער שאָד ! — באַדויערט נעיטן. אָבער פיליפּ איז זיך אין האַרצן מחיה, וואָס נעיטן איז באַצייטנס געוואָרן אַן „איבערגעפּירטער זייגער״, אַז נישט, וואָלט דאָס זיכער אים געווען געטראָפן. אַזעלכע צרות קומען נאָר פון יאָגן זיך. איצט ווען די פאַר־דינסטן טאַקע זיין קלענער, אָבער אַלץ בעסער ווי אָוועקצוגעבן דאָס געלט די דאָקטוירים.

אַזוי איז אַוועק אַ וואָך און צוויי. פיליפּ איז געווען פריילעך. ער האָט געזונגען און געשפּאַסט און געטרייסט זיין שכן, נאָר הינטער דעם שכנס פּלייצעס, האָט ער מיט אַ מינע פון באַדויער פאַרטרויט אַלעמען אַ סוד :

„מיר געפעלן נישט זיינע קאָלירן אין פּנים. איר זעט ווי ערנסט ער איז געוואָרן ? יאָ, כ׳האָב מורא פאַר דער מורא״ . . .

נאָר נעיטן, דער „איבערגעפּירטער זייגער״, ביי וועמען ס׳האָט עפּעס אָנגעהויבן אונטערצוסקריפּען, איז זיך שטילערהייט אַוועק העט ווייט פאָראויס מיט דער אַרבעט.

ווען פיליפּ האָט זיך געכאַפּט, האָט ער אויפגעהערט פריילעך זיין און אָנשטאָט טרייסטן און באַדויערן נעיטענען, האָט ער זיך גאָר געבייזערט :

— איר זענט נישט ווערט וואָס די ערד טראָגט אייך אַרום, אַזאַ טריפענער גאָרגל ! אַ גזלן אויף זיין אייגן געזונט, און מיר באַגראָבן אפשר אַ פינף־און־צוואַנציקער, ווי פון קעשענע אַרויסגענומען ! . . .

נעיטן האַלט נאָך אַן דעם זיפץ און קרעכץ, נאָר ער שמייכלט אונ־טער וואָס זיין שכן פיליפּ איז געבליבן ערגעץ „הינטערוועגנס״ און ער ענטפערט געלאַסן :

— וואָס־זשע, דעם האַלבן טאָג וואָס כ׳האָב פאַרלוירן, איז ביי אייך

## שלמה וואסערמאן

אַ הונט? אפשר נישט באַדאַרפט אים אָפּמאַכן? און דעם פּרעזענט, וואָס כ'האָב יענעם האַלבן טאָג געקויפט אויפן ברית, קאָסט דען נישט קיין געלט?...

— אָבער ווען זאָל איינפאַלן, אַז איר זאָלט אין אַזאַ ביזי גיין אויף אַ ברית? — קאָכט זיך פּיליפּ. — און אַז איר גייט אויף בריתן, דאַרף עס מיך קאָסטן אַ פינף־און־צוואַנציקער? נישט שיין פון אייך! אַ מאַן אין די יאָרן זאָל אינזינען האָבן אָפּצוטאָן שפּיצלעך! מיד, זיין פריינט, וואָס האָט אים געהאַלטן אין איין טרייסטן, זאָל ער גאָר פאַרפירן. פּע, ניט שיין, גאָר נישט שיין!...

# די מאַמע וועט אַכטונג געבן

ס'איז אָנגעקומען אַרבעט אין שאַפּ אַריין — „ספּעשלס". האָט דער טשערמאַן עס צעטיילט ווי וועמען ס'קומט. באַלד איז געוואָרן לעבעדיק אין שאַפּ: די לאָמפּן האָבן זיך צעלויכטן, די מאַשינען צערוישט, די פּרעס־אייזנס צעגליט — אַלץ האָט זיך אָנגעהויבן באַוועגן מיט פרישן אימפּעט. בלויז די טעשלעך קאָרטן זיינען געבליבן ליגן ווי פאַריתומטע אויף די זייטיקע טישן.

ווען ריוווקין איז אַריינגעקומען אין שאַפּ האָט ער שוין געטראָפן זיין חלק אַרבעט אויף דער מאַשין. צום פּעקל איז געווען צוגעקלעפּט אַ רויט צעטעלע מיט פאָרשריפטן: „מאָס — אַכצן, ביוסט — צוואַנציק, היפּטן — ברייטע נעט, טאַליע — אַן אינטש קירצער". „דאָס ריכטיקע ספּעשל" האָט ער אומצופרידן אַ מורמל געטאָן און גענומען איינפעדעמען די מאַשין.

אָבער נאָך איידער ער האָט זיך פאַנאַנדערגעקליבן אינעם פּאַסאָן, וואָס ער האָט שוין לאַנג ניט געהאַט געמאַכט, האָט די אַרבעט אין שאַפּ שוין אָנגעהויבן צאַנקען. אַלע ווײלע איז אויפגעשטאַנען אַן אַנדערער אָפּערעיטאָר, אָפּגעטרייסלט פון זיך די פאָדעם־עקן, אַרויפגעשטעלט די „באַקס" אויף דער מאַשין: אויף דער באַקס — די שטול, מיט די פיס־לעך צו דער סטעליע, פאַרלאָשן דאָס עלעקטרישע לעמפּל — און נאָך אַן אבר פונעם גרויסן שאַפּ־קערפּער איז צוריק אַנטשוויגן געוואָרן.

באַלד האָט געהילכט אַ דעמפּער, מאָנאָטאָנער גערויש פון ליידיקן פּלענט, וואו בלויז ריוווקין איז נאָך געזעסן אַן אומרואיקער ביי דער מאַשין און פּראָטעסטירט:

— זע נאָר וואָס מען האָט מיר צוגעטיילט! אַלע מאָל אַזוי: וואו נאָר אַ צרה, אַ „פענסי סטאַיל", אַ פּאַרטיקעלע שטיקל אַרבעט, אַ מיתה־משונה קאָליר — דאַרף איך דאָס מאַכן!... אַלע זיינען שוין פאַר־טיק, דרייען זיך שוין אַרום ליידיק און איך... אַז איינגעבראָכן זאָל ער נאָר ווערן, דער טשערמאַן, פאַר אַזאַ־אָ צעטיילן!...

ער קוקט זיך אַרום צי קיינער האָט ניט געהערט, און דערזעט, אַז העט אינעם סאַמע ווינקל פון שאַפּ, זאַמלען זיך די אַרבעטער אַרום אַ טיש, נאָר צוליב די אָנגעהאַנגענע דרעסעס קאָן ער ניט כאַפּן וואָס דאָרטן קומט פאָר. צי ריידן זיי פון שאַפּ־זאַכן, צי פון וועלט־פּאָליטיק, אָדער אפשר גאָר...

# שלמה וואַסערמאַן

„וואָס־זשע ליג איך דאָ ביי דער שמאַטע?" — טוט ער זיך מיטאַמאָל אַ כאַפּ. — „מען דאַרף צוגיין און..."

גלייך, אָבער, טוט ער זיך אַ זאָג:

— ניין, ניט היינט... ניט היינט... איבערגעלאָזט דאָס קינד מיט פיבער... ס'האָט געברענט אין היץ...

„פונדעסטוועגן", — טוט ער אַ טראַכט, — „וואָלט גוט געווען צו וויסן, וואָס זיי טוען דאָרטן אין יענעם־אָ שאָפּ־ווינקל... היינט וועל איך זיך סיי־ווי ניט לאָזן אַריינשלעפּן... ווי קאָן איך, אַז דאָס קינד איז אַזוי קראַנק? דער קאָפּ איז ניט דערביי... איי איז דאָס אַ פאַרדאַמטע דרעס!"

ער גיט פלוצים אַ פיר מיט אַ דלאָניע איבערן פּנים, פאַרהאַלט זיך ביי דער געמבע, גלייך דאָרט וואָלט אַ באָרד געווען, און פרעגט זיך אַליין פאַרטראַכט:

— ווי אַזוי קומען דאָ די „טאַקס"? אַזוי, אָדער אַזוי?... ווי אַזוי האָב איך דאָס דאָן געמאַכט? נו, גיי געדענק אַ זאַך וואָס כ'האָב געמאַכט צוריק מיט אַזויפיל וואָכן!... הער נאָר ווי זיי טומלען זיך דאָרטן ביים טיש...

— העי זוסמאַן! — האָט ער אַ רוף געטאָן אַן אָפּערעיטאָר, וועלכער איז גראָד פאַרביי געגאַנגען.

— העלאָ! — וואונדערט זיך זוסמאַן, — דו זיצסט גאָר דאָ?

— אַז זיצן זאָל שוין דער טשערמאַן מיט די פיס אונטער זיך! — ענטפערט ריווקין אַ פאַרביטערטער, — כ'ווייס ניט וואָס ער האָט צו מיר! צו מאַכן די „ספּעשל" דאַרף מען האָבן אַ רואיקן קאָפּ... סעי, קענסט מיר אפשר זאָגן, וואָס זיי שטייען דאָרטן אַרום טיש?

— כ'ווייס? וואָס דען האָסטו געוואָלט, דער טיש זאָל שטיין אַרום זיי? — ווייצלט זיך זוסמאַן.

— ביסט גערעכט, מיסטער זוסמאַן. ביסט גערעכט!... אָ, בין איך דאָ אַריינגעפאַלן מיט דער דרעס!

— אַריינגעפאַלן? ווייסיך וואָס... זי איז טאַקע אַביסל קאָמפּליצירט, אָבער זי לאָזט זיך גראָד פאַרטיק־מאַכן...

— ביי דיר אפשר יאָ. דו ביסט גאָר אַן אַנדער מענטש. דו האָסט געדולד פאַר אַלצדינג. אָט זאָגט מען, אַז דו לייענסט אַפילו ביכער אויך. איך ווער באַלד איינגעשלאָפן, פונקט ווי ביי אַ „שאָו". כ'האָב ניט קיין אינטערעס צו דעם... זלמן איז שוין אויך ביים טיש? דאַכט זיך, איך הער זיין קול... גיב מיר אַ מאַך אַריין די „באָטנהאָלקעס". פּליז, בלויז

# היימישע מענטשן

די פּאָר לעכלעך! . . . דו הערסט? . . . זלמן איז שוין אויף דאָרטן! . . .

זוסמאַנען אַרט אָבער ניט ריווקינס אומרואיקייט. ער שטייט שוין ביים פענצטער און קוקט אויף די אָנגעהורבעטע ניו־יאָרקער מויערן, וועלכע ליגן מיט זייערע פלאַכע דעכער צום הימל.

ער, זוסמאַן, האָט אַ טבע ניט צו שפּילן אין קאָרטן. ווען ס'איז וויכ־ציק אַרבעט אין שאָפּ און אַלע זיינען פלאָם־פייער פאַרטאָן אין קאָרטן־שפּיל, ווי זייערע בערדיקע טאַטעס און זיידעס פלעגן זיין פאַרטאָן אינעם ספר, — דרייט זיך זוסמאַן אַרום אַן איינזאַמער, לייענט אַמאָל אַ זשורנאַל, אַ בוך, אָדער קוקט גאָר דורכן פענצטער אויף דער ריזן־שטאָט, וועמעס אָנהויב און סוף מ'קאָן פון דאָרטן ניט זען . . .

שווער צו זאָגן, צי ער באַוואונדערט די אומצאָליקע קוימענס, וואָס שפּאַרן פון די שעפער און פאַבריקן, צי גאַפט ער וועגן שטיקל האָדסאָן טייך, וואָס מיניעט זיך דאָרטן וויט ביי דער אָפּענער עוועניו . . . אפשר טראַכט ער פון דעם, וואָס זיין וויב וויל מיט דער הילף פון שרייבפעטדל צעטיילן זיינע קליינע פאַרדינסטן אַזוי, אַז ס'זאָל קלעקן אויף אַלץ, אַפילו אויף אַ בוך . . . אָדער אפשר בענקט זיך אים גאָר נאָכן היימישן דערפל מיט די ברייטע לאָנקעס און דעם זינגענדיקן טייכל, וואָס דרייט די מיל־רעדער . . . נאָר וועגן וואָס זוסמאַן זאָל איצט ניט טראַכטן, פאַרדריסט דאָס ריווקינען און ער בורטשעט:

— אָט אַ יאָלד! מיר העלפן — האָט ניט, נאָר שטיין ווי אַ גולם און ציילן די שויבן פון ניו־יאָרק — דאָס יאָ. ניטאָ ווער ס'זאָל לאַכן פון דעם נאַר! . . . וואָלט ער כאָטש אויסגעפונען וואָס זלמן איז אויך צווישן זיי ביים טיש . . . נו, כ'וועל שוין אַליין צוגיין אַ קוק טאָן. ס'איז דאָ צייט מיטן „ספּעשל". די מויד גייט נאָך ניט נאַקעט, צו אַלדע שוואַרצע יאָר!...

— העי, לויף ניט אַזוי! — האַלט אים צוריק דער פאָרמאַן, און נעמט זיך אים געבן צו פאַרשטיין, אַז די דרעס מוז נאָך היינט אַרויסגע־שיקט ווערן.

ריווקין לויפט צוריק צו דער מאַשין אַ דערשראָקענער און וואונ־דערט זיך, וואָס דער מענטשן־ראָד אַרום טיש איז אַזוי אויסגעוואַקסן, אַז אַ סך שטייען אויף די שטולן, ווי שמחת־תורה צו הקפות, און קוקן אַרי־בער איבער די קעפּ צום סאַמע צענטער פון טיש. צי זלמן איז אויך דאָרטן, וויסט ער נאָך אַלץ ניט אויף זיכער . . .

ער ווערט אַנטשוויגן אויף אַ ווייל און רעדט ניט צו זיך, פלייסנדיק זיך אויפצוכאַפּן כאָטש אַ פּאָר ווערטער פון דאָרטן, אפשר וועט ער גע־

## שלמה וואַסערמאַן

וואויר ווערן וואו זיי האַלטן . . .

אָבער אָנשטאָט קלאָרע ווערטער, דערטראָגן זיך גאָר אַזעלכע מאָד־נע אויסדרוקן:

— אָ־ט, אָט־אָ־טאָטאָ!

— או־וו־אָ! איי, איי, איי!

— נאָ!

— אַזוי!?

— הא, הא, הא!

— שאַראַפּ!

— נאָ!

— ד־ע־ר־צ־יי־ט!

ביי ריווקינען האָבן אַזש די אויערן אָנגעהויבן פלאַמען פון דער שפּראַך, און ער האָט זיך נאָך מער צעקאָכט:

— כ׳וועל היינט מער פאַרלירן ווי פאַרדינען ביי דער שמאַטעוואַ־טער דרעס . . . אַז כ׳קאָן גאָרניט אַרויס פון דער צרה! כ׳וועל אים אויסרייסן די אויגן דעם טשערמאַן! ער שטעלט דאָך מיך בדלות מיט אַזעלכע „ספּעשלס". און פּונקט איצט . . .

— אוי פּלעכט מען אים! — האָט אַ פּרעסער איבערגעשלאָגן זיינע טענות, מיט דער בשורה, וואָס ער האָט געבראַכט פון יענעם צויבער־ווינקל, וואוהין ס׳ציט אַזוי ריווקינען.

— וועמען פּלעכט מען?

— וועמען? דעם „ביג־שאָט".

— זלמנען?

— וועמען דען?

— זלמנען . . . נו ווי געפעלט דיר? פּונקט ווען ער איז דאָ, זייפט מען מיך איין מיט אַ „ספּעשל" . . .

— וואָס שוויצסטו אַזוי?

— וואָס איך שוויץ? הם . . . זע נאָר, צום טייוול! אַריינגעגנייט פאַרקערט דעם זיפּער! אַז פאַרקערט זאָלן ווערן די קישקעס ביי זיי, — ביים טשערמאַן מיט דער שאַפּ־קאָמיטע, מיטן פאָרמאַן, און דעם באָס מיט דער מויד, פאָר וועלכער כ׳מוז איצט מאַכן די דרעס! כ׳וואָלט דאָך גע־קאָנט שטיין דאָרטן מיט מענטשן צו גלייך . . . איז ניין, זיי אַ שקלאַף ביי יעדן איינעם! . . .

— וואָס האָסטו צו זיי, אַז דו ביסט אַריינגעקומען שפּעט? — באַ־

# היימישע מענטשן

רואיקט אים דער פּרעסער.

— וואָס כ'האָב צו זיי? הער נאַר, הער דעם געררויש ביים טיש... גיב אַ נעם אַרויס דעם זיפּער, נאָר צערייס ניט! איך וועל דערווייל מאַכן די „בעלט". אַז דער קאָפּ איז מיר פאַרטראָגן. מיין יינגל איז מיר נעבעך קראַנק. ער איז זייער שלעכט געשלאָפן די נאַכט... נו, שוין? ניט צעריסן? אַ דאַנק! אַלץ טרעפט ווען מען יאָגט זיך... כ'האָב מורא, אַז עפּעס מאַכט זיך מיין באַיעלע אין די אויערלעך... נו, גאָט צו דאַנק, איך בין ענדלעך פאַרטיק מיטן „ספּעשל"! איצט וועלן מיר צוגיין צום טיש, אַ קוק טאָן וואָס ס'טוט זיך דאָרטן... כ'וואָלט באַדאַרפט וואָס שנעלער אַהיים גיין, צום קינד... אַ דאָלער אַ „לימיט", זאָגסטו? אַ פיינער „לימיט!..." אַ רחמנות אויף מיין קינד, ס'האָט געזשאַרעט פון היץ... ביי זלמנען קאָן איך מאַכן אַ פּאָר שיינע דאָלער... כ'האָף, ס'וועט מיין יינגעלע בעסער ווערן. די מאַמע וועט אים שוין אָפּהיטן... שוין לאַנג ניט געשפּילט אַזאַ „געים". דאָס איז ביי מיר אַן אמתע „געים"!... דאָס קינד האָט נעבעך געקרעכצט ווי אַ גרויסער מענטש... איך וועל נעמען אַ האַנט... די מאַמע וועט שוין אַכטונג געבן אויפן קינד...

# צען מינוט

אין שאַפּ האָט זיך דער פרימאָרגן אָנגעהויבן מיט אַ שווער געמיט. אַלע זיינען געווען ערנסט פאַרטאָן אין דער אַרבעט. ס'קאָן זיין, אַז איי־ניקע האָבן אין זייערע געדאַנקען געחשבונט די פאַרדינסטן, נאָר אַ סך האָבן מיט זייערע מחשבות אָנגעשפּאַרט ערגעץ אויף אַ שלאַכט־פעלד, לעבן זון אָדער איידעם, און שטיל געבעטן פאַר זייער לעבן. און צווישן די שנעל־לויפנדיקע געדאַנקען און געאייל פון אַרבעט עגבערט דאָס גאַנ־צע לייב און לעבן: וואָס איז געוואָרן פון די נאָענטע און ווייטע קרובים אויף יענער זייט ים?

דעם פרימאָרגן האָט מען נישט געזונגען ביי דער אַרבעט. מען האָט צווישן זיך אויסגעטוישט בלויז געציילטע ווערטער, וועלכע זיינען באַלד פאַרשלונגען געוואָרן אינעם שטייענדיקן שאַפּ־טומל. מיט אַ געפּיל ווי צו אַ לוויה, האָט מען כסדר געקוקט אויפן זייגער, צי ס'איז נאָך ווייט צו עלף. מיטאַמאָל איז דער גאַנצער שאַפּ־גערויש איבערגעריסן געוואָרן.

די שטאַרק־באַשעפטיקטע אויגן פון אַלע די וועלכע אַרבעטן נישט ביי די מאַשינען, נאָר ביי די „פינישינג"־טישלעך, ביי „קלינינג און עק־זאַמענינג", אָדער ביי די פיגורן — האָבן זיך פאַרחידושט אומגעקוקט און דערזען, ווי די אָפּערעיטאָרס שטעלן זיך אויף מיט טרויעריקע פּנימער. זיי האָבן זיך געכאַפּט, אַז ס'איז דער 19טער אַפּריל — אַ יאָרצייט — און אויך געלאָזט שטיין די אַרבעט אין מיטן.

דער איטאַליענישער שער־שלייפער איז גראָד אָנגעקומען מיט זיין טשעמאָדאַן און מיט שערן אין האַנט. ער האָט שוין געוואָלט אָנפאַנגען מיט זיין געוויינלעכן נוסח: „סיזערס שאַרפּן!", נאָר דערזען דעם שטילן אומעט, האָט ער, ווי צו זיך אַליין, אַ פרעג געטאָן:

— „וואַצי די מעטער?"

אויגן האָבן זיך איבערגעקוקט פול מיט צער: „וואָס ווייסט ער פון אַזאַ אומגליק ווי אונדזערס? וואָס ווייסט ער פון אַזאַ בראָך?" מען קאָן נישט דערקלערן, ענטפערט מען מיט פאַרשטיקטן שווייגן.

באַלד אָבער האָט זיך פון צווישן די פאַרשטומטע מאַשינען און פאַר־לאָזטע נאָדלען און אייזנס — אויפגעהויבן אַן ערנסטע שטימע אין דער פאַרגליווערטער שטילקייט:

## היימישע מענטשן

— ס'איז היינט דער 19טער אַפּריל! געדענקט, דעם 19טן אַפּריל 1943, איז פון אַ האַלבן מיליאָן יידן אין וואַרשע, אין דער שיינער הויפּט־שטאָט פון פּוילן, לעבן געבליבן בלויז פערציק טויזנט . . . פאַרפייניקטע, פאַרשקלאַפטע, הונגעריקע קינדער, און די דייטשע מערדער . . .

די שטים איז מיטאַמאָל איבערגעריסן געוואָרן, אַזוי ווי פאַרזונקען אין דער טיפער פיינלעכער שטילקייט — אַ שטילקייט, וואָס האָט אומ־היימלעך געשריען און אַזש געגרייכט צו די אַפּיסעס און אין דער „שאָו־רום" צום באַלעבאָס.

דער הי־געבוירענער יידישער באַלעבאָס און די הי־געבוירענע סעילסלייט זיינען אַריין אין שאָפּ אויסצוגעפינען וואָס ס'איז עפּעס אַזוי שטיל געוואָרן. דערזען די ערנסטע פּנימער, וועלכע וואַרטן, קוקנדיק אויפן אָפּערעיטאָר, וואָס שטייט אין מיטן מיט אַ פּנים פול מיט טרויער און מיט אויגן פול מיט פייכטקייט — האָבן זיי זיך געכאַפּט, אַז עס מוז שוין זיין עלף אַזייגער . . .

זיינען זיי אויך געבליבן שטיין צווישן די דרעסעס, געשוויגן און גע־הערט ווי יענער האָט ווייטער גערעדט:

— ס'איז געווען פרילינג אין פּוילן, נאָר נישט פאַר די יידן. ס'האָט שוין אָנגעהויבן גרינען די פּוילישע ערד, נאָר די נאַציס האָבן געצוואונגען די יידן גראָבן קברים פאַר זיך . . . איז בלויז פערציק טויזנט יידן געבליבן אין וואַרשע! האָבן די פערציק טויזנט מענער, פרויען און קינדער באַ־שלאָסן נישט צו גיין צו דער שחיטה, נאָר: תמות נפשי עם פלישתים!... דאַן איז געקומען דער 19טער אַפּריל 1943. נאָכדעם זיינען געקומען צוויי און פערציק טעג און צוויי און פערציק נעכט פון העלדישן געראַנגל מיטן נאַצי־מערדער. שפּעטער . . .

יאָ וואַרשע איז געבליבן אָן יידן . . . אָן יידן . . .

— אל מלא רחמים, — צעטראָגט זיך די שטימע פון איינעם פון די שאָפּ־אַרבעטער. די שטימע גרייכט יעדן ווינקל פון שאָפּ, קלינגט־אָפּ אין יעדנס האַרץ. — אל מלא רחמים . . . וואו איז באַרימהאַרציקייט? אל מלא רחמים . . . וואַרשע אָן יידן, ווילנע אָן יידן, לעמבערג אָן יידן, אומעטום — קברים! אל מלא רחמים . . . די פראַנצויזישע אַרבעטערין אין שאָפּ וויינט אויפן חורבן פון איר היימלאַנד. וויינט וועגן איר איינ־ציקן זון, וועלכער שלאָגט זיך קעגן די נאַציס.

דער באָס, וואָס פרעגט זיך אַלעמאָל נאָך אין שפּאַס אויף זיין זיידן יאַנקל דער בלינדער פון פּינסק, שטייט איצט ערנסט, ווי ער וואָלט וועלן

# שלמה וואַסערמאַן

אויסרעכענען: יאַנקל? איז ער טאַקע געווען בלינד? וואָס וואָלט גע־
ווען, ווען מיין טאַטע־מאַמע קומען נישט קיין אַמעריקע, וואו וואָלט איך
איצט געווען? . . .

„אל מלא . . .״ — הערט זיך איין דער פאַרמאַן. ער איז געבליבן
שטיין ווי איין מיטן יאָגן זיך נאָך עפּעס. די דרעסעס אַרום אים — ווי
געהאַנגענע קרבנות, און ער, ווי ער וואָלט אָנגעהויבן קומען צו זיך און
פרעגן: וואָס טוט זיך דאָס אויף דער וועלט? דאָרטן שעכט מען, דאָ לויף,
יאָג, האַווע, שריי. נישטאָ קיין צייט אַ טראַכט צו טאָן: וואו בין איך?
ס'איז דאָך געווען אייגן בלוט און פלייש אין גאַליציע, וועלכע פלעגן אַמאָל
שרייבן און בעטן נישט פאַרגעסן אָן זיי. וואָס־זשע איז געוואָרן פון זיי?
— „אל מלא . . .״

איבערגעריסן איז דאָס געזאַנג. שטיל איז מען געבליבן שטיין מיט
געבויגענע קעפּ אויף צוויי מינוט. קעפּ — בלאָנדע, שוואַרצע, גרויע,
האַלב־נאַקעטע, אַלע — פון זעלבן שווערן טרויער געבויגן . . . געדאַנקען
פליען שנעל איבער גרענעצן, איבער ימים, איבער שלאַכט־פעלדער, צו
דער אַלטער היים.

צוריק צו דער אַלטער אָרעמער ביטער־זיסער היים. צום שווערן
באַרוועסן לעבן. מען בענקט אַהין וואו מ'האָט זיך אויסגעוויגט, וואו מען
האָט די ערשטע טריט געשטעלט, וואו מען האָט אָנגעהויבן רעדן. טאַטע־
מאַמע האָבן זיך געפרייט און געזיפצט . . .

צוויי מינוט איז מען צוריק אין דער היים: בלויער הימל. שמעקנ־
דיקע ערד. פאַרשטיקטער חדר — בית־מדרש. וואַרשטאַט. קלויסטער
אין מיטן מאַרק. האַלערטשיקעס רייסן יידישע בערד. מען שרייט. מען
לויפט. דער הימל איז בלוי און רואיק. ס'איז פרילינג. עס בליט. יידן
קרעכצן . . . פוילן לאַכט און — 19טער אַפּריל 1943 . . .

איז אַלע . . . קיינער? . . .

נישט געבליבן צו וועמען אַ בריוו צו שרייבן? . . .

נישט געבליבן וועמען עפּעס צו שיקן? . . .

קיינער וועט מער נישט שרייבן, אַז מען בענקט? . . .

נישטאָ מער ווער ס'זאָל בעטן אַ „פּיקטשע״ פון די קינדער? . . .

קיינער וועט שוין מער נישט בעטן, נישט וויינען, נישט פרעגן? . . .

וואָס־זשע שוויגט מען?! זאָל מען עפּעס . . .?!

— אין אונדזערע הערצער, אין אונדזער געדעכעניש וועט איר איי־
ביק לעבן! — רייסט איבער דער רעדנער די שטילקייט. — מיר שווערן

## היימישע מענטשן

צו נעמען נקמה פון די דייטשן! מיר וועלן זייערע פאַרברעכנס קיינמאָל נישט פאַרגעבן, קיינמאָל נישט פאַרגעסן!

צען מינוט טרויער איז פאַרענדיקט . . .

מען האָט ווידער אויסגעגלייכט די קעפּ און אויסגעווישט די אויגן. מען האָט צוריק געלאָזט די עלעקטרישע קראַפט. יעדער איז ווידער צוריק אויף זיין אָרט. דער שאַפּ־טומל איז צוריק איינגעשטעלט. דער איטאַליענישער שער־שלייפער רופט איבערן שאַפּ: „סיזערס שאַרפן!" . . . היינט שפּאַסט מען אָבער נישט מיט אים . . . דער פאָרמאַן שרייט: „שפּעשל", אָבער וואָס־זשע פאַר אַ ווערט האָט דאָס היינט? מען ענטפערט מיט אַ האַלב וואָרט, מען זינגט נישט. די 10 מינוט טרויער וועלן זיך ציען טעג און נעכט, וואָכן און יאָרן — אַז אַלע . . . זיינען . . . דאָרטן . . . טויט . . .

צו די פענצטער פון שאַפּ קומען, ווי אַלע טאָג, טייבעלעך זוכן חיונה, קוקן מיט די אומשולדיקע אייגעלעך אויף די מענטשן, וואָס זיצן נאָענט צו די פענצטער, און ווי זיי וואָלטן פרעגן: וואָס איז היינט דער טרויער? וואָס זיינען די אויגן ביי אייך אַזוי אומעטיק? האָט היינט קיינער פאַר אונדז קיין קרישקעס ברויט נישט אַרויסגעלייגט? . . . איז אַ שפּרונג, אַ מאַך מיט די פליגל און אַוועק צו אַן אַנדער שאַפּ, צו אַנדערע פענצטער...

— און קאָן טאַקע די וועלט גאַרנישט טאָן צו ראַטעווען די געבליבענע יידן?

אַן ענטפער — אַ טיפער זיפץ און ווידער אַ טרויעריק שווייגן . . .

# נצחון

די טירן פון סאָבוועי־צוג האָבן זיך געהאַלטן אין פאַרמאַכן. בלויז אין איין וואַגאָן איז נאָך געווען אָפן אַ טיר, וואוהין מאַרגאָליס האָט זיך געשטופּט און נישט געקאָנט אַריין, ביז ס'איז אָנגעקומען אַ פּלאַטפאָרם־מאַן און מיט זיינע שטאַרקע הענט אים אַריינגעקנאָטן, ווי אַ שטיקל טייג אין דער פולער דייזשע אַריין. און בעת יענער האָט פאַרמאַכט די טיר הינטער אים, האָט ער אויפגעכאַפּט יענעמס אויסרוף: „נאָך אַ ניקל"!...

דאָס אַהיימפאָרן — אַן איינגעפּרעסטער — אין די אָנגעפּאַקטע וואַגאָנעס, איז ביי מאַרגאָליסן אַ פאַרזעצונג פון אַ גאַנצן טאָג אָנגעצויגענעם טעמפּאָ, וואָס דערלאָזט נישט צום מוח קיין זאַכן, וועלכע האָבן נישט קיין שייכות מיט זיין באַשעפטיקונג. דעריבער האָט ער תיכף נישט אויפגעכאַפּט יענעמס חכמה. ערשט ווען דער צוג האָט געריירט פון אָרט, האָט ער באַמערקט, אַז די מענטשן, וועלכע זיינען געבליבן אינדרויסן, קוקן צו די מענטשן פון אינעווייניק און לאַכן. ער האָט פאַרזשמורעט די אויגן, ווי ער וואָלט זיך וועלן עפּעס דערמאָנען. אין אַ ווײַלע שפּעטער האָט אויפגעטויכט אין זיין געהער — „נאָך אַ ניקל!" . . .

אויף מאַרגאָליס' פאַרהאַרטעוועט פּנים האָט זיך באַוויזן אַ שמייכל, וואָס איז באַלד פאַרשלונגען געוואָרן — פון פאַרדרוס, ווייל וואָס האָט יענער זיך דאָ צו חכמהען? אַ שיינער געלעכטער אַזאַ אַהיים פאָרן!

ער האָט פּלוצים אָנגעצילט זיינע אויגן אויף אַ מאַן, ווי ער וואָלט זיך געוואונדערט:

„זע נאָר, זע, ווי קומט ער אַהער? וואוהין פאָרט ער? וואו איז ער געווען די גאַנצע צייט? אַי, האָט ער זיך אַזוי פאַרענדערט! . . . נאָר שאַ... יאָ, כ'האָב, דאַכט זיך, גאָר אַ טעות... נישט דער וואָס כ'האָב געמיינט..."

אין אמתן האָט מאַרגאָליס נישט געוואוסט, אַז ער האָט אויף יענעם אַזוי שאַרף אָנגעשטעלט די אויגן. ער האָט גאָר געטראַכט וועגן דעם פּלאַטפאָרם־באַדינער, וואָס האָט געחוזקט: „נאָך אַ ניקל" — נישט קיין מענטש, נאָר אַ ניקל . . . בלויז נאָך אַ ניקל קאַרפּעיר, נישט מער . . . און זיי לאַכן נאָך . . . נאַראָנים! אַזאַ פּלאַטפאָרם־מאַן דאַרף מען פאַר־בייטן! . . .

ביסלעכווייז האָט זיך אָפּגעטאָן דער שמייכל פון די מיטפאָרער. יע־דער האָט זיך געפּרואווט מאַכן באַקוועם. איינער — לייענען אַ צייטונג,

## שלמה וואַסערמאַן

אַ צווייטער — אַוועקשטעלן זיך גלייך, און ווער — אין אַ פּאַרזוך אַרויסקריגן אַ באַזטיכל פון קעשענע, אָבער נישט געקאָנט . . . האָט מען געוואַרט אויף דער צווייטער סטאַנציע, וואו ס׳וועט מעגלעך ווערן גראַמער, און דערווייל זיך פאַרקוקט אַזוי ווי אין ערגעץ נישט.

מאַרגאָליס האָט פאַרריסן דעם קאָפּ איבערן שכנס אַקסל, צו כאַפּן די לעצטע נייעס פון יענעמס צייטונג, און שנעל באַנומען די באַדייטונג פון די ווערטער מיט גרויסע אותיות, אַז עס איז נישט גוט. ס׳איז נישט דאָס, וואָס מען האָט געהאָפט אויף נאָך דער מלחמה. נאָר באַלד איז דאָס אָפּגעשטויסן געוואָרן אין זיין געדאַנק, וועלכער איז נאָך געווען אָנגעלאָדן מיט שאַפּ־טומל, מיט טענות, קריוודעס און שטעכווערטלעך.

דער פאַרגאַנגענער טאָג, וואָס איז געווען געראָטן אין די פריערדיקע טעג, האָט ווי אַ געדיכטער נעפּל אָנגעפילט זיין מוח. פון צייט־צו־צייט האָבן געדאַנקען־פונקען אַ לייכט געטאָן און ווי געמאָנט: פאַרהאַלט אונדז, זאַמל אונדז אָן, באַלייכט און צעטרייב דעם גרויסן נעפּל! נאָר די ליכטיקע פונקען זיינען אויסער זיין רשות, זיי פליען אַוועק און לעשן זיך אויס. טוט ער אַ דריי מיטן קאָפּ — ס׳טויג נישט! . . .

נאָר ער כאַפּט זיך באַלד, אַז נאָך אַזאַ באַוועג מיטן קאָפּ, קען נאָך עמעצער קוקן אויף אים. דאַרף מען ווייזן, „אַז וויס איך וואָס!" — אַז אָט האַלט ער גאָר אין פאַרקנעפּלען זיין רעקל . . . ער איז זיך אָבער באַלד מישב: פאַר וועמען זיך אַנטשולדיקן? אַ דריי מיטן קאָפּ, פאַרקנעפּלט, צי נישט פאַרקנעפּלט, אַז עס אַרט נישט די שיינע וועלט וואָס עס טוט זיך אין שאַפּ . . . און וואָס עפּעס נאָר אין שאַפּ? און דאָס גרויסע אומגליק אונדזערס אַרט זיי דען יאָ? אַז אַ קנעפּל איז נישט אַזוי אַקוראַט — דערזעט מען באַלד . . . זאָל זיי טאַקע אַרן . . . נישטאָ פאַר וועמען זיך צו שעמען . . .

זיינע אָפּענע פּאָלעס קריכן דעם זיצנדיקן שכן אין פּנים אַריין. יענער האַרפּט בייזע בליקן. מאַרגאָליס ווייסט אָבער נישט פאַר וואָס, ענטפערט ער אים מיט אַ צוק פון די ברעמען, ווי איינער זאָגט: זע נאָר, מ׳קאָן שוין היינטיקע צייטן ניט פאָרן אַפילו אין אַ סאָבוועי! אַלע זיינען בייז, קידער־הידער — אויף מעסער־שטעך! כ׳האָב אים געקוילעט די קאַפּאָטע! טאָמער בין איך געשטאַנען לעבן אים . . . אַ וועלט געוואָרן! שלעכטס אומעטום . . . אין שאַפּ אויך אַזוי: מען יאַדעט זיך, מען קיבעצט זיך און מען מוז נאָך מיטלאַכן, אַז נישט, נעמט מען גאָר אין דער „געראַלניע" און מען ־ערגייט די יאָרן . . . זייער באָבעס דאגה פאַר וואָס דער שפּילט נישט קיין קאָרטן, פאַרוואָס יענער שפּילט אין נומערן און

נישט אויף קיין פערדלעך, און וואָס אַן אַנדערער טוט מיט זיינע פּאַר־דינסטן . . . אַמאָל, פאַר דער מלחמה, האָט מען פון קלענערע פּאַרדינסטן געהאַט אַ גרעסערע הנאה. ס'איז געווען וועמען אַהיימצושיקן אַביסל געלט: דעם אויף יום־טוב, יענעם אויף אָנצוהאַלטן דאָס אָרעמע קרעמל און אַמאָל אויך נדן פאַר אַ קינד . . . שוין נאָך דער מלחמה און מען הערט נאָך אַלץ ניט פון קיינעם. אפשר האָבן זיי פאַרלוירן מיין אַדרעס אין דער גרויסער מהומה? . . . גיי, האָב איבזינען אַ קנעפּל . . .

זיינע אומרואיקע אויגן האָבן זיך מיטאַמאָל אָנגעפילט מיט פאַר־צווייפלונג, ווי ער וואָלט אומגעריכט זיך דערזען ביים ראַנד פון אַ מורא־דיקן תהום און . . . ווינציק ביטער — דאַרפן זיי נאָך קיבעצן, שיטן זאַלץ אויף די וואונדן. אַז וועמען ווילט זיך לאַכן? ווער האָט דאָס אַ האַרץ צו זיין פריילעך?! כאָטש טו זיך אָן אַ מאַסקע און האַלט בלאָט מיט זיי...

אַז אויף דער צווייטער סטאַנציע איז געוואָרן אַביסל גראַמער האָט ער אַרויסגעשלעפּט די צייטונג פון קעשענע צו לייענען. האָט איינגע־נעצט אַ פינגער אין די ליפּן פאַנאַנדערצונעמען זי, איז אָבער די צייטונג צעקנייטשט, צעקנאָדערט און לאָזט זיך נישט איבערמישן. זי דרייט זיך אַוועק פון אים ווי אַ באַליידיקטע, וואָס זי איז ביי אים פאַר דער צייט אַלט געוואָרן. ערשט אַ טאָג אַלט און האָט שוין ניט קיין פּנים . . .

אַן אומגעלומפּערטער דרייט ער זיך נאָך דער צייטונג, ווי ער וואָלט זיך פאַר איר אַנטשולדיקט: „מיינסט, אַז נאָר דו האָסט ביי מיר אַזאַ מזל? די צייטונגען פון די פריערדיקע טעג האָבן ביי מיר אויך געאַהט אַזאַ לעבן. ס'איז נישט מיין שולד, וואָס איך דאַרף זיך מיט דיר פירן צו דער אַרבעט און פון דער אַרבעט אין אַזאַ ביטערער ענגשאַפט . . .״ און אַז די צייטונג האָט זיך אים אונטערגעגעבן, טוט ער זי אַ נעם פאַנאַנדער ברייט און שלאָגט זיך אָן אָן אַ מאַן. דער מאַן כאַפּט אַ זייטיקן בליק און, מיי־נענדיק אַז ער איז עמעצן שטאַרק אין וועג, רוקט ער זיך אָפּ אַביסל.

מאַרגאַליס טוט אים אַ מעסט־אָפּ: הויך, בלאָנד . . . „אַ דייטש״ — טוט ער אַ טראַכט, — „אַן אַנטיסעמיט! עס פּאַסט אים נישט צו שטיין לעבן אַ ייד. אַזאַ פאַשיסט!״ און עס צעפלאַקערט זיך אין אים אַ צאָרן צו דעם נאַצי, אַזש ער ווערט גרייט אויף אַלץ. זאָל יענער זיך נאָר מיט עפּעס פאַרטשעפּען, וועט ער אים אַזוי מכבד־זיין, אַז ער וועט זיך דערזען מיט זיין פירער אויף יענער וועלט! ס'איז דיר דאָ נישט דייטשלאַנד! ס'האָט זיך שוין געטראָפן, אַז אַזעלכע וואוילע יונגען האָבן זיך פאַרטשעפּעט אין די סאָבוועיס מיט יידן, האָט מען דערלאַנגט צוריק! . . . עס מאַכט נישט אויס, וואָס יענער איז אפשר שטאַרקער. נו, אין די געטאָס זיינען דען

די באַציס נישט געווען שטאַרקער? דאָך האָט מען נישט געשוויגן... יאָ, רויט אָדער טויט!... גרויסער מיוחס מיינער! דאָרטן האָבן זיי אַלץ חרוב־געמאַכט און דאָ — כאָטש צאָל זיי נאָך צו! אָט, מאַכט אַ וואַרע פאַרן שיינעם מענטשן!

די בלוטן זידן אין אים פון דער באַלדיקער מעגלעכקייט אָפּצורעכע־נען זיך מיט אַ שונא. דאָס פּנים איז ביי אים בלאָס, דאָס האַרץ קלאַפּט האַסטיק, די פויסטן ביילן זיך, נאָר אַז עס גייט פאַרביי אַ ווילע און יענער איז גאָר אַלץ פאַרנומען מיט זיינע אייגענע געדאַנקען, ווערט אים, מאַר־גאָליסן, לייכטער דאָס געמיט, וואָס ס'איז אויסגעמיטן געוואָרן אַ מיאוסע סצענע פון אַ געשלעג. ווייל וואָס איז ער דען איצט? — אַ יונגער בחור מיט פרישע כוחות? ער געדענקט שוין ניט די צייטן ער זאָל האָבן קעגן ווּעמען געהויבן אַ האַנט... אוי, ווי זיין ווייב וואָלט דאָס געבראָכן די הענט ווען מען ברענגט אים אַהיים אַ צעקאַליעטשעטן! די שכנים וואָלטן זיך צונויפגעלאָפן און ער וואָלט אַלעמען געדאַרפט דערציילן די זעלביקע מעשה: „וואָס, כ'וועל זיך לאָזן פון אַן אַנטיסעמיט? דאָ אין ניו־יאָרק!... דאָס איז גאָרנישט — אַביסל צעבלוטיקט... מען דאַרף קאָנען נעמען אַ קלאַפּ... דערפאַר, אָבער, ווען איר זאָלט אים אָנקוקן..." ער טוט נאָכאַמאָל אַ בליק אויף דעם פיינט און ווישט זיך דעם שווייס פון שטערן... „אַך, איז דאָס אַביסל הייס אין סאָבוועי!... אויף כפּרות דאַרף מען דעם „אָווערטאַים"! אַז עס נעמט אַרויס דעם קליאָק פון די ביינער..."

נאָר אָט איז שוין אַ נייע סטאַנציע. עס ווערט פלאַץ צום זיצן. ער פילט שוין דעם טעם פון זיצן און האַלטן פאַרמאַכט די מידע אויגן. דער מאָנאָטאָנער גאַנג פון צוג וויגט אים איין אין אַ זיסן דרעמל. נאָר נאָך איידער ער האָט באַוויזן זיך אַוועקזעצן, האָט זיך פון ערגעץ צוגערוקט אַ פרוי מיט אַ קינד לעבן אים.

מאַרגאָליס און די פרוי זיינען געבליבן שטיין ביים אָפּגעליידיקטן פלאַץ. זיי האָבן זיך איבערגעקוקט. מאַרגאָליס האָט זיך שנעל געשלאָגן מיט דער דעה: „זי איז דאָך נאָר וואָס אַריינגעקומען, מסתמא פון אַ מואווי, און ער שטייט שוין אַזוי לאַנג אויף די פיס נאָך אַ שווערן טאָג אַרבעט און..." ער דערהערט אָבער ווי עס רייסט זיך פון אים מיטאַמאָל ווי אומווילנדיק אַרויס: „זעצט זיך! ס'איז אָלראַיט. איך וועל שטיין". און — ער איז געבליבן מיט דער האַנט אויפן הענגער...

אַ ווילע שפּעטער האָט זיך דאָס קינדישע שטימעלע צעקלונגען מיט אַלערליי פלאַפּלערייען און פראַגן, פון וועלכע די פּאַסאַזשירן האָבן דער־וואַכט, ווי פון אַ פריש ווינטל, וואָס כאַפּט זיך אַמאָל אַריין אין סאָבוועי

דורך אַן אָפענעם פענצטער.

נאָר מאַרגאַליסן שפּאַלט דאָס שטימעלע דעם מוח. ער קאָן ניט פאַר־טראָגן אַזעלכע זאַכן נאָך אַ שווערן טאָג אַרבעט. אַרבעט? — ס'איז נאָך ערגער פון האָלץ־האַקן! שוין וואָכן און וואָכן אַלץ די זעלבע אַרבעט, אָן אַן איבעררייס. ס'איז שוין פּשוט נמאס־ומאוס אַ קוק צו טאָן אויף דעם. אין שאַפּ איז אַזוי ענג — ניטאָ וואו אַ שפּאַן צו טאָן, ניטאָ מיט וואָס צו אָטעמען, און איצט נאַדיר גאָר דאָס שפּיל־פּייגעלע צום רומל פון גרילצע־דיקן סאָבוועי.

און דאָס מיידעלע שוויגט ניט קיין מינוט. מאַרגאַליס קוקט ווי מענטשן הערן זיך איין מיט דערוואַכטע פּנימער און צעשטראַלטע אויגן, און ער וואונדערט זיך:

„זע נאָר, ווי מען שלינגט דאָס אירע חכמות! אַז אַזוי פיל קינדער איבער דער חרובער וועלט וויינען נאָך אַ שטיקל ברויט, הערט מען זיי נישט. קיין געוויין וויל מען ניט הערן. אַ וועלט געוואָרן! גיב זיי זיסע לעקעכלעך . . . נאַרישע צייט־פאַרטרייבן — דאָס האָבן זיי ליב . . . אין שאַפּ אויך אַזוי . . . אומעטום די זעלבע מענטשן. פּונקט ווען ס'איז דוש־נע, ווען ס'איז אָנגעפּאָרן אויפן האַרצן, ווען עס ווילט זיך וויינען, יאָ, פּשוט וויינען, שרייען און פרעגן: פאַרוואָס? וואָס פאַר אַ שלעכטס האָבן מיר יידן דאָס געטאָן דער וועלט, איבער וואָס פאַר אַ זינד פּייניקט מען אונדז? — שרייען זיי אויף מיר: גענוג, שוייג! מיר זיינען אַזעלכע גוטע יידן ווי דו. מיר ווייסן אַליין אויך פון די צרות אָן דיין דערציילן!... זיי לאָזן קיין וואָרט ניט אויסרעדן! און משה קאַפּויר — סידני, עפּעס נאָר ווי אַ משומד אויף צו להכעיס, צעזינגט זיך נאָך. אַז אָך און וויי איז צו אַזאַ געזאַנג! די דייטשן, די מערדער, האָבן דאָך דאָרטן פון זיין משפּחה קיין לעבעדיקן נפש ניט איבערגעלאָזט און ער זינגט . . . ס'איז אַ חברהמאַן מיט אַן אויערינגל! אָפּט קאָן מען זען ווי די טרערן שטיקן אים אין מיטן זינגען, אָבער רעדן דערפון וויל ער ניט און לאָזט יענעם אויך ניט רעדן. „מען דאַרף ניט זאַלצן קיין וואונדן, זאָגט ער, און מען דאַרף עפּעס טאָן זיי צו היילן” . . . נו, גיי רעד מט אַזאַ פעפערל! . . .

אַזוי טראַכטנדיק לענט ער אָן דעם קאָפּ אויף דעם אויפגעהויבענעם אָרעם. דער צוג וויגט זיך, די אויגן־דעקלעך מאַכן זיך צו, דער מידער קערפּער בלייבט הענגען אויף דער אויסגעאַרבעטער האַנט, וואָס דינט אים געטריי אויך איצט, אַ זיסער תענוג פילט אָן זיינע אברים . . . די שווע־רע געשפּאַנטקייט לאָזט נאָך . . . אַ לייכטער נעפּל הילט אַלץ איין . . . די מענטשנס רייד און דער רעדער־גרילץ ווערן ווייט און ווייך . . . ער

# שלמה וואסערמאן

חשבונט עפעס: ציילט, פאַרמישט זיך, פאַנגט אָן אויף דאָס נײַ — צו קיין טאָלק קומט ער ניט און ווי פון גאָר ווײַט וועקט אַ ניגון:

— מאַמי, פאַרוואָס שלאָפט דער מאַן שטייענדיק?

ער עפנט די אויגן, קוקט צי איז ער ניט פאַרבײַגעפאָרן זײַן סטאַנ־ציע און ער דערמאָנט זיך, אַז עפּעס אַ שטימעלע האָט זײַן רו געשטערט. שמייכלענדיקע אויגן באַוואונדערן דאָס מיידעלע, וואָס לאָזט פון אים נישט אַראָפּ קיין אויג . . . געשלאָפן שטייענדיק? ווייס איך וואָס! בלויז פאַרמאַכט די אויגן . . . זע נאָר, שוין טאַקע אַרויס פון אונטער דער ערד?! . . .

— מאַמי, פאַרוואָס לויפט איצט די באַן אין דער הויך?

און איידער די מאַמע באַווייזט איר צו ענטפערן, פרעגט זי ווידער:

— מאַמי, פאַרוואָס קײַעט דער מאַן אַ „טוטפּיק"?

מאַרגאָליס האָט זיך אומגעקוקט, צו זען, וועמען דאָס קינד קאָן מיינען. דער עולם לאַכט און . . . אוי, זאָל ער אַזוי וויסן פון אַ בײַז שטערנטיכל צי ער ווייסט ווי אַזוי דער „טוטפּיק" קומט צו אים אין מויל אַרײַן. אַז דער קאָפּ איז אַלעמאָל אַזוי צעשרויפט, אַז מען ווייסט ממש ניט וואָס מען האַלט אין מויל . . . טאַקע אַ קלוג מיידעלע . . . וואָס פאַר אַן אויגן דאָס האָט, אַלץ זעט דאָס!

איצט האָט שוין מאַרגאָליס געוואַרט צו הערן אַ נײַ חכמהלע פון דעם קינד, וואָס איז שוין געשטאַנען מיט די קניעלעך אויף דער באַנק, מיטן פּנימל צום פענצטער און געשוויגן פאַרגאַפט. פּלוצים טוט דאָס אַ לייג אַרויף דאָס הענטל אויף דער מאַמעס באַק און רופט אויס:

— מאַמי, זע, די הײַזער לויפן אַוועק!

אַלע אין וואַגאָן האָבן געלאַכט, און מאַרגאָליס — העכער פון אַלע־מען. ווי אַ פרישער קוואַל וואָלט זיך פאַר אים דורכגעשלאָגן צו דער אויבערפלאַך. זײַן צעערגערט פּנים, וואָס אין דער מידקייט זעט דאָס אויס ווי אַן אומבאַשטימטע לויזע מאַסע, איז איצט באַלויכטן געוואָרן פון דער גרויסער הנאה און האָט געענדערט זײַן אויסזען . . .

דאָס מיידעלע איז ווידער שטיל פאַרטראַכט און חידושט זיך אויף דער פאַרבן־שפּיל פון דער פאַרגייענדיקער זון. מאַרגאָליס קוקט אויפן קינד און וואונדערט זיך צוזאַמען מיט איר אויפן פאַרנאַכטיקן הימל, וואָס איז גרינלעך־בלוי מיט ראָזע דינע וואָלקנדלעך, און דאָרט ווײַט, הינטער די הויכע דעכער און ווײַטע ביימער־שפּיצן, שפּילט זיך די זון ווי אין באַהעלטעניש; אַט גיבן וואָלקנדלעך אַ דעק־צו און — ניטאָ די זון! באַלד אָבער צעלאַכט זיך די זון מיט אַלערליי שײַנע קאָלירן און ווײַזט

אַ האַלב פּנים: „איך זע דיך!" און דאָס אַנדערע האַלבע פּנים שפּרייט בעת־מעשה שטילע וויכע שאָטנס אויף די הייזער, אויף די ווענט, אויף די פּרייע לאָטס, אויף די גאַסן און דער פּאַרנאַכט ווערט יום־טובדיק. די מענטשן, וואָס גייען דאָרטן אין די גאַסן, גייען געמיטלעך ווי צו אַ יום־טובדיקן מנחה־מעריב. אויס שאַפּ, אויס ענגשאַפט, אויס ערגערניש — אַ פּאַרנאַכט, אַ פּאַרבלאָנדזשעטער ליבער גאַסט פון דעם ווייטן אַמאָל.

דער „אַמאָל" שמעקט מיט זיסע ריחות. מאַרגאָליס וואָלט זיי איצט געוואָלט איינאָטעמען, זיך אַנזעטיקן מיט דער שטילער רו אויף פאַר דעם וואָכעדיקן מאָרגן . . . אָבער זע נאָר, דאָרט זיצט דאָך נאָך דער הויכער, דער בלאָנדער אַנטיסעמיט! וואָס לאַכט ער? וואָס פאַר אַ פרייד קאָן עס האָבן אַ פאַשיסט? ער לאַכט אַוודאַי פון מיר . . . וואַרט, וואָס איז דאָס? פון זיין קעשענע קוקט דאָך גאָר אַרויס אַ יידישע צייטונג!

מאַרגאָליס קוקט זיך גוט איין און וואונדערט זיך, ווי אַזוי האָט ער עס גאָר געקאָנט מאַכן אַזאַ טעות, אַז יענעמס גאַנצער אויסזען און דער שטילער אומעט אין די בלויע אויגן איז אַ יידישער. ער דריקט אונטער אַ טיפן זיפץ: „צופיל חשד, צופיל אומצוטרוי, האָט זיך ביי מיר אָנ־געקליבן . . . דער שווערער יאָך . . . קיין ביסל פרייד . . . און די מענטשן אין שאַפּ זיינען דען שלעכט? ניין, פאַרקערט, וואוילע מענטשן! אָן אַ שפּאַס וואָלט דאָך אין שאַפּ גאָר שווער געווען . . . נו, און דער פּלאַט־פאָרם־מאַן האָט דען געמיינט צו באַליידיקן מיט זיין שפּאַס „נאָך אַ ביקל!"? ניין, מען דאַרף אים ניט פאַרבייטן . . .

— גוד־באַי! — רופט מיטאַמאָל אויס דאָס מיידעלע און וואַרפט מיטן הענטל צו די מענטשן. אַ שטילע פרייד האָט זיך אַ צעשפּרייט געּ־טאָן אויף די פאַרהאָרעוועטע פּנימער פון די מענטשן, און זיי זיינען מיט־אַמאָל ווי באַפרייט געוואָרן פון גרויסשטאָטישער רוגזה און פרעמדקייט.

מאַרגאָליס האָט נאָכגעקוקט דעם קינד מיט עפּעס אַזאַ פרייד, וואָס איז ניט זיכער, צי אַזאַ פאַרדאגהטער, פאַרערגערטער ייד ווי ער איז, מעג זיך דערלויבן אין אַ מיטן דער וואָך אַזאַ יום־טוב.

ער האָט אַרויסגעכאַפּט דעם ציין־שטעכער פון מויל, אים צעבראָכן און געלאַכט מיט הנאה צו זיך אַליין, וואָס אַ קינד, אַ נאַרעלע, אַ פּלאַפּלערל, אַ שטיק פרייד, האָט אָפּגעהאַלטן אַ נצחון איבער זיין שווערן געמיט . . .

# אַ נייע סביבה...

אַלע פרימאָרגן, כמעט אין איין צייט, קומט מר. קאַפּלאַן אַרויס פון דער זעלבער סאָבוועי־סטאַנציע, מיטן פּנים פאַרריסן צום גרויסן שטאָט־זייגער, ווי ער וואָלט זיך מעלדן: גוט־מאָרגן, זייגער! אָט בין איך שוין ווידער דאָ מיט מיין בינטלביינער.

צו דעם גרויסן זייגער האָט מר. קאַפּלאַן צוטרוי, ווייל אויף אַ זייגער, וואָס שטייט אין מיטן שטאָט, און מיליאָנען מענטשן קוקן טאָג און נאַכט אויף זיינע ווייזערס, מעג מען זיך פאַרלאָזן. פונדעסטוועגן כאַפּט ער אַ בליק אויף זיין אייגענעם האַנט־זייגערל, וואָס דאַרף שווייגנדיק עדות זאָגן אויף דעם גרויסנס פּינקטלעכקייט . . .

שוין יאָרן און יאָרן ווי ער קומט אַזוי מיט דער פּינקטלעכקייט פון די זייגערס דאַון־טאַון און גייט אַוועק אין אַטאָמאַט־רעסטאָראַן, צו טרעפן זיך מיט זיינע באַקאַנטע. צוליב זייער אָפטן באַגעגענען זיך באַמערקן זיי אַפילו נישט, ווי די יאָרן האָבן זיי אָפּגעשטעמפּלט. ביי איינעם זיינען די יאָרן אַוועק ווי גנבים, מיטגענומען שטיקער לייב, אַרומגעצופּט די מוסקולן, אויסגעהוילט די באַקן, איבערגעלאָזט אַ הויכן שטערן מיט אַ לאַנגער נאָז און — אַנטלאָפן.

ביי מר. קאַפּלאַן האָבן זיך די יאָרן אַוועקגעלייגט ווי אַ קנויל אויף די פּלייצעס, זיי געמאַכט רונד, הויך, אים אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ איבער דער פלאַכער ברוסט צום פאַרריסענעם בויך און אויסגעהעפט אַ סך דינע קנייטשעלעך אויף זיין פּנים.

אין רעסטאָראַן טרעפן זיי זיך יעדן טאָג און רעדן זיך אַראָפּ פון האַרצן. קאַפּלאַן עסט פרישטיק אין הויז, דאָ סערווירט ער זיך אַ גלאָז וואַסער צום טיש. דערמיט דערפילט ער זיך ווי אַ גלייכער תקיף מיט אַלעמען און ער פאַנגט אָן ווי אַ פאַרזעצונג פון נעכטן:

— יעס, סער! אַזוי איז דאָס.

די אַרומיקע כאַפּן באַלד דעם באַדייט פון דעם זאָג. אַמאָל מיינט דאָס די לעצטע נייעס פון זייער פאַך, אַמאָל — די אויסטייטשונג פון וועלט־נייעס, און מען ענטפערט:

— יאָ, וואָס דען האָסטו געמיינט?

— איז דאָך טאַקע פאַסקודנע!

אַביסל טענות האָבן זיי אַלעמאָל געהאַט צו מענטשן, צו דער וועלט,

פלעגן זיי אַזוי לאַנג דאָס אַרומרעדן, ביז עס איז די לייכטער געוואָרן אויף די הערצער און מען איז צוריק שלום געוואָרן מיט דער וועלט. אָבער איצט . . .

— אַז אַ וועלט מיט מענטשן זעט ווי מען שעכט אונדז, מען פּייניקט אונדז, מען באַלייַדיקט אונדז און גאַ־ר־ר־נ־י־ש־ט — מען שוויַיגט פון גרויס הנאה . . . קאָנט איר דאָס באַגרייַפן?

דערויף, זעט אויס, האָט קיינער ניט וואָס צו ענטפערן — שוויַיגט מען. אָבער אויף די הערצער ווערט נישט לייכטער, הויבט מען זיך אָן צו טרייסטן מיט קלענערע צרות:

— ביזי?

— נישט אַזוי געפערלעך, נאָר וועמען אַרט דאָס . . .

— ביי מיר — יאָ. ס׳זאָל נאָר זיין כוחות.

— פאַרדינט זיך?

— נישט אַזוי געפערלעך.

— נו, און די יוניאָן?

— וואָס, די יוניאָן? אַז די באַלמעלאָכעס אַליין . . .

— דאָס איז דאָך די צרה.

— נו, שוין צייט . . .

מען טוט אַ קוק אויפן זייגער און אַלע זייַנען איינשטימיק:

— יאָ, מען דאַרף גיין . . .

אַז מען האַלט שוין ביים גיין, דערמאָנט זיך מר. קאַפּלאַן, אַז עס איז נאָך דאָ אַ סך צו רעדן און ער טוט אַ פרעג:

— וואָס־זשע הערט זיך עפּעס אַזוי?

די באַקאַנטע זייַנען שוין געוואוינט צו אָט דער פראַגע און זיי ענטפערן:

— וועל, מ׳עט נאָך נעמען אַ טרונק וואַסער און גיין . . .

זיי געזעגענען זיך מערסטנס אָן ווערטער, בלויז מיט אַ מאַך מיט דער האַנט, וואָס זעט גאָר אויס ווי: „עט, געמיינט ביסט אַ לייטישער מענטש!" . . .

אַזוי יעדן פרימאָרגן.

שוין יאָרן מיט יאָרן, ווי קאַפּלאַן גייט מיטן זעלבן וועג צום שאָפּ דורך אַ געדיכטן עולם, וואָס איילט זיך און שטופּט זיך. און רופט ווער אויס: „האַלאָ, קאַפּלאַן! וואָס הערט זיך?" — הייבט ער אויף אַביסל דעם קאָפּ, גיט אַ קוק און ענטפערט אָפּ: „עט, וואָס זאָל זיך הערן? ס׳אָלרייט!" — און ער שפּאַנט ווייטער.

# שלמה וואַסערמאַן

ער קערעוועט זיך צווישן די טומלדיקע, שטייענדיקע גרופקעס, פון צווישן וועלכע עס הערט זיך דעם פעדלערס הייזעריק קול. דער פעדלער שטייט אויפן ברעג טראָטואַר ביי זיין וואַליזע־קרעמל, וואָס איז אָנגע־שטאָפּט מיט „כל־טוב״: פון שיך־בענדלעך, ראַזיר־מעסערלעך, האָר־נאָדלען ביז קעמעלעך — אַ ניקל אַ שטיק.

ער רופט אויס זיינע סחורות, רעדט זיך איבער מיט אַנדערע פעד־לער, דינגט זיך מיט קונים און שפּייט, שעלט די קאַפּיטאַליסטן, די מל־חמה־מאַכערס און זידלט די שלעכטע יוניאָן־לידערס. ער טוט אַ שפּיי, אַ הוסט און ברומט אונטער אין האָפענונג, אַז די אַרבעטער־מאַסן וועלן זיך פאַרט אַרומזען און . . . פּלוצים כאַפּט ער זיין וואַליזע־קרעמל, טוט אַ שפּיי און אַ ברום:

— וויברח נע־ונדניק, דער „דאַשיק״ גייט שוין ווידער! . . .

אַמאָל האָט דאָס געפּלעגט פאַרדריסן מר. קאַפּלאַנען: „סטייטש, וואָס האָט מען צום אָרעמען פעדלער? ער איז דאָך נישט קיין גנב, אַז דער פּאָליסמאַן זאָל אים אַרומיאָגן פון איין אָרט צום צווייטן . . .״ אָבער היינט — ניין, עס אַרט אים שוין נישט מער . . .

היינט קוקט ער זיך אַפילו מער נישט צו צו דעם ייד מיט דער טעקע אונטערן אָרעם, וועלכער שלייכט זיך אַרום ווי אַ שאָטן צווישן די אַרבע־טער און רעדט עפּעס, ווי צו זיך אַליין, ווייל אַלע דאָ ווייסן, אַז דאָס זאָגט ער אַזוי אָן דער וועלט, אַז ער קויפט אויף שטיקלעך גאָלד, צעבראָכענע זייגערלעך, קייטעלעך, אַלטע גאָלד־ציין, און אַז ער פאַרקויפט חתונה־רינגלעך, דימענט־שפּילקעס. דאָס פּנים איז ביי אים טרויעריק און חושכדיק, ווי פון שטענדיקע זאָרגן און ערגערניש.

מיט יאָרן צוריק פּלעגט זיך קאַפּלאַן צוקוקן, ווי אָט דער „גאָלד־סוחר״ איז שטאַרק מקנא דעם ייד, וועלכער ווייזט זיך אַלע ערב יום־טוב לעבן דער שול אויף זיבעטער עוועניו מיט אַ שטעלעכל מיט סידורים, מחזורים, טליתים, הגדות און יאַרמלקעס. אַ טייל פון עולם טוט אַ טראַכט, אַ שטילן זיפץ — „שוין ווידער יום־טוב״, און קויפט עפּעס . . .

קאַפּלאַן פלעגט דאַן אויך טאָן אַ זיפץ: „אַך, פון וואָס יידן ציען נע־בעך פּרנסה! און אויף וואָס, מ׳שטיינס געזאָגט, איין ייד איז דאָס מקנא אַ צווייטן! . . .״ היינט, אָבער, איז שוין מר. קאַפּלאַן אַזוי צוגעוואוינט צו אָט דער גאַס, צו די אַלע מענטשן, פּונקט ווי צום גאָלד־רינגל אויף זיין פינגער. ער פילט אים נישט מער . . .

עס איז שוין אַ סך יאָרן, אַז ער אַרבעט אין איין שאַפּ מיט די זעל־בע מענטשן, וועלכע רעדן אַלע טאָג וועגן די זעלבע זאַכן כמעט די זעלבע

רייד, מיט איין נוסח, און רופן זיך מיט די זעלבע גוט־ברידערישע צונע־מען, ווי: „גאָטס־גנבל, צעדרייטער, אייזל, בהמה, „מיוטשועל בראָד־קעסטינג סיסטעם", ווינטשעל בלאָפער", ביז מען צעווערטלט זיך:

— שוין, מען האָט שוין געעפנט די פּאָליטישע קאָנפערענץ? מיט אייערע קלוגע קעפּ וואָלט איר געמאַכט אַ שיין לעבן אין וואַשינגטאָן!

— אָט איז ער דאָ! שלום־עליכם! אַ נייער משוגענער! ווילסט אויך עפּעס זאָגן?

— אָט דאָס הייסט אַ פיינע פּאָליטישע דיסקוסיע! אַ פאַרגעניגן צו הערן!

נאָר באַלד פלעכט זיך אַריין אַ באַריכט פון סעמעטעריס. מען ווייסט נישט ווער עס גיט דעם טאָן, אָבער דאָס „געזאַנג" גייט אָן:

— אָט דאָס איז דאָך אַלעמאַל מיין טענה — כאָפּט נישט אַריין קיין ווערטן!

— נו, טאַקע, צו־וואָס דאָס יאָגעניש, האָוועניש, איינרייסעניש, אַז מיטנעמען קאָן מען סיי ווי סיי גאָרנישט!

— דערפאַר זאָג איך דאָך, אַז מען דאַרף מאַכן תכריכים מיט קע־שענעס.

— ער האָט דען געהאַט וואָס מיטצונעמען?

— ווייס איך וואָס! בלויז אַ פּאָליסי איבערגעלאָזט דער ווייב.

— נו, וועט זי האָבן אַ נייעם נדן פאַר אַ צווייטן יונגנמאַן.

— זי וועט שוין איצט נישט חתונה האָבן מיט קיין אַרבעטער, אַז זיי האָבן געקראָגן אַ טבע „אָפּצודאַנקען" אין סאַמע ברען פון סעזאָן.

— פּונקט ווי מיין לאַנדספרוי זאָגט: אויף אַרבעטער קאָן מען זיך היינטיקע צייטן נישט פאַרלאָזן. דאַכט זיך, איר מאַן איז אַלע זיינע יאָרן געווען אַזאַ געטרייער, געאַרבעט שווער, געאַקערט מיט דער נאָז די ערד און באַזאָרגט די פאַמיליע מיט אַלעם גוטן. פּלוצים פאַלט אים איין איב־מיטן עסן צו געבן אַ געשריי: — וואַסער! און איידער זי האָט אים דער־לאַנגט אַ גלאָז וואַסער, אַ־אַ — ער האָט שוין אָוועקגעלייגט דעם לעפל.

— מיין ווייב, זעט איר, איז טאַקע אַ געטרייע. דאָס ערשטע דער־לאַנגט זי אַ גלאָז וואַסער צום טיש . . .

אָט־די אַלע שמועסן און ווערטלעך קען שוין מר. קאַפּלאַן אויף אויסנווייניק. זיי טראָגן זיך פאַרביי זיינע אויערן, צוזאַמען מיט דעם זשומען פונעם שאַפּ־טומל און ער ווייסט, אַז באַלד וועט זיך דערהערן אַ געשריי:

— וואָס טויגן מיר אייערע „באָבע" מעשיות, עפנט בעסער אַ פענצ־

## שלמה וואסערמאַן

טער! לאָזט אַריין אַביסל לופט!

— עס זאָל דיר מער נישט פעלן, ווי לופט.

— גרויסער צעלייגער מיינער! צו־וואָס־זשע דאַרף מען האָבן פענצ־טער?

— ס'זאָל זיין ליכטיק.

— מיסטער, דאַכט זיך ביסט שוין, ווי אין פסוק שטייט, — עובר־בטל.

אַ ווייל איז שטיל. שפּעטער פּלאַצט ווער אַרויס:

— וואָס האָט מען זיך אַזוי פאַרטיפט אין דער עבודה־זרה? מ'וועט סיי־ווי נישט קאָנען אַלץ פּאַרטיק מאַכן.

דער אַ וואָרט, יענער אַ וואָרט און די אָנגעשטרענגטע שטימונג איז שוין איבערגעריסן און...

— הייסט עס, מיט אַנדערע ווערטער, אַז רעוואָלוציע וועט מוזן קומען?

— זיכער! נאָך איידער דו וועסט האָבן אָפּגעשפּאַרט אויף אַ קענ־די־סטאַרקע.

— רעוואָלוציע? אַנדערש זיינען זיי נישט געוואוינט פון צו הויזע! פאַרוואָס קומט אייך אַזאַ גוטע זאַך? איר האָט שיין געדאַוונט? איר האָט דאָך אַפילו נישט קיין צייט צו מאַכן רעוואָלוציע. מיינע גרויסע צע־לייגער! מיך קאָנט איר נישט בלאָפן, איך בין אַן אַלדטאַימער!... איך האָב שוין געזען אַ סך אַזעלכע אידעאַליסטן און טראַמבעניקעס ווי איר זענט. איז איינער געוואָרן אַ קאָנטראַקטאָר, אַן אַנדערער אַ פאָרמאַן, און דער דריטער, דער ערלעכער, דער נאַר, איז געבליבן אַרבעטן אין שאָפּ.

— נו, דעריבער גייען די קאַטשקעס באָרוועס און עס קאָן נישט זיין קיין רעוואָלוציע?

— יאָ, די קאַטשקעס וועלן אַלעמאָל גיין באָרוועס און קיין רעוואָ־לוציע וועט איר דאָ נישט קאָנען מאַכן. איך בין אַן אַלטער היגערפרע־סער. מיר וועט איר נישט דערציילן „טויזנט איין נאַכט”. מיך קאָן מען שוין מער נישט טרייבערן, איך לאָז זיך מער נישט דרייען אַרום פינגער!

— פאַרוואָס נישט?

— זע נאָר די גרינע אַגרעס, איצט זיינען זיי געקומען מאַכן רע־וואָלוציע! וואו זענט איר געווען, ווען מ'האָט געטראָגן די קאַטעריג־קעס אויף די פּלייצעס, ווען מ'האָט געצאָלט פאַרן בענקל, אויף וועלכן מען

# היימישע מענטשן

איז געזעסן, און ווען פערד האָבן געשלעפּט די סטריט־קאַרס?

— דו האָסט געהאָלפן שלעפּן?

— האַ?

— הערסט דאָך אין זיינע רייד, אַז ער איז געווען אין שפּאַן!

— קיין אייזל איז נישט געווען אין שפּאַן...

— אַוודאַי, איר מעגט שיין רעדן, ווייל איר זענט געקומען צום גרייטן. כ׳וועל זיך מיט אייך נישט שפּאַרן. איר ווילט רעוואָלוציע? — אָלרייט. נאָר אויף מיר זאָלט איר נישט רעכענען, כאָטש איך דאַרף די רעוואָלוציע פּונקט אַזוי גוט ווי איר. איך בין אויך אַן אַרבעטער. מיינט נישט, אַז איך בין טאַקע אַזאַ בורמילע און פאַרשטיי גאָרנישט. נאָר מיך וועט איר מער נישט פּלעכטן! כ׳בין נישט דעם רבינס הבדלה! ווייל כ׳בין לענגער פון אייך אין אַמעריקע, ווייס איך, אַז אַזוי לאַנג ווי ס׳איז דאָ „גראָס קאַפּיטאַליזמוס" וועלן מיר ליגן איינגעלייגט...

— איך זאָל אַזוי טראָגן קוילן אויף אים, ווי ער איז גערעכט...

— כ׳בין אפשר טאַקע געווען אַ פערד, אָבער נישט מער! איך מאַך אַ וועט, אַז עס וועט זיין אַ רחמנות אויף דער רעוואָלוציע, וואָס וועט אַריינפאַלן אין אייערע הענט. אייערע הענט זיינען נישט געוואוינט צו אַזעלכע איידעלע זאַכן...

— ער איז דאָך טאַקע גערעכט, כ׳זאָל אַזוי טראָגן אייז אויף אים!

אַלע טאָג אַזוי. מען לאַכט, מען האָט הנאה פון אַנציען איינער דעם צווייטן. אַמאָל פלעגט קאַפּלאַן מיטלאַכן: „כ׳לעבן, אַ רעגעלע שאָו!" און אומגעדולדיק וואַרטן אויף דעם צווייטן „אַקט", וואָס דאַרף זיך געבן אַ רייס אַריין מיט אַ: — „געוואַלד, פינצטערלינגע! ווי קום איך אַהער צווישן אייך?! פאַרוואָס טוט איר קיין קליאַטשע אַ גאַנצן טאָג? רעדט, מ׳זאָל עפּעס קאָנען לערנען פון אייך! קענט איר מיר באַלייכטן, ווען ניטשע איז געבוירן געוואָרן? און ווער עס האָט געשריבן „פאַרברעכן און שטראָף" — ווייסט איר? איר ווייסט נישט!... נו, אויב אַזוי, וועל איך אייך פרעגן אַ גרינגערע פראַגע: קענט איר מיר געבן צו פאַר־שטיין מענדעלסאָן און זיין עפּאָכע?"

— וואָס פאַר אַ „סאָיז"?

— ער מיינט אַוודאַי מענדעלסאָן דעם פּרעסער.

— אַז אַך און ווי צו אייער לעבן! צוליב וואָס איז אייער דערשיי־נונג אויף דער וועלט? עך, ס׳וועט גאָרנישט העלפן, כ׳וועל זיך מוזן צוריקציען פון שאָפּ!

— איך וועל דיר זאָגן עפּעס שענערס, מיין טייערער קאַנאַריק, אַז

## שלמה וואסערמאַן

דו ווערסט שוין אַזוי אָפּזינגען דיינע יאָרן מיט אונדז אין שאָפּ, און נישט אין דער אָפּערע.

— נאָ, סער! איך וועל זיך נאָך ראַטעווען פון אייערע קליינע קעפּ־לעך און גרויסע אויגן!... ווייסט איר וואָס, אויב איר ווילט טאַקע אויף אַן אמת מיטן גאַנצן האַרצן מיך האָבן צווישן זיך, איז מיט איין באַדינג, אַז איר זאָלט מיר אויסזינגען אַן אַריע פון „באַרבער פון סעוויל".

— האַ? דער גרינער מיינט אַוודאַי דעם באַרבער פון בראַנזוויל.

— אָ, איר קליינע נשמהלעך! פאַרוואָס זאָלט איר קאַליע מאַכן אַזוי פיל ברויט? גיט מיר איין גוטע אורזאַך, וואָס זאָל באַרעכטיקן אייער אַרומפּלאָנטערן זיך אונטער די פיס אויף אונדזער ערד־קוגל?...

— און אַז נישט, פאַרט איר צוריק קיין יוראָפּ.

היינט איז שוין מר. קאַפּלאַן אַזוי אָנגעזעטיקט מיט אָט דער „שאָו", ווי מיט דער געוויינלעכער גרויקייט פונעם שאָפּ. עס אַרט אים נישט, ער פילט דאָס נישט, פונקט ווי ער פילט נישט און ווייסט נישט ווען די קני פון זיין רעכטן פוס הייבט אויף און לאָזט אַראָפּ דעם „ליפטער" פון זיין מאַשין...

פאַרנאַכט, ווען מען איז מיד פון אַרבעט און טומל, שווייגט מען אַביסל אונטער. דאַן פאַרטראַכט מען זיך וועגן דעם אייגענעם וועלטל: געדאַנקען טראָגן שנעל אַוועק צו דער פאַרגאַנגענהייט, וואָס האָט זיי אויסגעוואָרצלט פון צווישן אייגענע און געטריבן פון לאַנד צו לאַנד, ביז אָט־אָ־דאָ אַהער... אָבער פון דאַנען — וואוהין?...

פון בענקשאַפט צום געחלומטן „וואוהין", פאַרציט ווער אַ ניגון. אַנ־דערע כאַפּן אונטער דעם ניגון, ווער מיטן האַרץ, ווער מיט אַ טאָן, ביז עס ווערט אַלעמענס געזאַנג, וואָס באַזיגט אויף אַ ווײַלע דעם הו־האַ פון שאָפּ און צעעפנט די ענגע גרויע ווענט. די איינגעבויגענע, פאַרהאַוועטע מענטשן שפּאַנען באַפרייטע וואוהין זייערע הערצער גלוסטן. מען דער־פרייט זיך מיטן פעלד, מיטן וואַלד, מיטן טייכל, מיט שטאָט און שטעטל, מיט אייגענע און ליבע מענטשן און... עמעצער טוט מיטאַמאָל אַ זינג אַרויס:

— „וואו איז דאָס געסעלע,
וואו איז די שטיב,
וואו איז דאָס מיידעלע
וואָס איך האָב ליב?..."

און דאָ טראָגט זיך שוין מר. קאַפּלאַן אויף די טענער־כוואַליעס גיך אַהין צום שטעטל, צו דער גאַס... עס איז שפּעט ביינאַכט... מענטשן

— ווינציק. לאַמטערנעס — ברענען. ס'איז קאַלט, נאָר אים איז וואַ־רעם . . . ער גייט לעבן איר . . . דער פּראָסטיקער שניי זינגט אונטער זייערע פרייידיקע טריט . . . „קומען וועט פרי צי שפּעט די צייט, עס איז קיין חלום" . . . נאָר אַ פאַרבאַרגענער געדאַנק פּיקט: וואָס וועל איך האָבן דערפון? . . . — פאַניע קאַפּלאַן, אַז איר וועט קומען קיין אַמעריקע, זאָלט איר . . .

— אָ, זיכער, זיכער, איר זאָלט גאָרנישט זאָרגן . . .

און דער שאַפּ זינגט נאָך אַלץ:

— וואו איז דאָס מיידעלע, וואָס איך האָב ליב . . .

„וואו איז זי איצט? האָט זי זיך געראַטעוועט פון דעם נאַצי־גיהנום? . . . פאַניע קאַפּלאַן . . . אָ, ווי ווייט דאָס איז! . . . און איצט: מיסטער, פאַסט־אויף אויף אייער אַרבעט; שוין באַלד אָפּגעפאָרן, אויס־געשפּילט שלעכט . . ."

— העי, קאַפּלאַן! וואָס ביסטו עס אַזוי פאַרטראַכט? הייב אויף דעם קאָפּ, טו אַ לאַך, אַ שמייכל, פאַרגין זיך! . . .

טוט ער אַ קוק איבער די טאָפּלטע אויגנגלעזער, צעעפנט מער דעם קאַלנער פון העמד, וואָס איז סיי־ווי אַלעמאָל אַביסל צעעפנט צוליב דעם גוידער וואָס שניידט זיך אים, און ער טוט אַ שמייכל מיט איין זייט פון זיין פּנים. באַלד גיט אַ צוק אַ ברעם ברוגזלעך: „גיי מאַך זיי פריילעך, טו זיי אַ טובה און לאַך. אַ סך וועל איך האָבן דערפון! . . ."

אַזוי אַלע זיינע יאָרן, געוואויגן, געמאָסטן מיט דער מאָס — „וואָס וועל איך האָבן דערפון?" ביז ער האָט זיך געכאַפּט: „זע נאָר, וואָס האָב איך דערפון?" אַלע יאָרן זיך געריסן צו עפּעס אַנדערש, צו העכערס, רייכערס, און נישט געהאַט קיין כוח זיך אָפּצורייסן פונעם שאַפּ . . . אויב שוין יאָ אַמאָל פּרובירט, איז דאָס געווען אַ דורכפאַל. איצט? — עפּעס טויג נישט. ס'טויג נישט און שוין . . .

אַפילו דאָס אַהיימפאָרן נאָך דער אַרבעט מיט באַקאַנטע און אָפּרעדן זיך פון האַרץ, איז אים שוין אויך דערעסן געוואָרן. ער קאָן מער נישט פאַרטראָגן ווי איינער טוט אַ שלעפּ אַראָפּ אַ פאָדעם פון אַ צווייטנס לאַץ און מאַלט אויס מיטן פינגער אויף יענעמס מלבוש דעם נייעם „סטאַיל", וואָס דאַרף זיין זייער שווער: „זעסט, אַט־אַ־דאָ־אַ ביים געררגעלע" — טוט ער יענעם אַ נעם שטייף ביים קאַלנער — „קומען דינע „טאַקע־לעך", און דאָ" — טוט ער יענעם אַ כאַפּ ביי דער טאַליע — „איז פון דאַנען ביז אַראָפּ" — מאַכט ער אַ גלייכע ליניע פון אויבן ביז נאָך דער טאַליע — „קומט אַ לאַנגער זיפער. עס איז שוין איינמאָל אַ דרעסקעלע גנב! . . ."

# שלמה וואַסערמאַן

נאָר יענער, אויף וועמען מען מאָלט, שטייט אַ פאַרביטערטער. דאָס פּנים חושך, די אויגן פאַרצווייפלט, פול מיט טענות פון שאָפּ צו דער וועלט:

— צי ווייסט איר כאָטש, מענטשן, ווי מען באַוואָלהט מיך אין שאָפּ? אָט־דער־אָ, וואָס דיסעוועט מיטן פינגער אויף מיר, זאָגט דאָך נישט קיין איין אמת וואָרט! איך בין דער, וואָס קריג די שווערסטע אַרבעט! נאָר נישט דאָס זאָגט ער, ער טוט גאָר פּלוצים אַ געשריי: ע, בע, מע, ער האָט אויך וואָס צו זאָגן! אַ גאַנצער מאַכער געוואָרן . . . דריי, שמיי, איינגעשלונגען, פּאַרטיק, נישטאָ מער! אויך מיר אַ טשערמאַן!

דאָס האָט ער אַזוי אין סאָבוועי אויסגעשייגעצט דעם שאָפּ־טשערמאַן פאַר אַ פרעמדן עולם, וואָס האָט נישט געקאָנט פאַרשטיין וואָס פאַר אַ גרויס אומגליק ס'האָט מיט דעם מענטשן געטראָפן.

דאַן האָט מר. קאַפּלאַן אַ טראַכט געטאָן: „וואָס פאַר אַ תכלית איז דאָס? וואָס האָב איך פון אַזעלכע סצענעס?" ער האָט אָבער נישט גע־קאָנט אויסמיידן אַהיימצופאָרן מיט די מענטשן, ווייל שוין יאָרן מיט יאָרן ווי ער וואוינט מיט זיי אין איין געגנט; וואוינט אין דעם זעלבן הויז מיט דעם זעלבן מעבל, מיט די זעלבע דיפּלאָמעס פון זיינע קינדער אויף די ווענט, בלויז נייע איניקלעך קומען צו . . . נאָר וואָס האָט ער דערפון? ווען זעט ער דען זיי?

און אַלע טאָג עסט ער אויף דעם זעלבן נאַקעטן טיש, וואָס אַז מען טוט אַ וויש, בליאַנקעט די פּאָליטור אויף אים. פאַרדריסט דאָס אים פּלוצים, פאַרוואָס זאָל נישט זיין קיין טישטעך אויפן טיש? עסט ער אָן חשק און טראַכט, ווי אַזוי האָט ער דאָס ביז איצט געקאָנט נישט באַ־מערקן? שבת, יום־טוב אַן אָפּגעדעקטער טיש, כסדר וואָך . . .

אין זיין אָרעמער היים, דערמאָנט ער זיך, האָט די מאַמע אַלע טאָג געשפּרייט אַ טישטעכל אויף אַ שטיקל טיש פאַרן טאַטן, געלייגט אַ מעסער און אַביסל זאַלץ צום ברויט, און אַ יום־טובדיקייט האָט זיך פאַרשפּרייט אַרום . . . גייט ער אַרום מיט אַן אַראָפּגעלאָזטער נאָז: „עס טויג נישט! וואָס האָב איך פון אַלע מיינע יאָרן? אַ נאַקעטן טיש . . ."

מיינט די ווייב, אַז ס'איז אים לאַנגווייליק. כ'ווייס, די קינדער אויס־געגעבן, וויזן זיך זעלטן, מען איז אַליין אין הויז, די ראַדיאָ ברענגט נישט קיין גוטע נייעס, איז אומעטיק. אפשר גאָר שפּילן קאָרטן? אַזויפיל יידן, קיין עין־הרע, שפּילן קאָרטן, איז פאַרוואָס זיין אַן אויסנאָם? נישט חלילה געמבלען, נאָר אַזוי, פאַר צייט־פאַרטרייב.

ווערט ער ערשט רעכט אין כעס: אַ ווייב זאָל נישט ווימן אַריינצו־

# היימישע מענטשן

ברענגען אביסל פריילעכקייט אין הויז! א טישטעך! א ווייס טישטעך! דעק אמאל צו דעם טיש!

— א טישטעך? ווײ איז מיר! אין דעם זאל עס דיר גיין, פעלט טישטעכער אין אמעריקע?

אז ער האט א שטיק צייט אפגעגעסן אויף דעם געדעקטן טיש, האט ער ווידער אנגעהויבן קייען די ברוגזע אונטערשטע ליפ. א כמורנער געבליבן זיצן מיט פארקאטשעטע ארבל און געטראכט: „וואס־זשע האב איך שוין דערפון? נישט דאס האב איך געמיינט. דאס טישטעך קוקט אויס צו־גרויס און פרעמד אויף דעם טיש . . . עפעס איז עס נישט דאס . . .״ ביז די ווייב האט אים איבערגערעדט, ער זאל גיין צו א דאקטער.

— דאקטער, עפעס בין איך נישט מיט אלעמען.

דער דאקטער האט אים באטראכט און געזאגט מיט א שמייכל:

— דו ביסט אבער זייער שטארק מיט זיך אליין.

קוקט ער אויפן דאקטער פארשעריש מיט זיינע אומעטיקע אויגן: „הייסט עס, ער האט דערקענט, אז איך רעד צו זיך אליין, ווי דאס ווייב האט שוין עטלעכע מאל געזאגט״. און ער פרעגט:

— איז עפעס דא אן עצה צו דעם, דאקטער?

— צו וואס?

— צו דעם, וואס איך רעד צו זיך אליין.

לאכט דער דאקטער און זאגט אים, אז מסתמא שטייט אים נישט אן צו רעדן צו אנדערע.

זעט ער שוין, אז דער דאקטער פארשטייט אים דורך און דורך, ווייל צו וועמען האט ער טאקע צו רעדן? ער קען די מענטשן און ער ווייסט, אז זיי וועלן אים ענטפערן: מר. קאפלאן, וואס וועט איר דען האבן דערפון? ס׳איז נישט קיין תכלית פאר אייך . . .

— דאקטער, עפעס טויג נישט, אז פון אלץ, וואס כ׳האב . . . כ׳מיין, איך מאך א לעבן . . . אלע טאג דאס זעלבע — ארבעט. דארף דאך זיין גוט, אבער וואס האב איך דערפון? עפעס פעלט . . .

— אלץ וואס עס פעלט דיר איז א נייע סביבה. דארפסט א נייע „ענוויירענמענט״. יא, בייט איבער די סביבה! . . .

גייט מר. קאפלאן אהיים א טרויעריקער און טראכט, אז דער דאקטער ווייסט נישט פון זיינע הענט און פיס. וואס מיינט ער א נייע סביבה? איך האב אים דען געזאגט, אז מיך ארט די סביבה? וואס וויל ער, איך זאל אים איבערמאכן ניו־יארק, מיט די שעפער, באלעבאטים, ארבעטער? אדער גאר איינשטעלן יושר און גערעכטיקייט אויף דער וועלט? אז מיך

אַרט נישט. ווייל אַ סך וועל איך האָבן דערפון.

די ווייב האָט געקוקט אויף זיין אומעטיקן אויסזען און איינגעטענהט מיט אים:

— איך דענק, אַז דער דאָקטער איז נישט אינגאַנצן צעדרייט ווי דו מיינסט. פאָרט אַ דאָקטער. איז אפשר וואָלסטו טאַקע אַוועקגעפאָרן אויף עטלעכע וואָכן פון ניו־יאָרק, ווייט פון טומל . . . אויסרוען דיינע נערוון...

— אַז איך פאָר אין די בערג אַלע זומער, איז וואָס האָב איך פון די בערג — ביימער, הימל? אַלץ איז דאָרט שטום. און צו ניו־יאָרק האָב איך גאָרנישט. מיך אַרט נישט דער טומל. אַז איך פיל אים דאָך אַפילו נישט.

זיין ווייב האָט אָבער פאָרט אויסגעפירט. זי האָט אים איבערגע־רעדט און ער איז אַוועק אויף עטלעכע וואָכן אין פעלהעם פאַרקוועי, די בראָנקס, צו דער טאָכטער . . .

און זיצנדיק דאָרט אויף דער וואַרעמער זון אינעם שמעקנדיקן פאַרק, לעבן אייניקל אינעם קינדער־קעטשל, האָט ער אַ סך געטראַכט וועגן זיך און זיין לאַנדסמאַן דזשעקן, וועלכער אַרבעט טאַקע אין איין שאַפּ מיט אים. ער האָט פראָבירט פאַרשטיין פאַרוואָס דזשעקן אַרט גראָד יאָ יעדע עוולה, וואָס ווערט אָפּגעטאָן ערגעץ־וואו. ער נעמט זיך אָן די קריוודע פון מענטשן, וועלכע ער קען נישט, וואָס זיינען ווייט פון אים, אַקוראַט ווי ער וואָלט עפּעס געהאַט דערפון . . . ער זאָגט דעות דער וועלט. עס געפעלט אים נישט ווי אַזוי מען פירט לענדער און פעלקער פאַר דער נאָז. ער שאַפט הילף פאַר מלחמה־קרבנות, ער וויל אַ וועלט איבערבויען, און דאָך איז ער פריילעך . . .

און מר. קאַפּלאַן קען נישט אויסרעכענען, פאַרוואָס יענער איז קיינ־מאָל נישט אומעטיק, מיט די אַלע זאָרגן, בעת אים אַליין, קאַפּלאַנען, ווע־מען עס אַרט זייער ווינציק די אַלע עוולות און פאַר זיינעטוועגן זאָל די וועלט גיין ווי זי גייט — איז אַזוי שטאַרק אומעטיק . . . ער קאָן ניט פאַרשטיין, פאַרוואָס איז יענער, זיין לאַנדסמאַן, געזונט, און ער, קאַפּלאַן, דאַרף גאָר האָבן אַ נייע סביבה . . .

# ער וועט נאָך קומען

יעדן אָוונט נאָך דער אַרבעט קומט זי אויף דער זעלבער סאָבוועי־סטאַנציע. זי לענט זיך אָן מיט אַן אַקסל אָן דעם טונקל־גרויען אייזער־נעם סלופּ — איינער פון אַ סך, וועלכע האַלטן אויף זייערע קעפּ די אויבערפלאַך פון דער רוישיקער 42טער גאַס.

אונטערן אָרעם איז ביי איר אַ האַנט־בייטל און אַ פאַרעלטערטער זשורנאַל מיט אַ בילד פון אַ שיין מיידל אויף דעם אויבערשטן צעקנייטשטן פאָדער־בלאַט. שוין לאַנג ווי זי האָט דאָרט אָנגעהויבן לייענען אַ ראָמאַנס־מעשה און נאָך אַלץ נישט באַוויזן צו פאַרענדיקן, ווייל אָט־אָ־דאָ, אין סאַמע געדיכטן טומל פון מענטשן און לויפנדיקע באַנען, האָט זי אומגעריכט געמאַכט איר ליבע־נעסט.

אָט־אָ־דאָ, לעבן קאַלטן סלופּ מיטן שוואַרצן אויפשריפט 42, וואַרט זי יעדן אָוונט אויף אים, דעם „פּלאַטפאָרם־מאַן". זי דערזעט אים איבער אַלעמענס קעפּ. דאָרט, ביי די צעעפנטע טירן פון צוג, איז איר געליבטער מיטן פעך־שוואַרץ פּנים און די קליינע וואָנצעלעך אויף דער פאַרריסענער גראָבער ליפּ. ער איז שטאַרק פאַרנומען מיט העלפן אַריינשטופּן דעם איילנדיקן עולם אין די וואַגאָנעס אַריין. דאָס בלענדנדיקע בלעכל אויף זיין היטל, צווישן גלאַנציקן דאַשיק און הויכער דענקע, מאַניעט מיטן אויסגעקריצטן וואָרט „פּלאַטפאָרם־מאַן".

פון אַזוי פיל אויגן דערפילט ער דאָך אירע בליקן אויף זיך. פלייסט ער זיך מיט זיין אַרבעט און שרייט „סטעפּ לאַיוולי!" (גייט רירעוודיקער), ביז ער פאַרמאַכט די טירן הינטער זיי. ווען ער קומט צו צו איר, איז זי כלומרשט שטאַרק פאַרטיפט אין דעם זשורנאַל. ער באַגריסט זי. גיט זי אַן איבערראַשטן זאָג: „אָ, העלאָ, טשאַרלי!", אַקוראַט ווי זי וואָלט דאָ געשטאַנען בלויז צו גריבלען זיך אין די קליינע אותיות . . .

זיי קוקן זיך אָן שטיל, אָן ווערטער. ער זוכט עפּעס אין די קעשענעס, ביז ער שלעפּט אַרויס אַ שאַכטל מיט „האָני דראַפּס קענדי", אָדער אַן אַנדערן מין נאַש, און זאָגט מיט אַ שמייכל אין ווייכן טאָן:

— נעם עטלעכע.

בשעת זי נעמט די צוקערקעס אין מויל אַריין, קוקט זי זיך אַרום. עס ווילט זיך איר זייער שטאַרק, אַז עמעצער זאָל זען איר גליק און זי מקנא

זיין. זי וואָלט געהאַט גרויס הנאה ווען אַ מיידל זאָל געבן אַ וואָרף אַ פּאָר אויגן אויף איר מיט קנאה — זע נאָר אַ מזל פון אַ מויד! ער איז דאָך אַן אמתער ספּאָרט, דזשענטלמען, און נאָך אַ „פּלאַטפּאָרם־מאַן" דערצו! . . .

זי געדענקט נישט, מ'זאָל זי ווען האָבן מיט עפּעס מקנא געווען. טראַכט זי, אַז ווען זי וועט שוין זיכער זיין מיט אים, וועט זי זיך געבן אַ באַוויַיז מיט אים אין איר געגנט, צווישן שכנים און באַקאַנטע. אָ, ווי זיי וועלן איר מקנא זיין! נאָר אין מיטן פון אירע זיסע רעיונות, לויפט ער גאָר אַוועק צו דער אָקאָרשט אָנגעקומענער באַן.

זי בויגט זיך דערווייל אָן צום שפּיגעלע, וואָס אין דעם טשוּאינג גאָם קעסטל אויפן סלופ לעבן איר. זי טוט אַ פיר מיט אַ פינגער איבער אירע ברעמען, וועלכע לאָזן זיך נישט ווערן דינער און לענגער. אין אירע אויגן באַווייזט זיך אַ מבינות־בליק. אין אָנפאַנג איז זי ניט אַזוי צופרידן מיט איר אויסזען . . . אַ ביסל שענער וואָלט ניט געשאַדט. אָבער ווער קאָן דאָס זיין אַזוי שיין, ווי דאָס בילד פונעם מיידל אויפן טאָוול פונעם „מע־געזין"? איז כאָטש אַ ביסל אַ ליכטיקערע הויט . . . וואו דאָס אויג טוט אַ קוק — איז שוואַרץ. דער ווייסער פּוידער קאָן נישט צודעקן. אַפילו אונטער דער רויטער פאַרב פון די ליפּן איז אויך שוואַרץ.

נאָר וואָס מער זי קוקט אין שפּיגל אַריין, אַלץ מער שלום ווערט זי מיט זיך. אָט איז די נאָז בלויז אַ ביסל פאַרריסן, אָבער נישט צו פלאַך. די קינבאַקן סטאַרטשען אויך ניט אַרויס צו הויך. דאָס פּנים קוקט אויס לענגלער צוליב דער הויך־פאַרקעמטער פּאָמפּאַדור . . .

זי טוט אַ צופרידענעם דריי מיטן קאָפּ און עס גיבן זיך אַ באָמבל אין שפּיגל די גרויסע אוירינגען מיטן גאָלד־גלאַנץ. דאָס האָט זי זיי געקויפט צוליב דזשערין, דעם „פּלאָר־באָי" פון שאָפּ וואו זי אַרבעט. וואו קאָן ער איצט זיין? אַ גרויסער ספּאָרט געווען, תמיד שיין געקליידט, אַ פריילעכער, געקאָנט שיין טאַנצן. ער איז שוין אַפילו מיט איר געווען עטלעכע מאָל אין די מואוויס . . . נאָר אַז ער איז אַוועק אין דער מלחמה, האָט ער איר צומאָל קיין בריוו ניט געשריבן . . .

אין ווינקל פון שפּיגל באַווייזט זיך שוין איר „פּלאַטפּאָרם־מאַן". איז אַ דאגה מיט דזשערין! האָט ער געזאָלט שרייבן! טשאַרלי איז אויך אַ שיינער און גוטער . . . זי גלייכט זיך אויס, זיי בלייבן שטיין נאָענט איינס צום אַנדערן און כאָטש זיי האָבן שוין פאַרגעסן פון וואָס זיי האָבן פריער גערעדט, אָבער די הנאה פון דעם גערעדטן איז נאָך אַלץ ביי זיי געבליבן.

קוקט ער אויף איר מיט אַזעלכע גוטע אויגן פון וואָס זי ווערט מאָד־נע אומרואיק. ווי נישט־וועלנדיק רירט זי זיך אָן אין אים און בלייבט מיט עטלעכע פינגער פאַרפלאָנטערט אויף אַ קנעפּל פון זיין אוניפאָרם־רעקל. זיי שווייגן, נאָר אין די אויגן רעדן פאַרבאָרגענע געפילן. אָבער דאָס וואָס די אָנגעקומענע באַן רירט זיך נישט פון אָרט, דערמאָנט אים, אַז די צעעפנטע טירן וואַרטן אויף אים. נעמט ער מיט זיין שווערער האַנט אַראָפּ אירע פונעם רעקל און איילט אַוועק צו זיין אַרבעט.

אָפטמאָל, ווען ער העלפט די מענטשן אַריינגיין אין די וואַגאָנעס, פאַרגנבעט זיך אַ שאָטן פון חשד אין אירע אויגן: צי באַגייט ער זיך נישט אַמאָל אויך מיט אַנדערע מיידלעך ווי ער איז זיך מיט איר באַגאַנגען? אָט, ווען זי איז געבליבן שטעקן אין די האַלב־צעעפנטע טירן און נישט גע־האַט קיין פּלאַץ אַריינצוגיין, איז ער אָנגעקומען און מיט זיינע שטאַרקע הענט זי אַ נעם געטאָן ביי דער טאַליע, פון וואָס זי האָט זיך אַזש אַ צי געגעבן אין דער הויך, נאָר איז נאָך אַלץ נישט אַריין איינגאַנצן. האָט זי געלאַכט און געבעטן: „קאָם אָן, פּוש מי אין!"

זיינע הענט האָבן זיך אַראָפּגעגליטשט נידעריקער פון דער טאַליע. ער האָט אַ שטאַרקן דריק געטאָן און ענדלעך פאַרמאַכט די טירן הינטער איר. ווען דער צוג האָט שוין געהאַלטן אין אָפּגיין, האָט זי נאָך באַוויזן אויסצוקערעווען דאָס פּנים צו דער שויב פון דער טיר און דאַנקבאַר גע־לאַכט צו אים מיט אירע געזונטע, ווייסע ציין.

דעם צווייטן אָוונט האָט זי אים געטראָפן ביי די זעלבע טירן. זי האָט מיט אַ חנדלדיקן באַוועג פון איר קערפּער געזאָגט: „האָסט מיר נעכטן שיר מיין רוקן איבערגעבראָכן. בעסער היט זיך היינט!" דאָס איז געווען אַזאַ אָנצוהערעניש, אַז אויך היינט וואָלט זי גערן געוואָלט, ער זאָל איר העלפן אַריינגיין אין געפּאַקטן וואַגאָן.

— כ'האָב דיר נישט געמיינט צו טאָן קיין שלעכטס, — האָט ער זיך אַנטשולדיקט, און באַלד זיך אַליין באַקלאָגט: — אַז אַלע ווילן אַהיימפאָרן אין איין צייט . . .

— וועל . . . — האָט זי געענטפערט אַ ביסל פאַרלוירן פון דער מורא, אַז ער קאָן זיך נאָך אַריינלאָזן אין אַן ערנסטן שמועס, וואָס זי האָט גראָד פיינט. האָט זי זיך געגעבן אַ קאָקעטישן דריי, פון וואָס דאָס פולע לייב אירס האָט זיך אַ וויג געטאָן צוזאַמען מיט דעם שטייף־געפּאַסטן קלייד אויף איר.

זיינע אויגן האָבן אויפגעבליצט און זיך מיטגעוויגט, צעטומלט, ווי

פון אַנגענעמער אַנטפּלעקונג. ער האָט אַראָפּגעכאַפּט דאָס היטל, זיך געווישט דעם שווייס פון די שוואַרץ־געקרייזלטע האָר און געזאָגט:

— ס'אַלסט בעסער איבערגעוואַרט די ראָש־אָורס.

— אָלרייט.

— נעם דאָס.

זי האָט אַרויסגענומען די עטלעכע שטיקלעך קיי־גומי און זיך געטיילט מיט אים. עס איז אים געפעלן איר צוגעלאָזנקייט און ער האָט געפרעגט:

— וואָס איז דיין נאָמען?

— עס . . . עס־טעל, — האָט זי שטאַמלדיק געענטפערט, און באַלד האָט זיך באַוויזן אַ נצחון־גלאַנץ אין אירע אויגן, וואָס זי האָט אויסגעמיטן די געפאַר פון זאָגן אים איר שאַפּ־נאָמען „עס", וואָס האָט עטלעכע באַדייטונגען . . .

שאַפּ־מענטשן האָבן נישט קיין צייט אויסצורעדן דעם גאַנצן נאָמען. בפרט נאָך פאַר אַ פלאָר־מיידל, וואָס מען דאַרף זייער אָפט רופן עפּעס צו דערלאַנגען, אָדער אַוועקצונעמען, איז די ערשטע זילבע פון נאָמען אויך גענוג.

אַ גאַנצן טאָג רופט מען: עס, קום אַהער! עס, גיי אַהין! און זי איילט זיך און שפּאַנט פון איינעם צום אַנדערן מיט אַ געפיל, אַז זי איז דאָ זייער וויכטיק; אַז אַלע אין שאָפּ זיינען אָפּהענגיק פון איר, און בלויז אַ דאַנק איר געשיקטקייט ווערט ביי קיינעם די אַרבעט נישט פאַרהאַלטן. אַ סימן: טאָמער קומט זי נישט תיכף אויף וועמענס רוף — איז הימל עפן זיך!

נאָר טוט זי ווער אַמאָל אַ רוף ביים אַלטן נאָמען „עסטעל", ווערט זי צעטומלט. איר נייער געפיל פון פּערזענלעכער וויכטיקייט ווערט בלאַס, ווי אַ גוטער חלום, וואָס הויבט אָן צו פאַרשווינדן. איר זכרון פאַרבינדט זי מיטן פריערדיקן לעבן, ווען זי פלעגט אין ניכטערע פרימאָרגנס שטיין אויף פרעמדע ראָגן, אָדער לעבן סאָבוועי־סטאַנציעס, צי אַזוי ביי אַ וואַנט פון אַ סטאָר, און וואַרטן, אַז אַ באַלעבאָסטע זאָל זי נעמען אויף אַרבעט...

זי געדענקט עס גענוי, ווי מען שטייט און מען קוקט זיך אויס די אויגן, ביז עס באַווייזט זיך אַ הויז־פרוי, וואָס זוכט עמעצן אויף אויסצוּוואַשן די פענצטער, אָדער דעם דיל; ווי עס דערוואַכן באַלד אַ סך פאַרשמאַכטע פּנימער מיט אַ האָפענונג אויסגעקליבן צו ווערן. אָבער בלויז איינע איז די גליקלעכע. ביי די איבעריקע לעשט זיך אויס דער פונק

האָפענונג. זיי בלייבן שטיין דערשלאָגענע : — „קיינער דאַרף זיי נישט״.

אין מלחמה־צייט איז געוואָרן פּלאַץ אין שאַפּ אויך פאַר איר. זי האָט שנעל באַנומען די נייע אַרבעט, כאָטש אין אָנפאַנג איז זי געווען איבערגעשראָקן פון דעם שאַפּ־טומל. איר גאַנצער געשטעל איז געווען ווי פון אַ פאַרבלאָנדזשעטן הירש, וואָס זוכט זיך צו ראַטעווען. פון יעדן קלאַפּ, אָדער רוף, איז זי געווען גרייט צו לויפן. דער פאַרשאַרפטער בליק אין אירע אויגן איז געווען פול מיט חידוש.

נאָר ביסלעכווייז זיינען אירע באַוועגונגען געלאַסענער געוואָרן. די מענטשן אין שאַפּ האָבן אויפגעהערט צו באַוואונדערן איר געזונטן, אַ ביסל אומגעלומפּערטן קערפּער, וואָס האָט פריער, אין איר אַלטן אָפּגעטראָגע־נעם הילוך, אויסגעזען צעוואַקסן און ניט צוגעפּאַסט פאַר שאַפּ־אַרבעט.

די פאַרדינסטן זיינען גוט. די קליידונג — שענער. די געדיכטע, געקרייזלטע האָר העגגען שוין מער נישט אַראָפּ צעפּאַטלט, נאָר זיינען פאַרקעמט אויף אַרויף. דאָס פּנים — איינגעריבן מיט שמעקעדיקן פּו־דער, אַזוי אַז אַפילו יענע עטלעכע אַרבעטער, וועלכע פלעגן טענהן צווישן זיך, אַז עפּעס אַ באַזונדערער „ריח״ הערט זיך פון איר — האָבן שוין אָפּט אָנגעהויבן זי צו „פאַרטשעפּען״, זי אַרומנעמען און זאָגן : „אָ, איז דאָס אַן „עס״! . . .

זי האָט זיך נישט באַליידיקט פון דער נייער אויסטייטשונג פון איר פאַרקירצטן נאָמען. עס איז דאָך אמת, — האָט זי גוטמוטיק געלאַכט צו זיך — אַז פון יעדער דרעס, וואָס זי קויפט דאָ אין שאַפּ, מוז זי אַרויס־לאָזן די נעט און ברייטער מאַכן אויף יענעם טייל קערפּער, וואָס זיי רופן מיטן צווייד־טייטיקן שאַפּ־נאָמען . . .

נאָר איינמאָל, ווען אַן אַרבעטער האָט זי אַ רוף געטאָן מיט אַזאַ האַסט, גלייך די וועלט וואָלט געברענט און זי האָט נישט באַוויזן אַזוי גיך צו קומען, האָט ער זיך צעבייזערט אויף איר : „דו ביזסט אַ פוילע! פויל ווי . . . ווי אַן „עס״ (אייזל), ווי אַ „דאָנקי״!

זי ווייסט נישט צי אַן אייזל איז טאַקע פויל. דער וואָס האָט זיך צעשריען, ווייסט אויך נישט, נאָר פון גרויס כעס איז אים געקומען אַן אייזל אויפן צונג. פון דאַן אָן האָט איר נאָמען געקראָגן נאָך אַ באַדיי־טונג ביי עטלעכע אַרבעטער, וואָס האָבן קיינמאָל קיין צייט נישט : — „עס״ — אייזל־פוילע.

לויט דעם טאָן פונעם רוף דערקענט זי וועלכן מיין מען האָט איינגע־נען. ווען דאָס מיינט „פוילע״, גייט זי צולהכעסדיק פּאַמעלעך, די אויגן־

דעקלעך האַלב־אַראָפּגעלאָזט און מיט אַ כמאַרע אויפן פּנים, ווייל זי ווייסט שוין, אַז אַ סך מענטשן באַשולדיקן נעגערס אין פוילקייט. קאָן ידען אַ ווייסע מיידל אַרומשפּאַנען מער ווי זי אַ טאָג ? איז אויב ידאָס הייסט פויל, טאָ זאָלן זיי זיך ערגערן ! און זי פרעגט מיט רוגזה: „וואָס ווילסטו?"

איצט, ביי איר נייעם באַקאַנטן, דעם „פּלאַטפאָרם־מאַן", הייסט זי צוריק עסטעל, אָבער אָן יענער באַדייטונג פון הונגער, עלנט, דערשלאָגנ־קייט.

ער ווייסט נישט פון קיין אַנדערן נאָמען און ער מיינט, אַז אַלעמאָל איז זי געווען אַזאַ פריילעכע און לאַכנדיקע, פּונקט ווי זי ווייסט נישט, אַז פאַר דער מלחמה האָט ער גערייניקט קלאָזעטן און געטאָן אַלערליי ביי־דעריקע אַרבעטן, ווייל צו עפּעס רעכטס האָט מען אים נישט צוגעלאָזט. עס האָט אים לאַנג גענומען ביז ער איז איבערגעקומען אַלע שטרויכלונ־גען. איצט שרייט פון זיין האַלטונג: נאָט, זעט, ווי פינקטלעך איך טו מיין אַרבעט !

און ביי דעם אייזערנעם סלופּ מיטן אויפשריפט 42 פּאַרטרויט ער איר זיין חלום, אַז ער לערנט זיך; ער וועט נאָך שטייגן, ער וועט נאָך ווערן אַ מאַטאָרמאַן . . . ער וועט פירן באַנען מיט טויזנטער מענטשן, פון איין סטאַנציע צו אַ צווייטער, פון עק שטאָט צו עק שטאָט . . .

זיינע אויגן גליען פון גרויסן וואונטש צו שטייגן אין זיין אַרבעט. זי האָט ליב צו הערן זיינע חלומות, וועלכע נעמען זי מיט אין באַנען, וואָס ער פירט דורך פרעמדע, פינצטערע טונעלן אין אַ פּלאַנעטער פון ליכט און רעלסן. אָבער ער ווייסט זיין וועג און ברענגט די פּאַסאַזשירן אין צייט אויף זייערע סטאַנציעס . . .

אַזוי יעדן אָוונט, ביז . . . איינמאָל האָט זי געטראָפן אַן אַנדערן אויף זיין אָרט. אין ערשטן אויגנבליק האָט ער איר אויסגעזען ווי אַ פּלוצים פאַרענדערטער טשאַרלי, ווייל ער איז געווען פון דער זעלבער הויך און קאָליר וואָס איר געליבטער, נאָר דאָס היטל איז געווען צו גרויס אויף אים און זיך געהאַלטן אויפן רעכטן אויער. ער האָט צוליב דעם אויסגע־זען קאָמיש און זי האָט אַ שמייכל געטאָן. זי איז אָבער באַלד געוואָרן צוריק ערנסט און אַוועק איבער דער פּלאַטפאָרמע זוכן איר „פּלאַטפאָרם־מאַן".

מענטשן גייען און קומען. אים זעט זי נישט. ביי אַלע סלופּעס און טירן איז זי אויסגעווען — ער איז ניטאָ. נאָר זי קומט יעדן אָוונט נאָך דער אַרבעט צו איר „ליבע־נעסט", מיט דער האָפענונג, אַז טשאַרלי

וועט זיך באַווייזן. שטייט זי דאָרט אַ ווײַלע, קוקט אין אַלע זייטן — ער קומט נישט . . . הויבט זי אָן צו שפּאַנען פון איין עק פּלאַטפאָרמע צום צווייטן עק, ביז דער מענטשן־שטראָם ווערט קלענער, די באַנען לויפן שוין נישט אַזוי אָפט און קומען האַלב ליידיק. נאָר זי האַלט אַלץ אירע אויגן אָנגעשפּיזט צום ערשטן וואַגאָן, וואו עס זיצט דער מאָטאָרמאַן ביים הענטל פון מאָטאָר. אפשר איז איר טשאַרלי דאָרט? אפשר האָט ער זיין טרוים פאַרווירקלעכט און אָן איר פאַרגעסן?

קוקט זי אַזוי ביז דער צוג מיט די האַלב־ליידיקע וואַגאָנען שווינדלט פאַרביי אירע אויגן, ביז דער לעצטער וואַגאָן הויבט אָן צו קוקן אויף צוריק מיט 2 רויטע וואָרענונג־לאָמפּן־אויגן און די בלענדנדיקע רעלסן בליצן אויף מיט בלויע פונקען ווי געצונדן פון מאָטאָרמאַנס פרייד, וואָס ער איינער פירט טויזנטער מענטשן צו זייערע צילן.

דאָס רעדער־געטויש ווערט ווייטער און שוואַכער. ליכט־סיגנאַלן בייטן זיך, נאָר איר האָפענונג איז נאָך אַלץ זיכער, אַז ער וועט זיך באַווייזן צו איר. זאָל ער זיך נישט שעמען פאַר איר, וואָס מען האָט אים — לויט די רייד פון דעם נייעם „פלאַטפאָרם־מאַן" — פאַרשיקט אויף אַ ווייטער סטאַנציע.

דאָס האַרץ זאָגט איר, אַז דאָס האָט מען אים „פאַרשיקט" צוליב זייער ליבע: דערפאַר וואָס ער האָט זיך אָפט פאַרגעסן אָן די צעעפנטע טירן, וועלכע האָבן זיך נישט געקאָנט צומאַכן אָן זיין הילף. דאָס האָט זייער ליבע אָפט פאַרהאַלטן די צוגן . . . פאַר ליבע האָט מען אים באַשטראָפט . . . נישט געוואָרן קיין מאָטאָרמאַן, שעמט ער זיך . . .

אָבער זי גיט נאָך אַלץ ניט אויף די האָפענונג. זי איז זיכער:
„ער וועט זיך נאָך באַווייזן . . . ער וועט נאָך צוריקקומען . . ."

# וואָס געווען זאָל מער ניט זיין

ערב פרילינג, אין אַ שבת איז דאָס געווען, ווען איבער די איסט־סיידער גאַסן האָט אַ הויך געטאָן מיט פרישע ווינטלעך, וועלכע האָבן גע־לאָזט וויסן, אַז ערגעץ אויסער דער שטאָט באַנייט זיך די ערד, אַזביימער וועלן זיך אינגיכן צעגרינען אין אויך דאָ וועט זיך אַוודאַי באַלד דערהערן דאָס רוישן פון טייכלעך און דאָס געזאַנג פון פייגל.

דער ערב פרילינג האָט געקלאַפּט אין די טירן און פענצטער פון די ענג־באַוואוינטע טונקעלע אַפּאַרטמענטס און גערופן די איינוואוינער אַרויס.

מענטשן האָבן דערהערט דעם רוף, און מיט דערוואַכטע, אומבאַ־שטימטע האָפענונגען, זיינען זיי אַרויס אויף שפּאַציר. מערסטנס זיינען זיי געגאַנגען אויף די זוניקע זייטן פון די גאַסן. זייער טראָט איז געווען אַ לאַנגזאַמער, ווי זיי וואָלטן וועלן פאַרלענגערן די הנאה, וואָס זיי האָבן פון איינזאַפּן אין זיך די שיינקייט פון טאָג.

טייל האָבן פון נישט וויסנדיק וואָס צו טאָן מיט זיך, זיך אָפּגעשטעלט לעבן שויפענצטער און מיט די אויגן געמאָסטן אויף זיך שיינע און נוצ־לעכע זאַכן. אַנדערע האָבן זיך צוגעהערט צו די אויסגעשרייען פון די פּושקאַרט־פּעדלער, וועלכע האָבן געלאָזט וויסן פון די מציאות, וואָס מען קען היינט קריגן ביי זיי.

דאָ און דאָרט האָבן זיך באַוויזן יידן אין שבתדיקע מלבושים, מיט טליתים אין די טלית־זעקלעך, וועלכע גייען מיט רואיקע טריט אין שול אַריין דאַוונען. אין זייער גאַנג ליגט אַ ליבער חידוש וועגן גאָטס באַשאַף — די וועלט מיט איר איינגעשטעלטן סדר, וואָס יעדן זיבעטן טאָג אין וואָך פאַלט אויס דער הייליקער שבת. אַזאַ געבענטשטער טאָג, ווען מען קען אָפּכאַפּן דעם אָטעם פון זעקס טעג וואָכעדיק לעבן.

גייען זיי לויבן דעם רבונו־של־עולם אין שול אַריין, וואו מען וועט פּרובירן נאָכן דאַוונען געוואָר ווערן צווישן די לאַנדסלייט און היימישע מענטשן, וואָס עס טוט זיך אויף דער גרויסער וועלט, און צי איז די ישועה אויף יידן נאָך ווייט.

עס מאַכט זיך אויך אַמאָל אַ שמחהלע אין שול. מען רופט אויף אַ חתן, אָדער אַ בר־מצוה־בחור, וועט מען מיט אַ כוסה צעוואַרעמען יום־טובדיק דאָס געמיט, פון וואָס דער אייביקער בטחון אויף בעסערע צייטן

ווערט זיך אויסדוכטן, איז גאָר נאָענט, אַז אָט־די עופהלעך, וועלכע וואַ־רעמען זיך אין די קינדער־וועגעלעך אַרום דער שול — וועלן זיכער זוכה־זיין צו לעבן אין אַ בעסערער וועלט.

נאָר די גאָר אַלטע און שוואַכע, וועלכע זיצן פאַר די הייזער און קוויקן זיך מיט דער ליכטיקייט פון טאָג, קוקן מיט אַ קלוגן שמייכל אויף די יונגע טאַטעס און מאַמעס, וועלכע וואַכן איבער די קינדער און פרייען זיך וואָס די צאַרטע, דורכזיכטיקע הויט אויף די קינדישע פנימלעך ווערט ראָזע, וואָס די בעקלעך קריגן פאַרב, און וואָס אַ זיסער חלום שוועבט אויף די רויטע ליפּעלעך.

די אַלטע שמייכלען: „עך, אַ פרייד, קינדער... אסור צי עס לוינט זיך... מען רעדט שוין ווידער וועגן מלחמה... יונגוואַרג פאַרשטייט ג־אָ־ר־נ־י־ש־ט. נו, גיי טו, פאַלג מיך אַ גאַנג און מאַך איבער די וועלט... אייסעך וואָס!..." און זיי פאַרדרייסן צוריק די צעקנייטשטע פנימער צו דער זון און — „אַ מחיה, אַזאַ ליכטיקע שיינע וועלט..."

עס איז אָנגעקומען אַ פרוי מיט אַ קינד פון אַ יאָר פינף ביי דער האַנט. דאָס קינד האָט מיט גרויס נייגיר געקוקט אויף אַלע טשיקאַווע זאַכן, וואָס ווערן פאַרקויפט אין גאַס, און געבעטן דער מאַמען אַלץ צו קויפן אים, נאָר פּלוצים האָט ער אָפּגעלאָזט דער מאַמעס האַנט און גע־לאָזט זיך צווישן געדיכטן עולם, אויסגעפינען פונוואַנען עס קומט אַזאַ מאָדנע דין פייפן. זיינע קינדישע אייגעלעך האָבן געזוכט און געגישטערט און באַלד מיט גרויס חידוש אויסגערופן:

— מאַ, קוק! זע נאָר!

מיט אַ צעשראָקן הענטל האָט עס אָנגעוויזן אויף אַ מענטשן, וואָס איז געגאַנגען אויף קני־סטעמפּקעס, וועלכע זיינען געווען אַרומגעבונדן מיט שוואַרצע לעדער, און מיט אַ פייפל האָט ער אויסגעשפּילט אַ וויי־נענדיקע מעלאָדיע.

עמעצער האָט אונטערגעכאַפּט דעם ניגון און אויסגעזונגען:

— „וואָס געווען איז געווען און — מער ניטאָ..."

די יונגע מאַמע האָט אויף שנעל געוואָלט אָפּווענדן דעם קינדס פאַר־גאַפּטן בליק מיט אַ שפּילעכל, וואָס זי האָט פאַר אים געהאַט איינגעקויפט, נאָר דאָס קינד האָט נישט אויפגעהערט צו פרעגן:

— מאַ, איז דאָס אַזאַ מענטש?

— יאָ... קום, קינד, פון דאַנען, מיר האָבן פאַרבלאָנדזשעט.

נאָר דאָס קינד האָט נישט געהערט דער מאַמען, און ווייטער גע־וואָלט וויסן:

## שלמה וואסערמאן

— אַ מענטש מיט אַזעלכע קליינע פיס?

— קום פון דאַנען, די באָבע וואַרט אויף אונדז.

— איז דאָס אַ „בייבי־מען"?

— פרעג נישט אַזויפיל! — האָט די מאַמע געענטפערט אומרואיק.

— פאַרוואָס גייט ער נישט מיט זיין מאַמען?

— האָ? — האָט זי אַ פאַרלוירענע איבערגעפרעגט, און מיט כוח אים אַ צי־געטאָן פון דער גאַס.

זי האָט פעסט געהאַלטן דאָס קינד ביים הענטל און געשוויגן, נישט געוואָלט דערציילן דעם קינד, אַז זי געדענקט אים נאָך פון אירע סקול־יאָרן. זיין אומעטיקער ניגון פלעגט זיך אַריינרייסן אין אירע קינדישע שטיפערייען און געצוואונגען זי אַ טראַכט צו טאָן, ווי שלעכט עס מוז זיין אַ מענטשן צו גיין אָן פיס.

שפעטער האָט זי אויסגעפונען, אַז אַמאָל האָט ער געהאַט גאַנצע פיס, מיט וועלכע ער האָט געזונט געשפּאַנט צו דער אַרבעט, און אין זיין פרייער צייט — שפּאַצירט מיט זיין געליבטער, אויך מיט איר מאַרשירט אויף פּראָטעסט־דעמאָנסטראַציעס קעגן צוגרייטן מלחמה אויף דער וועלט. זייערע שטימען, אינאיינעם מיט טויזנטער אַנדערע, האָבן געוועקט, גע־רופן די וועלט באַצייטנס צו פאַרמיידן דאָס אומגליק . . .

נאָר שפעטער, האָט ער מיט די זעלבע געזונטע, שטאַלצע פיס, מאַר־שירט צום טאַקט פון מיליטערישע מלחמה־אָרקעסטערס, און ווען ער האָט זיך צוריק באַוויזן אין זיין באַליבטער געגנט, האָט ער אויף אַ פייפל אָנ־געזאָגט די מענטשן:

— „וואָס געווען איז געווען און — נישטאָ . . ."

און געווען איז אַ טייערע, ליבע מאַמע, האָט זי אַלע אירע טרערן אויסגעוויינט און פון צער אויסגעגאַנגען; געווען איז פאַר דער קריג אַ צאַרטע מיידל, איז געוואָרן זיין כלה, און איצט . . .

— „וואָס געווען איז געווען און — נישטאָ . . ."

און — „אָט איז ער ווידער דאָ! פּאַסט אויף, אַ מענטש איז אונטער אײַערע פיס!" — דאַכט זיך אים אָפט, אַז עמעצער וואַרנט, ווייל מענטשן בלייבן שטיין, קוקן פאַרשעמט אויף זיין פאַרשוואַרצט פנים, וואָס זעט זיך קוים אַרויס פון אונטער דעם אַראָפּגערוקטן היטל. זיי וואונדערן זיך אויף זיין שטיקל קערפּער, וואָס זעט זיך קוים אַרויס פונעם אונטערגעע־שוירענעם מאַנטל. און עס טוט ווער אַ שטילן זיפץ:

— היינט איז שיין. אַ ליבע וואַרעמקייט. מענטשן קריגן פליגל . . .

נאָר ער, אַ ברוגזער, ווי ער וואָלט קיין שייכות נישט געהאַט מיט

# היימישע מענטשן

דער וועלט, באַמערקט, דאַכט זיך נישט, אַפּילו דאָס פינקלען פון דער זון אויף די זילבערנע קנעפּלעך פון זיין פייפל.

פאַרבייסן מענטשן די ליפּן פון ווייטיק: „זעט, עס איז דאָך אַ ברוד־דער־מענטש! עפּעס דאַרף מען טאָן פאַר אים!

קלינגט אָפּ אַ מטבע אינעם בלעכערנעם קווערטל, וואָס איז אָנגעהאַנגען אויף זיין האַלדז, און די געבער גייען אַוועק אַביסל דערלייכטערטע — מער קאָנען מיר נישט . . .

דוכט זיך, אַז ער הערט נישט דעם קלאַנג, עס גייט אים נישט אָן די מטבע, ער וויל בלויז דורכן פייפן זיין בענקשאַפט דערציילן צו דעם וואָס עס איז געווען. ווי אַזוי איז דאָס געווען? . . . אַ געמיש — ערד, ביימער. שטאָל. מענטשן — אַ פינצטערער קנויל . . . וואַסער! אַ טראָפּן וואַסער! מאַמע, אַ לעק וואַסער אויף די ליפּן! . . .

די זון איז שוין הויך, שיינט און וואַרעמט. די ווינטערדיקע ערד לאָזט נאָך, די באַשוכטע קניעס ווערן פייכט און שווער. ערגעץ אונטער דער אויסגעטראָטענער לעדער נאָיעט אַ ווייטיק — יאָמערט ער אויס אויף זיין פלייטל אַ בענקשאַפט פון אַ פּאָר וואַרעמע שיך . . .

שיך, נייע, בויגעוודיקע, ווי ער זעט מיט זיין געבויגענעם קאָפּ, אויף געזונטע פיס; פיס פרייען זיך מיטן טראָט, טריט זינגען, האָט ער אויך שיך. נייע. די לעדער שמעקט, דער בלאַנקער שיך־האָרן איז גרייט צו העלפן אַרויפצוציען אויף די פיס, נאָר . . . וואָס געווען איז געווען — שניידט דאָס פייפל די לופט — געווען איז מלחמה . . .

און דער טרויער־ניגון קלינגט־אָפּ אין די ערב־פרילינג געמיטער, ווי אַ וואונטש, אַז וואָס געווען איז געווען — זאָל מער נישט זיין . . .

# דער „ווינדאָו־קלינער"

יאַן איז אַ „ווינדאָו־קלינער". ער וואַשט און רייניקט די פענצטער פון די ניו־יאָרקער שעפער און אָפיסעס. אַמאָל, איידער ער איז געקו־מען קיין אַמעריקע, איז ער געווען אַ פעלד־אַרבעטער, אַ פּאַראָבעק ביים פּריץ.

און ווי די פּריצישע ערד האָט איינגעזאַפּט די טראָפּנס שווייס פון זיין שווערער אַרבעט, אַזוי האָט ער איינגעזאַפּט אין זיך די זאַפּטיקע ריחות פון די פעלדער, דאָס מורמלען פון די טייכן, דאָס סודותדיקע רוישן פון די ביימער און דאָס פאַרבענקטע געזאַנג פון די פּאַסטעכער.

אין זיינע בלויע אויגן איז געווען אַ שאָטן פון שרעק פאַרן פּריץ, אַ מורא פאַר הונגער, און אין זיין האַרץ — אַ רויער פּראָטעסט און אַן אומ־רו, וואָס האָט אים געהייסן זוכן אַ בעסער מזל. איז ער אַוועק אין דער פרעמדער, וויטער וועלט, ביז ער איז אָנגעקומען קיין אַמעריקע און גע־וואָרן אַ קוילן־גרעבער.

אָבער אין דער טיפער אינגעווייד פון דער ערד האָט זיך אין זיין האַרץ צעבליט די בענקשאַפט צו דער ליכטיקייט פון דער זון, צו די פּרי־שע ווינטן אין די ברייטע פּוילישע פעלדער, צו דער רויער ערד. און פון שטאַרקער בענקשאַפט האָט ער בייז און פאַרביטערט געהאַקט די קוילן און געשאָלטן די פּאַנעס, וואָס האָבן אַלץ פאַרכאַפּט פאַר זיך און אים פאַר־טריבן אין אַ פרעמד לאַנד אונטער דער ערד.

איינמאָל, ווען דאָס מיינער־שטעטל איז אויפגעוועקט געוואָרן פון ביטערן געוויין פון די אייגענע און נאָענטע, וועמעס מענער און טאַטעס עס זיינען לעבעדיק באַגראָבן געוואָרן אין די טיפע שאַכטעס, האָט יאַן פון האַרצוויטיק זיך שטאַרק אָנגעטרונקען, גענומען רעדן מאָדנע רייד און געשאָלטן, אָבער ווען אויך דאָס האָט אים נישט געהאָלפן פאַרטרייבן די ביטערקייט פונעם האַרצן, האָט ער אַ שפּיי־געטאָן אויף אַלעם און אַוועקגעוואַנדערט . . .

אין ניו־יאָרק, ערגעץ דאַון־טאַון אין די ענגע גאַסן, האָט ער אויפ־געזוכט זיינע לאַנדסלייט, זיך אַרומגעדרייט צווישן זיי, ביז ער האָט זיך ענדלעך דערשלאָגן צו ווערן אַ ווינדאָו־קלינער . . .

קלעטערן הויך — דאָס האָט ער אַלעמאָל געקאָנט, אַפילו ביז די סאַ־

מע שפּיצן פון די העכסטע ביימער . . . אָבער העגנגען אויף די גלייכע ווענט פון די ניו־יאָרקער הימל־קראַצער, און בלויז מיט אַ פּאַסיק צו־געפּעסטיקט צו די פענצטער־האַקנס — דאָס האָט אים אַזוי געשראָקן, אַזש די בלוטן פלעגן נעמען טריקענען אין זיין גאַנצן געביין. אַזוי איז אָבער געווען בלויז אין אָנפאַנג. שפּעטער האָט ער זיך צוגעוואוינט און איז געווען צופרידן צו האָבן גענוג פענצטער צו וואַשן.

וואַשט יאַן די פענצטער. שפּאַנט אַ כמורנער צווישן די מענטשן פון איין פענצטער צום צווייטן. זיינע קליינע בלויע אויגן שיפּלען זיך צעשראָקענע און — ווי אַ שטומער, מיט חשד צווישן די הויכע קינבאַקן און ברוגזע ברעמען — שטופּט ער זיך מיטן קעסל און באַרשטן צו די פענצטער.

די שאַפּ־מענטשן, כאַטש פאַרנומענע מיט זייער אייגענער אַרבעט, שפּאָרן דאָך אָפּ אַ ביסל צייט, אויסצוגעפינען, וואָס אַ ווינדאָו־קלינער טראַכט, בשעת ער הענגט אויף די גלאַטע ווענט פון יענער זייט פענצטער. און עמעצער טוט פלוצלינג אַ פרעג:

— ס'איז עפּעס אַ געפערלעכע אַרבעט, לאַנדסמאַן ? . . .

יאַן טוט אַ דריי די צעפאָרענע קעפּקע אויף די צעשויבערטע האָר און ברומט אַרויס עפּעס, וואָס איז נישט ענגליש און נישט פּויליש, פונ־דעסטוועגן ווערט קלאָר פאַר די נייגעריקע פרעגער, אַז עס מיינט „לאָזט מיך געמאַך !"

עס קאָן זיין, אַז ער וואָלט זיי געזאָגט: „יאָ, לאַנדסלייט, די אַרבעט איז אַ געפערלעכע; אַן אומגעשיקטער באַוועג — איז זיכערער טויט . . . דאַכט זיך אים אָבער, אַז זיי חוזקן פון אים, ווייל ער איז אַוועק פון זיין לאַנד און פון דער ערד, וואָס זיינע עלטערן האָבן נאָך באַאַרבעט און באַ־פרוכפּערט פאַר אַ לוין פון שמיץ און הונגער, און ער — פאַר זיין צאָרן, פאַר זיין אומרו — קריכט דערפאַר איצט ווי עפּעס אַ פאַרשאָלטענע באַ־שעפעניש, אויף גלייכע ווענט, וועלכע ציען זיך גדלותדיק צום הימל און קוקן מיט מיליאָנען פענצטער, ווי מיט כישוף־אויגן, אויף זיינע הענט, וועלכע דאַרפן זיי רייניקן און פוצן . . .

ער טוט די אַרבעט מיט פאַרוואָלקנטע אויגן פון בענקשאַפט צו ערד. מענטשן, אונטן אין גאַס, פאַררייסן די קעפּ צו אים מיט חידוש: עך, אַזאַ געוואַגטקייט ! צו דעם דאַרף מען געבוירן ווערן . . .

נאָר אָט האָבן זיך צווישן די לאַנדסלייט זיינע אָנגעהויבן טראָגן קלאַנגען, אַז אין זייער לאַנד איז די ערד באַפרייט געוואָרן און ווערט איינ־

געטיילט צו יענע, וועלכע באַארבעטן זי. הערט ער און עס טוט אים באַנג, וואָס ער, דער יורש פונעם דורות־לאַנגן חלום צו האָבן און באַאַר־בעטן אַן אייגן שטיקל ערד, איז גראַד איצט אַזוי ווייט פון דאָרט, וואו אַט־דער טרוים איז מקוים געוואָרן.

פון די קלאַנגען און גוטער נייעס איז ביי אים באַלד געבוירן געוואָרן אַ פּלאַן : ער וועט צוריקפאָרן אַהיים, אין זיין דאָרף אַריין . . . אַט־דער פּלאַן אַליין וואַרעמט אים שוין און פאַרטרייבט דעם ברוגז פון זיין שטערן, און בעת ער גייט פאַרביי די מענטשן אין אַן אָפּיס, אָדער אין אַ שאַפּ, און מען טוט אים דעם געוויינטלעכן גלייכגילטיקן פרעג : „שווער צו מאַכן אַ לעבן ?" ענטפערט ער שוין האָפּעדיק : „נישט געזאָרגט"! דערביי גיבן זיינע אויגן אַזאַ פריידיקן פינקל און די פאַרשלאָסענע ליפּן באַוועגן זיך מאָדנע, אַז עס דאַכט זיך אים אַליין, אַט, באַלד עפענען זיי זיך און דער־ציילן, אַז אויף יענער זייט ים וואַרט אויף אים אַ גרויסע ירושה.

אים איז אָבער שווער אַזאַ גרויסע פרייד צו דערציילן. אפשר וועלן די מענטשן אַרום אים גאָרנישט פאַרשטיין ? עס קאָן דאָך אַפילו זיין, זיי זאָלן גאָר אָפּלאַכן פון אים . . . פאַרשליסט ער אין זיך זיין וואַרעמען, פריידיקן סוד, טוט אַ מוטיקן שפּאַן צו דעם פענצטער, טוט עס אַ צעעפּן, פאַרלייגט דעם פּאַסיק אויף איין הוק, אויף אַ צווייטן, און בלייבט ווי העגנ־גען צווישן הימל און האַרטן שטיין מיט דער באַרשט אויף די שויבן . . .

אונטן רוישן מאַשינען. מענטשן יאָגן זיך, פּלאָנטערן זיך אין איי־נענעם געאייל, גלייך ווי עמעצער וואָלט געוואָלט עפּעס אויסכאַפּן פון זיי. יאָגנען שווינדלט אַזש אין די אויגן דערפון. טוט ער אַ וויש מיטן לאַפּן איבער אַ שויב, אַ פּוץ אַהין, אַהער, אַז עס זעט זיך שוין קלאָר דער אי־נעווייניק פון שאַפּ. ער זעט דאָרט זיצן מענטשן געבויגן ביי טישן, ביי מאַשינען. אַנדערע איילן, יאָגן זיך פון אָרט צו אָרט עפּעס נאָר ווי פאַר־צווייפלטע, פאַרבלאָנדזשעטע אין אַ דזשאַנגל . . . קלעפּט יאָן צום פענצ־טער מיט אַ נצחון־שמייכל אויף זיין ברייטן פּנים : „ווער איז דאָרט גלייך צו מיר ? ווער האָט נאָך אַזאַ ירושה ווי איך ?"

נאָר אַז עס טוט אַמאָל אַ פּלאַטער אַ פאָן אויף אַ מויער, אָדער אַ פויי־געלע שוועבט פלוצים פאַרביי אים, דאַכט זיך יאַנען, אַז די וואַנט, אויף וועלכער ער האַלט זיך, האָט זיך אַ באַוועג געטאָן און עס ווערט אים קיל אונטערן האַרצן. ער טוט זיך אַ כאַפּ צום פּאַסיק וואָס האַלט אים אינדער־הויך : — „נישטאָ וואָס צו שרעקן זיך" — טראַכט ער און וואַרפט אַ בליק צווישן די מויערן, גאַסן און וועגן, וועלכע ציען זיך ווייט, העט ווייט

## הײמישע מענטשן

אַהין וואו עס טוליען זיך בערג מיט ביימער . . .

ער טוט אַ וויש, אַ רייניק אַ שויב און עס דאַכט זיך אים, אַז זיין אַלטע היים, וואו די ערד איז באַפרייט געוואָרן, רופט אים. אָט טרעטן זייַנע פיס ווידער אויף דער פוכקער, זאַפטיקער ערד . . . זיין שטיבל קוקט אַרויס פון בייטן מיט בלומען. דער מאָן איז רויט צעבליט. די זון איז הייס. די לופט איז שטאַרק, זיס און שטיל . . . אַ ים פון גאָלדענער תבואה. די זאַנגען זייַנען הויך און פול מיט קערנער. און ער אַליין, יאָ, איז שוין מער נישט צוגעבונדן צו די ריזיקע מויערן. ער איז פריי, די ערד איז פריי . . .

מיטאַמאָל טוט זיך יאָן אַ כאַפּ, אַז ערווישט שוין צופיל און צו לאַנג דאָס פענצטער. שפּאַנט ער צוריק אַריין אינעווייניק, גייט פּאַמעלעך דורכן שאַפּ צווישן די מענטשן, כדי אויפצוכאַפּן אַ מעגלעכן געשפּרעך וועגן זיין היימלאַנד, פּוילן: ער וויל וויסן, צי זיי וויסן, אַז די באַפרייטע ערד, דער חלום פון דור־דורות, רופט אים אַהיים צו זיך . . .

# אויסגעוואַרצלטע

איבער ברייטע, פלאַכע פעלדער ציט זיך אַ ניי־געפלאַסטערטער וועג, וואָס קומט־אָן פון ערגעץ ווייט, לויפט פאַרביי בערגלעך, ביימער און איינזאַמע שטיבלעך. פון ביידע זייטן וועג וואַכן טעלעגראַף־דראָטן, מיט אַ שטענדיקן ציטער און שטומען געזשום, ווי אַ געבעט צום ווייסן טראַקט: „זיי מיט אונדז! אָן דיר, אין פרעמדן פעלד, זיינען מיר עלנט!" נאָר מיטאַמאָל טוט זיך דער וועג אַ ווענד־אָפ אָן אַ זייט און אַ שנייד אַריין אינעם שטעטל נ., צעצווייגט זיך דאָרט, טיילט פאַנאַנדער דאָס שטעטל אויף גאַסן און עוועניוס, און ווערט ווי פאַרלוירן צווישן די שטילע הייזער, וואָס קוקן פאַרגאַפט מיט זייערע וואַזאָנעדיקע פענצטער אויפן רואיקן דרויסן.

אין די פרימאָרגנס, נאָך אידער דאָס שטעטל שלאָפט־אויס דאָס לעצטע ביסל מידקייט, צעפייפן זיך די אַרומיקע פאַבריק־סירענעס, צערודערן די דרעמלדיקע שטילקייט און סאָרטירן אויס די איינוואוינער אויף פאַבריק־און הויז־מענטשן.

צוזאַמען מיטן שטעטל דערוואַכט אויך דעיוו דער גראָסערימאַן. אונטער זיינע טריט צעסקריפעט זיך דער דיל מיט אַזאַ געוואַלט, אַז — אָט־אָ איז אַ סוף צו זיינע אַלטע הילצערנע יאָרן. דאָס סקריפען פאַרטרייבט די באַגינען־רו פון דער לענדלעידי, וועלכע וואוינט מיט אַ גאָרן נידעריקער.

אַ דערשראָקענע הייבט זי אויף איר גראָען קאָפ פון ווייסן קישן, שפיצט־אָן די אויסגעטריקנטע אויער־לעפלעך און הערט זיך איין, ווי די ירושה־טרעפ קרעכצן אונטער דעיווס פיס. אַז די טרעפ שטילן זיך איין, ווענדט זי די אויגן צום פענצטער. זי זעט, אַז דעיוו האָט שוין אויף אַן אמת פאַרלאָזט דאָס הויז, האָט זיך שוין אויסגעמישט מיט די איילנדיקע פאַבריק־אַרבעטער — דעמאָלט אָטעמט זי אָפ פריי, גלייך זי וואָלט פלוצים אויסגעמיטן אַ גרויס אומגליק.

און אַז זי קומט ווידער אַ ביסל צו־זיך, הויבט זי אָן אויפסניי צו טראַכטן וועגן די פאַבריקן אַרום שטעטל. זי איז זיכער, אַז זי וואָלט געקאָנט מיט דער גרעסטער פינקטלעכקייט באַדינען די מאַשינען, אַז אירע גרינג־אָדערדיקע הענט וואָלטן אויף קיין איין אויגנבליק ניט פאַרלאַנגזאַמט די אַרבעט: זי וואָלט געאָטעמט מיטן זעלבן האַסטיקן אָטעם ווי די שנעל־דרייענדיקע רעדער, — אַבי צו קאָנען זאָגן דעם גראָסערימאַן: „כ'בין צוריק זעלבסטשטענדיק. גיי־זשע דיר פון דאַנען, וויל מיט דיין

דירה־געלט צעשטערסטו מיין ירושה". דאַן וואָלט זי צוריק אויפגעזוכט דאָס חתונה־בילד פון איר טאַטע־מאַמע, אויף וועלכן דער טאַטע־חתן באַגריסט די מאַמע־כלה מיט אַ בוקעט בלומען. ווידער וואָלט דאָס בילד געהאַנגען אויף דער נאַקעטער וואַנט, קעגן דער קוליע, וואָס איז אָנגעשפּאַרט אָן דער וויג־שטול, אויף וועלכער דער טאַטע איז אָפּגעזעסן זיינע לעצטע יאָרן אָן דעם רעכטן פוס, וואָס איז פאַרצערט געוואָרן פון עפּעס אַן אומבאַקאַנטער קראַנקהייט. דאָקטוירים האָבן געזאָגט: „זיך פאַרנאַכלעסיקט" . . . אַז ס'איז אָבער פאָרט ניט געווען מיט וואָס זיך צו היילן, און אַרבעטן האָט ער געמוזט . . . אוי וואָלט זי באַהיט און באַוואַכט דאָס געדעכעניש פון איר טאַטע־מאַמע . . . ווידער וואָלט זי געלעבט מיט די אַלטע זכרונות און רחמנות־געפילן . . . קיינער וואָלט שוין מער איר געמיט ניט צעשטערט . . . ווילן אָבער די באַלעבאַטים יונגערע הענט, מוסקולירטע . . . שפּרייט זיך דעריבער אַ שווערער אומעט אין אירע פרומע בתולה־אויגן, וואָס קוקן־נאָך דעיוון מיט שטילן געבעט: „זאָל ער כאָטש האָבן הצלחה און לייזן געענוג אין זיין גראָסערי, וועט ער צאָלן רענט אין צייט, וועט זיין מיט וואָס די נשמה צו דערהאַלטן".

דעיוו פאַרשווינדט פון איר בליק, ווען ער פאַרקערעוועט זיך צו זיין גראָסערי. אַז ער עפנט־אויף די טירן בלייבט ער שטיין מיט אַ פאַרשטיקטן אָטעם פון די שווערע ריחות, וועלכע טראָגן זיך פון די אַלערליי שפּייז־אַרטיקלען. און נאָך איידער ער באַוויזט קומען צו־זיך, שאַרט זיך שוין די ווייסע קאַץ מיט די גרויע פלעקן אַרום זיינע פיס, ווי זי וואָלט געבעטן אנערקענונג ביי אים פאַר דעם וואָס זי באַשיצט אַזוי העלדיש זיין נייעם חיונה־קוואַל.

דעיוון גיט עפּעס אַ נעם אַזוי ביים האַרצן: — „אַ געטרייע קאַץ, אַ ליב באַשעפעניש" — טראַכט ער. ער וואָלט זיך גערן אָנגעבויגן, אַ גלעט געטאָן איר און אָפּנהאַרציק געזאָגט: — ביזט אַ קאַץ אַן איבערגעגעבענע, נאָך בעסער פון אַ הונט.

נאָר וואָס פאַר אַ מחותן איז ער דאָס מיט דער קאַץ?

אמת, אַמאָל, גאָר אַמאָל, אין זיינע קורצע קינדער־יאָרן, האָט ער דווקא יאָ ליב געהאַט צו שפּילן זיך מיט זייער הויז־קאַץ. ער פלעגט דרייען אַ שטריקל ביי אירע לאַפּקעס און זי פלעגט טאַנצן אַרום דעם. פאַרטייעט זיך, אויסגעצויגן און פלוצים — אַ שפּרונג — אָט־אָט האָט זי דאָס אין אירע נעגל. נאָר — ע־ע־הע, ניין, איך בין פלינקער פון דיר!...

שפּעטער איז דאָס אים אויסגעפאַלן באַקאַם. דער טאַטע האָט זיך געבייזערט:

— דו, גוי־גמור, מיט אַ טמא באַשעפעניש שפּילסטו זיך גאָר!...
און די מאַמע האָט גענעבן צו פאַרשטיין:

— אַז מען שפּילט זיך מיט אַ קאַץ, קריגט מען אַ קורצן זכרון...

סיי־ווי־סיי, דער גורל האָט זיך אַ שפּיל געטאָן מיט אים און דער־שטיקט זיינע צאַרטע קינדערשע געפילן.

דעיוו פאַררויכערט אַ ציגאַרעטל, קוקט אַ וויל פאַרטראַכט אויף דער קאַץ און שפּאַנט אַוועק צום בופעט. ער מאַכט זיך גרייט אויפצונעמען קונים, און די קאַץ בלייבט שטיין אַן איבעריקע, מיט אַ דערשלאָגענעם בליק.

נאָר אַז מיני, דעיווס וויב, קומט אַריין, באַגריסט זי די קאַץ מיט אַ „גוט־מאָרגן", און מיט אַ גלעט איבערן גלאַטן רוקן, פון וואָס דאָס קעצל גיט זיך אַן עלאַסטישן צי און אַ דריי מיטן עק. מיניס פאַרדאגהטע אויגן צעשיינען זיך מיט פריידיקן גלאַנץ. זי הייבט אויף די קאַץ ביי די פאָ־דערשטע לאַפּקעס, קוקט איר גלייך אין די אויגן אַריין און רעדט ווי צו אַ פאַרשטענדיקער באַשעפעניש:

— דאַרלינג, ביזט נעבעך אַליין אַ גאַנצענע נאַכט. האָסט ניט קיין מורא? . . . ניין? . . . נו, זאָג, רעד! דו שוויגסט? אַ לעבן אויף דיין קאָפּ!...

די קאַץ טוט אַ ציטער מיט אירע דורכזיכטיקע אויערלעך, אַ לעק מיטן רויטן צינגל אַרום האַלב־געפּלעקטן נעזל און אַ פינטל מיט די גרוי־גרינע אויגן, גלייך זי וואָלט דערשפּירט מיניס וואַרעמע פריינטשאַפט. מיני ווערט אַזש צעשמאָלצן:

— דעיוו! — רופט זי אויס אַ גליקלעכע, — זע נאָר, זי פאַרשטייט דאָך יעדעס וואָרט, ווי להבדיל אַ קינד. אַ געזונט אין אירע ביינער אַריין!

ביי דעיוון צעשפּילט זיך אַ שטילער פאַרגעניגן, וואָס גיט אָבער באַלד אַ שלאָג אויף אַן אַלטער וואונד — אַ קינד . . . שפּרייט זיך אויס אַן אומעט אויף זיין שטערן, וואָס איז שוין גרוי אין די ווינקלען, און ער ענטפערט:

— אָט, מאַכסט זיך נאַריש מיט אַ קאַץ.

מיני קריגט באַלד חרטה. זי ווייסט, אַז איר מאַן, ווי זי אַליין, בענקט נאָך אַ קינד. איז זי אָבער אַזאַ פאַרשאָלטענע . . . זי לאָזט אַ פאַרשעמטע אַראָפּ די קאַץ פון די הענט און שאַרט זיך אַריין אין היג־טערשטן צימער, צוצוגרייטן אָנבייסן.

צווישן איין קונה און אַ צווייטן כאַפּן זיי ביידע אָפּ דעם אָנבייסן. נאָכדעם איז מיני פאַרנומען מיט רייניקן און פּוצן די סטאָר. אַלץ מוז

ביי איר בלאַנקען און פּערלען, ווייל, ערשטנס, קאָן זי ניט אַנדערש; צווייטנס, וויל זי, דאָס שטעטל זאָל וויסן, אַז יידן האָבן דווקא ליב ריינקייט. און, אַ חוץ דעם, וויל זי, דעיוו זאָל טאַקע וויסן, אַז ווען מען דאַרף זיך ראַנגלען מיט דער בויט, שטייט זיין ווייב ניט אָן אַ זייט מיט פאַרלייגטע הענט. שפּעטער, אַז זי האָט שוין אויסגעשטעלט אַלערליי אַרטיקלען אין אַ שיינער קאָמבינאַציע, טוט זי אַ פרעג:

— דעיוו, איז עס ניט גרויסאַרטיק, האַ?

דעיוו הייבט פּאַוואָליע אויף די אויגן, וואוהין עס צייגט מיניס האַנט, קוקט אויף די פּאָליצעס מיט אַ פילאָזאָפישן בליק, ווי איינער רעדט: „נו, אַז ס'איז גרויסאַרטיק, איז וואָס? וועט שוין ווערן לייכטער צו לעבן אויף דער וועלט?" נאָר ענטפערן, ענטפערט ער קאַרג:

— ניט שלעכט.

זי פאַלט ביי זיך ניט אַראָפּ פון אַזאַ קאַלטן קאָמפּלימענט. זי ווייסט, אַז דעיוו האָט ניט ליב צו לויבן אין די אויגן. דערפאַר לאָזט זי ניט נאָך און רעדט ווייטער:

— די פּאָליצעס ווערן פאַרפּילט. מיר האָבן שוין באַלד אַלץ, וואָס די איינוואוינער דאַרפן . . . ביסלעכוויין וועלן מיר דאָ ווערן איינגעוואָרצלטע. די מענטשן אינעם שטעטל וועלן זיך שוין אָן אונדז ניט קאָנען באַגיין.

— יאָ, זעט אויס, אַז ענדלעך האָבן מיר זיך דערשלאָגן צו אַ שטיקל אָרט אין דער וועלט, — ענטפערט דעיוו אָן אויפגעמונטערטער.

זייערע שמועסן ווערן אָפט איבערגעריסן פון קונים, וואָס קומען און גייען. דער געלט־רעגיסטער זאָגט־אָן אויפן קול: קליק־קליק! אַזויפיל און אַזויפיל האָב איך אַריינגענומען. אָט איז עס שוואַרץ אויף ווייס . . .

איז דאָס אויך ווי אַ טייל פון זייערע רייד. גיט דאָס זיי גוטע האָפענונג, אַז דאָ וועלן זיי שוין ווערן אַ טייל פונעם כלל, ווייל קיין באָס קאָן אים שוין ניט אָפּזאָגן פון דער אַרבעט און קיין נייע טעכנישע דערפינדונג קאָן אים ניט פאַרבייטן, ווי די מאַשין האָט אים פאַרביטן אין זיין פאַך.

אין דער סביבה איז אָבער אומעטיק. די מענטשן זיינען פרעמד און פאַרשלאָסן אין זיך. ניט דעיוו און ניט מיני האָבן נאָך געפונען די שפּראַך זיך צו דערנענטערן צו זיי. די איינציקע, וואָס איז אָפנהאַרציק מיט זיי, איז מאַרדזשי, וועלכע קומט אַלע טאָג. זי איז ביי זיי אַן אָנגעלייגטער גאַסט, מיט וועמען מען פרייט זיך ווי מיט אַ גוטער בשורה. מאַרדזשי ווייסט ניט ווי אַזוי צו טרייסטן, מונטערן אָדער געבן האָפענונג. זי לאַכט. ווי נאָר זי עפנט די טיר, לאַכט זי אויס אַ „האַו־דו־יו־דו",

# שלמה וואַסערמאַן

וואָס צעקייקלט זיך איבער די פּאַליצעס, איבער אַלע ווינקעלעך פון געוועלב.

בעת זי רעדט, דאַכט זיך, אַז די ווערטער איילן זיך אָנצוקומען פריער פאַרן געלעכטער, נאָר גאָר אָפט פאַרשפּעטיקן זיי. און אַז מאַרדזשי לאַכט, לאַכט אויך איר געזונט, יונג לייב דורכן געפּאַסטן קליידל. איר ווייסער האַלדז ווערט דאַן ראָז און רייצנדיק. אירע גרין-בלויע אויגן צעלויכטן זיך אין מינענדיקע פלעמלעך פון אומשולד און גוטסקייט, וואָס טונקלט זיך באַלד אין ערנסט און אומזיכערקייט: — „מעג איך לאַכן?" אַז אַלץ נעמט זי דאָ אויף באָרג. שווער אויסצוקומען פון ברודערס פאַרדינסטן, וואָס דאַרף קלעקן פאַר דרייען.

אמת, די גראָסערי-לייט זאָגן איר קיינמאָל ניט אָפּ. פאַרקערט: מיני מיינט, אַז זי שעמט זיך צו נעמען אַלץ וואָס זי דאַרף, פרעגט זי:

— מאַרדזשי, האָסט גאָרניט פאַרגעסן?

— וועל . . . ניין, — ענטפערט זי פאַרטראַכט.

אָבער מיני וויל שטאַרק פאַרטרייבן דאָס מאָגערע לעבן פון מאַרדזשיס הויז. זי וויל, ס'זאָל דאָרטן זיין אַ ביסל פריילעכער, יום-טובדיקער. דערמאָנט זי:

— מאַרדזשי, קאַווע איז נאַרהאַפטיקער מיט שמאַנט און צוקער. טיי איז געשמאַקער מיט ציטרין. דיין ברודער אַרבעט שווער, מען טאָר אים ניט פאַרדאַרבן . . .

שטייט מאַרדזשי ווי אַ פאַרשולדיקטע — טאַקע אַזוי: דער ברודער אַרבעט שווער. ער איז געטריי דעם האַלב-געליימטן טאַטן, ווען זי היט-אָפּ ווי דאָס שוואַרצאַפּל פון אויג. אָרעמער ברודער, ס'בלייבט אים אַפילו ניט קיין קליין-געלט אויף „אויסצונעמען" זיין מיידל . . . און זי צעלאַכט זיך אויפסניי מיט אַ פריש שפּרודלדיק געלעכטער, אַזש די זיידבלאָנדע לאָקן צעטאַנצן זיך אויף איר קאָפּ.

מיני קוקט אויף איר מיט חידוש: „פון וואָס לאַכט דאָס אַ מיידל?" און אַ ווײלע שפּעטער פאַרגייען זיך שוין ביידע אין אַן אָטעמלאָזן געלעכטער.

דעיוון דאַכט זיך, אַז זיין ווייבס געלעכטער איז אַ ווייטער ווידערקלאַנג פון יענע יאָרן, ווען אירע האָר האָבן געלויכטן מיט פרישן קאַשטאַן-קאָליר, ניט ווי איצט — אַ געמיש פון ברוין-גרינלעך-גרוי. אין אירע אויגן האָט דעמאָלט געטליעט די פריידיקע האָפענונג פון אויפגיין, פון האָבן קינדער, פון פאַרזעצן זייער שטאַם מיט אַ נייעם דור. איצט אָבער איז דאָך דאָס אַלץ שוין אַן אויסגעוועפּטער חלום, טאָ מיט וואָס-זשע

איז פאַראַן זיך צו פרייען ? . . .

ער פאַרפאָרעט זיך מיט די אָנגעוואָרפענע זשורנאַלן, וואָס ליגן אויף אַ זייטיקן טישל. ער וויל זיך פאַרטיפן אין זיי, נאָר דאָס געלעכטער איז אַזוי באַטעמט און נאַאיוו, אַז ער פילט אַליין ניט, ווי אויף זיין פנים הויבט אויך אָן צו שפילן אַ שמייכל.

ווען ס'באַווייזט זיך אַ קונה, ווערט דאָס געלעכטער ראַפּטאָם אויסגעלאָשן, ווי אַ ליכט אין ווינט. דאַן דערמאָנט זיך מאַרדזשי, אַז אויך זי איז געקומען איינקויפן. ווערט זי מיטאַמאָל ערנסט, גלייך זי וואָלט חרטה געהאַט אויפן ביז־איצטיקן שטיפן, ווי אויף אַ זינד . . . פונדעסטוועגן פאַרסירט דאָס זעלביקע אַלע טאָג, עפּעס ווי דאָס וואָלט געווען אַ טייל פונעם לעבן־סדר, וואָס האָט זיך ביי זיי איינגעשטעלט: ווי אַלע פרימאָרגן עפענען דאָס געוועלבל און עס פאַרמאַכן שפּעט ביינאַכט; אַלע חודש צאָלן אין צייט די רענט, צאָלן פּינקטלעך די בילס, ווי פּינקטלעך עס קומט צווי מאָל אַ וואָך די פוטער־און אייער־פאַרמערקע מיט איר זון . . .

* * *

מיט דער פאַרמערקע רעדט מען מערסטנס גראָד וועגן פערזענלעכע ענינים. זי רעדט אַ זאַפטיק־ליטווישן יידיש, מיט אַן אָנגענעמער שטים, וואָס שטימט איינגאַנצן ניט מיט איר ברייט־פאַרהאָרעוועטן פנים און צעפלאַסענעם קערפּער. אירע הענט ווייזן סימנים פון שווערער אַרבעט. פון אירע קליידער זעט זיך, אַז זי איז אין אָפּטער באַרירונג מיט עופות און בהמות. דעמאָלט וואַרפט מיני אַראָפּ פון זיך די טאָג־טעגלעכע ענגלישע שפּראַך און כאַפּט זיך צו צו איר מאַמע־לשון, ווי צו אַ נאַש . . .

אַזוי רעדנדיק גייען זיי אַריין אין הינטערשטן צימער פון געוועלב. דאָרטן ווערט דער שמועס אינטימער. מען רעדט אָפּנהאַרציק וועגן זיך, און וועגן דער אַלטער היים, אויף יענער זייט ים, וואו זיי האָבן אייגענע און נאָענטע. אַמאָל מאַכט זיך, אַז די פאַרמערקע ברענגט מיט זיך אַ בריוו פון איר אַלטער מאַמען. בעט זי מינין לייענען דעם בריוו, ווייל זי אַליין איז „בלינד" אין די קליינע אותיות . . .

בשעת מיני לייענט, קוקט אויף איר די פאַרמערקע מיט דרך־ארץ און זאָגט נאָך שטיל יעדעס וואָרט, ווי איר מאַמע פלעגט אַמאָל נאָכזאָגן דער פירזאָגערין אין דער ווייבערשער שול. אירע אויגן באַקומען בעת דעם אַ פאַרטראַכטן ווייטן אויסזען, ווי זיי וואָלטן געזען דער מאַמען אַרויסקומען אויף דער שוועל פון אַלטן איינגעהויקערטן שטיבל מיטן קרומען דאַך און ווי זי וואָלט אויסגעשטרעקט אירע הענט מיט טענות: „טאָכטער, טאָכטער, וואָס לאָזטו מיינע אויגן אויסקוקן אויף דיינס אַ

בריוו? צי פאַרשטייסטו ניט קיין מאַמעס האַרץ?"

און זי ענטפערט איר אין געדאַנק: „מאַמע טייערע! ווי קאָן איך דיר שרייבן אָפּט, אַז קיין פּען האַלטן אין האַנט קאָן איך ניט... צי מיין זון קען שרייבן? אַוודאַי, נאָר ניט אונדזער שפּראַך, מאַמע... ער האָט שטודירט אויף לערער. איז אַ חוץ ענגליש קען ער אויך דייטש, פראַנ־צויזיש, נאָר ניט קיין יידיש... מיר גייט דאָ ניט שלעכט. כ'בין אַ פאַרמערקע, ווייל מיין מאַן מוז האָבן פרישע לופט פאַר זיינע לונגען... נו, און אַז כ'וועל דיר שוין שיקן מיין בילד — וועסט מיך סיי־ווי ניט דערקענען. כ'האָב דיר אַ סך צו שרייבן, מאַמע, נאָר..."

נאָכדעם ווי מיני ענדיקט דאָס לייענען, בלייבט אַ שטילקייט אין קליינעם צימערל, ביז דער אָנגעזאַמלטער טרערן־טוי טריקנט אויס פון דער פאַרמערקעס אויגן און אין האַלדז ווערט געראַמער. דאַן הויבט זי אָן אַ פאַרטראַכטע מיט אַזאַ ווייטער שטילער שטימע:

— איך וועל זיך נאָך ווען עס איז פאַרקלייבן צו אייך, איר זאָלט מיר אָנשרייבן אַ בריוו צו מיין מאַמען. אָבער אַ בריוו, ווי איך אַליין וואָלט גערעדט צו איר... זאָל זי וויסן ווי פאַריאָגט איך בין דאָ מיט צאָלן „מאָרטגעדזשעס", בילס און פּראָצענטן אויף חובות, וואָס גרייכן שוין ביז צום האַלדז און... יאָ, וויפיל פונט פוטער דאַרפט איר היינט? אייער דאַרפט איר נאָך ניט?... נו, מען דאַרף גיין, מיין זון מוז שוין אַוודאַי וואַרטן אויף מיר...

איך זון נעט באַמערקט אַפילו ניט, צי זיין מאַמע איז צוריק אַריינגע־קומען. ער איז שטאַרק פאַרנומען אין אַ שמועס מיט דעיוון מכוח פּאָ־ליטיק און אַזוי וועלט־זאַכן. דעיוו האָט גערן צו ריידן מיט אים, ווייל זינט ער איז פאַרוואָרפן געוואָרן אַהער, אין דעם העק, און געוואָרן אַ גראָ־סערימאַן, שווייגט ער מערסטנס. און כאָטש אַ סך פון די קונים פּרובירן אַמאָל פאַרבינדן אַזאַ געשפּרעך מיט אים, גייט עס ניט. אָפּט כאַפּן זיך ביי אים אַרויס אַזעלכע ווערטער, וואָס מיינען ניט דאָס וואָס ער האָט גע־וואָלט זאָגן. דאַן בלייבט ער שטיין אין מיטן ריידן, ווי ס'וואָלט זיך אויף אַמאָל אויסגעשעפּט זיין ווערטער־קוואַל. פונקט דאַן ווען זיינע געדאַנ־קען שפּאַרן זיך צום אויסדרוק, ווערט זיין בליק אַ פאַרשעמטער און די ליפּן — אַזעלכע נעבעכדיקע און אומבאַהאָלפענע. פאַרקערעוועט שוין יענער די רייד וועגן וועטער, אָדער אַנדערע קלייניקייטן און טראַכט אַוודאַי: „געמאַכט אַ טעות. דער מענטש פאַרשטייט גאָרנישט ניט".

אָבער אַז נעט באַווייזט זיך, רעדט דעיוו צו אים אויף צוויי שפּראַכן: ווערט אים ענג אין ענגליש, נעמט ער צוהילף יידיש. זיין מאַמע־לשון

# היימישע מענטשן

גיט אים די מעגלעכקייט זיך צו אַנטפּלעקן כאָטש פאַר איין מענטשן אין דער נייער סביבה. און פון וואָס צו ריידן איז פאַראַנען. ער איז קיין־מאָל ניט איינשטימיק מיט דעם אומיושר, וואָס ווערט באַגאַנגען פון מענטש־צו־מענטש.

— אמת, — טענהט ער, — איצט בין איך בלויז אַ גראָסערימאַן, ניט קיין אַרבעטער, קאָן איך דער וועלט קיין דעות ניט זאָגן. אָבער ווען מענטשן זאָלן דענקען און פילן מענטשלעך, וואָלט מען דאָך פאַרשפּאָרט אַזוי פיל אומנויטיקע ליידן און פּיין . . .

נעט באַנעמט זיינע רייד, אַפילו די, וועלכע ער זאָגט אין יידיש. ער אַליין האָט שוין אָנגעהויבן איינצוזען, אַז די וועלט איז ניט מיט אַלעם. ער זעט שוין קלאָר, אַז די ביכער, וועלכע ער האָט געלערנט, און די לעקציעס, וואָס ער האָט געהערט, שטימען ניט מיטן לעבן: ער איז דאָך אַ מענטש פּונקט ווי אַנדערע — נאָר פאָרט אַ ייד. האָט מען אים טאַקע שווער געמאַכט זיין שטודיום, און דערפאַר וואָס ער איז ניט קיין פאַר־מעגלעכער, האָט ער גאָרניט געקאָנט — ניט געוואָרן קיין לערער . . . פון אַלע זיינע פּלענער און האָפענונגען האָט ער גאָר גע־מוזט אָנהויבן פאַנאַנדערפירן פּוטער און אייער צווישן די גראָסעריס. ער שטויסט זיך אָן, אַז אויך דעיוו איז ניט מיט זיין פריינט ווילן אַוועק פון דער גרויסער שטאָט ניו־יאָרק . . .

צוליב דעם דערפילט זיך נעט עפּעס אַזוי נאָענט צו דעיוון, און דורך אים — צו אַלע יענע, וועלכע מוזן לעבן ניט ווי זיי ווילן אַליין. זוכט ער דעריבער ווערטער, וואָס זאָלן אים טרייסטן, מוטיקן, דערהויבן. אָפט דאַכט זיך אים, אַז דעיוו באַגרייפט ניט דעם זין פון זיינע רייד, הויבט ער אָן אויף יידיש, אָבער בלייבט באַלד אָן לשון, וועגדט ער זיך מיט געבעט־בליקן צו דער מאַמען נאָך הילף. די מאַמע העלפט גוטמוטיק אַרויס:

— ער מיינט צו זאָגן אַז עס זיינען פאַראַנען מיליאָנען מענטשן אַזעלכע, ווי איר און ער, וואָס ווילן אַ בעסער און שענער לעבן, און אַז ס'וועט נאָך קומען אַ טאָג . . . יאָ, כ'וויס שוין זיינע געדאַנקען אויף אויסנווייניק . . . אָבער וואָס טויגן מיר דאָרטן די אַלע רייד? די צייט שטייט ניט. מיר מוזן פאָרן ווייטער. קום! . . .

אַז נעט לאָזט אין גאַנג דעם אַלטן אויטאָמאָביל און איילט אַוועק, בלייבט ביים פאַר־פאַלק אין דער גראָסערי אַ שטאַרקע בענקשאַפט. אַ דערוואַכטער באַגער נאָך אַ נאָענטער פריינטלעכער סביבה אַזעלכער, ווי זיי האָבן אַמאָל געהאַט אין ניו־יאָרק, אין דער שטאָט, וואו דרייסיק יאָר

פון זייער לעבן איז פאַרוועבט געוואָרן מיט שאָפּ און גאַס, מיט אַרבעט און סטרייקס . . . אינאיינעם מיט זייער טאָג־טעגלעכן לעבן איז די שטאָט געוואַקסן, געוואָרן שענער, חנעוודיקער און מיט מער צוציאונג. נאָר אין סאַמע בליאונג פון דער יונג־ווערנדיקער ריזן־שטאָט, זיינען זיי, די תושבים, פּלוצים אויסגעוואָרצלט געוואָרן: צוליב דער ניי־דערפונ־דענער מאַשין, וואָס האָט פאַרנומען זיין אָרט אין שאָפּ, זיינען זיי איצט ווי אורחים אין אַ פרעמד שטעטל.

* * *

ביי דעיוון און מינין לעבט נאָכאַנאַנד אַ נאָגנדיקע בענקשאַפט צום ווינקל פון וואַנען זיי זיינען פאַרטריבן געוואָרן. אפשר דערפאַר טאָקע זיינען זיי אַזוי וואַרעם־גאַסטפריינטלעך צו זייערע קונים. ווען קיין קונים זיינען ניטאָ, שטייען זיי ביידע אין דער אָפענער טיר פון געוועלב און קוויקן זיך מיט דער פרייד, וואָס קומט פון די צעגרינטע פעלדער, פון די רייפע פרוכט־ביימער און צום שפיל פון ליכט־און־שאָטן אויף די אַרומי־קע פאַרטראַכטע בערג . . .

מיטן אָנקומען פון האַרבסט ווערט אָבער גאַנץ אַנדערש. ווען דער טאָג ווערט קירצער, דער הימל וואָלקנדיק און נידעריק, ווערט דאָן אויך אומעטיקער אינעם געוועלב. דעיוו פאַרנוצט זיין פרייע צייט איבער אַ זשורנאַל, אָדער אַ צייטונג. ער לייענט, אָבער אַ וואָרט מיט אַ וואָרט קלעפּט זיך ניט ביי אים.

זי, מיני, קוקט דורך דער פאַרמאַכטער שויבן־טיר אויף די נאַקעטע פעלדער, זעט ווי די ווינטן צעטראָגן שטויב אין דער לופטן, ווי זיי כאַפּן די ביימער ביי די קעפּ, בויגן זיי אין אַלע זייטן און צופּן די געלע בלע־טער פון זייערע גופים. די אָפּגעריסענע בלעטער יאָגן זיך סטאַדעווייז... אין געלויף כאַפּן זיי זיך אַרום אין אַ געדריי־טאַנץ, ווי זיי וואָלטן זיך גע־רייצט מיט די ביימער: איר שטייט ווי גולמס, נאַקעט, טרויעריק — פלעקענער, אָבער ניט מיר! די ווינטן זיינען אונדזערע פליגל! מיר זיי־נען פריי! . . .

אָ, ווי זי, מיני, וואָלט עס געוואָלט איצט, ווי אַמאָל אין די קינדער־יאָרן, נאָכלויפן נאָך די בלעטער, פלאַטערן מיט זיי אין אַ ווילדן טאַנץ און אין הפקרדיקער פרייד זיך אַ וואַלגער טאָן אויף די אָנגעהויפטע געלע בלעטער . . . אַזוי איז זי געווען אַלס קינד, ביז די מאַמע האָט זי אויפ־געזוכט און געבעטן: „קום, קינד מיינס, מיט אין וואַלד־אַריין, וועסטו העלפן אָנקלייבן אַביסל אָפּגעפאַלענע צווייגן אויף ווינטער. אין גיכן וועלן

זיך אָװעקלײגן שנײען און פרעסט, און די פענצטער װעלן פאַרקאָװעט װערן מיט אײז . . .

מיגין קומען אויפן זינען די לאַנגע װינטער־נעכט, װען די זאַװערו־כעס האָבן געריסן די שמאַטעס פון די פאַרשטאָפּטע פענצטער. אימה־דיקער געװאָי האָט געבושעװעט אין קוימען און זיך אויסגעמישט מיטן מאַמנס אַסטמע־אָטעם. די װענט זײנען געװען באַדעקט מיט אַ פײכט־קײט . . . שוין אַזוי פיל יאָרן אַװעק . . . אַזאַ מהלך! . . . זײער געבײן רוט ערגעץ אין אַ קלײן שטעטל אין יענער זײט ים, אָן מצבות . . . אין געדאַנק אַנטשולדיקט זי זיך פאַר זײ, װאָס זי האָט ביז איצט נאָך ניט געשיקט קײן געלט אויף מצבות. אפשר װעט זי שוין איצט קאָנען באַ־װײזן אָפּצושפּאָרן אויף דעם, װײל דאָס לײזעכץ פאַרגרעסערט זיך צוליב די נײע פאַבריקן, װעלכע האָבן זיך אַהער פאַרקליבן.

מען זאָגט, אַז די נײע פאַבריקן זײנען געקומען אַהער צוליב דעם נײעם געפלאַסטערטן װעג, װאָס פאַרבינדט די קלענערע שטעטלעך מיט די גרעסערע אינדוסטריעלע שטעט. אַנדערע זאָגן, אַז זײ באַהאַלטן זיך אויס פון דער יוניאָן . . .

זײ אַלײן, די נײע באַלעבאַטים, שטעלן זיך אַרויס װי בעל־טובות. זײ זאָגן, אַז זײ נעמען אַרײן יונגע מענטשן אין די פאַבריקן, לערנען זײ די אַרבעט — אומזיסט . . . דער אמת איז אָבער, אַז נאָכן לאַנגן לערן־פּעריאָד צאָלן זײ די אויסגעלערנטע אַרבעטער װינציק געלט מיט אַ סך גוטע צוזאָגעכצן אויף בעסערע צײטן. אַרבעטן יענע שנעל, שװער, נאָר די צוגעזאָגטע גליקן װערן ניט מקוים. דערצו טאָר מען ניט מאָנען, פּראָ־טעסטירן, װײל מ׳קאָן נאָך בלײבן אין דרויסן, אינגאַנצן אָן אַרבעט . . .

פאַרגרעסערט זיך די צאָל אָפּגענאַרטע און אויסגענוצטע, אין װע־מעס הערצער עס זאַמלט זיך אַ רויער האַס, ביז . . . אויך אַהער איז גע־קומען די יוניאָן, און האָט אָפּגעשטעלט דאָס רוישן פון די מאַשינען און דעם רויך פון די קוימענס . . .

די אַרבעטער האָבן אָנגעהויבן באַװאַכן די פאַבריקן. סײ בײטאָג, סײ בײנאַכט האָבן זײ געהיט, אַז קײן ראָד זאָל זיך ניט דרײען, ביז זײער יו־ניאָן װעט װערן אָנערקענט און זײערע פאָדערונגען פאַר אַ בעסער לעבן װעלן געװאונען װערן.

דערװײל איז אָנגעקומען דער װינטער, אַ קאַלטער, אַ פראָסטיקער, מיט װינציק שנײ, און אין שטעטל הערט מען נאָך אַלץ ניט די פאַבריק סירענעס רופן צו דער אַרבעט. דאָס פאַרמעגן פון די סטרײקערס איז שוין פאַרצערט און די שפּײז־אַרטיקלען אין דעיװס גראָסערי װערן פאַר־לעגן.

# שלמה וואַסערמאַן

די זונטיקס האָבן אָנגעוואוירן זייער געוויינטלעכן יום־טוב־חן. די קלויסטער־גלאָקן האָבן טאַקע געקלונגען, געמופן: די בעטערס זיינען געקומען, ווי אַלעמאָל, אָבער זיי האָבן ווינציק געבעטן, נאָר אַ סך גע־טענהט:

— פאַרוואָס באַשיצן די שטאָט־פאַרזאָרגער די באָסעס, נאָר זיי, די פון לאַנגע דורות איינוואוינער, די וואָס האָבן דאָס שטעטל געבויט, האַלטן דאָס אויס און היטן אָפּ די שיינקייט דערפון, — זיי פאַרפאָלגט מען איצט ווי פאַרברעכער . . .

נאָכן געבעט איילט מען זיך ניט אַהיים. ניטאָ צו וואָס. הונגער הערשט דאָרט. די טעפּ זיינען קאַלט און פּוסט. די טישן — ניט גע־דעקט, פאַרשעמט . . . שטייט מען אַרום דעם קלויסטער און מען שמועסט ווי אַזוי דעם סטרייק צו געווינען.

פון די קינדער אינעם שטעטל האָט זיך אינגאַנצן אָפּגעטאָן די זונ־טיק־פרייד. שוין לאַנג ווי זיי האָבן ניט געקויפט די „דזשאָוקס“, „פּאָ־ניס“ און „קאָמיקס“. זיי באַנוגענען זיך בלויז מיטן קוקן פון וויטנס אויף די שיין־באַמאָלענע טעוועלעך און פּרובירן זיך דערטראַכטן, וואָס „דיק טרעיסי“, „טאַיני טים“ און אַנדערע באַליבטע העלדן זייערע קאָ־נען איצט טאָן. אָ, ווען זיי זאָלן האָבן געלט איינצוקויפן די זשורנאַלן, וואָלטן זיי שנעל געלאָפן אַהיים. זיי וואָלטן זיך אַ צי־אויס געטאָן אויפן דיל און אַ שווים־געטאָן מיט די אויגן אינעם ים פינטעלעך און קאָליר־טע בילדלעך. דאַן וואָלטן די מאַמעס געמעגט ריידן צו זיי פון היינט ביז מאָרגן, וואָלטן זיי ניט געהערט, קיין בליק וואָלטן זיי ניט אָפּגעריסן. סטרייקן אָבער די מאַמעס, די שוועסטער און ברידער. זיינען זיי בייז אויף די באַלעבאַטים, וואָס נעמען אַוועק ביי זיי זייערע פאַרגעניגנס . . .

דעיוו מיט מינין זיינען זייער פאַרזאָרגט, וואָס דער סטרייק פאַרציט זיך אין דער לאַנגער באַנק. זיי האָבן מורא, אַז טאָמער ציט מען איבער דאָס שטריקל, קאָנען נאָך אַמאָל די באַלעבאַטים אַוועק פון דאַנען מיט זייערע שעפער . . . דאָס שטעטל וועט דאַן בלייבן אָן פּרנסה, און זיי וועלן ווידער בלייבן ווי אַ פלאַנץ אויפן זאַמד. זאָלן אָבער, חלילה, די אַרבע־טער פאַרלירן, איז אויך שלעכט. זייערע פאַרדינסטן וועלן פאַרקלענערט ווערן, דאָס לייזעכץ וועט איינשרומפּן און די חובות זיינען נאָך ניט קיין אָפּגעצאָלטע . . .

דערווייל האָט דער הונגער אָנגעהויבן שפּאַרן אין די אַרבעטער־היי־מען און שטאַרק אָפּגעצערט זייערע איינוואוינער. די קינדערשע גופים־לעך זיינען געוואָרן דינער, די פּנימלעך — בלייך; אין די אויגעלעך —

## היימישע מענטשן

פאַרצווייפלטער גלאַנץ. געשלאָפן זיינען זיי אומרואיק, אָפטמאָל זיך גע־וועקט אין מיטן נאַכט מיט געוויין:

— מאַ, כ׳בין הונגעריק!

ס׳האָבן זיך אויך אָנגעהויבן הערן האָפענונגסלאָזע שטימעס: „אונ־טערגעבן זיך. נאָכגעבן. קאָמפּראָמיס. אונדזערע כוחות לאָזן זיך אויס״. די פאַבריקאַנטן האָבן דאָס געוואוסט און זיי האָבן באַשלאָסן צו לאָזן אין גאַנג די פאַבריקן . . .

* * *

יענעם פרימאָרגן זיינען די ביימער באַדעקט געוואָרן מיט פּוכקען, ווייסן שניי, ווי מיט זאַפּטיקן בליט, וואָס האָט געשאָטן אָן אויפהער פון נידעריק־גרויען הימל. דער גאַנצער דרויסן איז געווען מאָדנע אומהיימ־לעך, ווי ס׳וואָלט ניט געווען אינדערפרי, נאָר נאָך זון־זעצן.

אַלץ האָט געלעבט מיט איינגעהאַלטענעם אָטעם, איבער דער שרעק פון אומבאַשטימטע דערוואַרטונגען, וואָס ס׳קאָן קומען פון באַשלוס היינט צו עפענען די פאַבריקן, אַרום וועלכע מחנות אַרבעטער, אין געשלאָסענע רייען, גרייטן זיך ניט צוצולאָזן קיין סקעבס צו דער אַרבעט.

באַלד איז געקומען דער שטורעם פון שטייפע פייסטן, פאַרצווייפלטע געשרייען, בייסיקע ווערטער, אויסרופן און ליאַרעמדיקע סירענע־פייפע־ריי, וואָס האָט ווי אָנגעזאָגט דער וועלט: „היינט עפענען זיך די פאַב־ריקן! אַרבעט וואַרט אויף הענט!״ . . .

אַלץ איז אָבער געבליבן ווי געווען: די פאַבריקן — פּוסט. די רע־דער — שטיל. די קוימענס — אָן רויך־אָטעם. בלויז אויפן ווייסן, אומ־שולדיקן שניי זיינען געבליבן איינגעזאַפּטע רויטע בלוט־פלעקן.

פאַרנאַכט איז מאַרדזשי געקומען אין סטאָר אַ פאַרוויינטע און דער־ציילט, אַז איר ברודער, וואָס האָט געפירט די פּיקעט־ליין אינדערפרי, ליגט איצט אין בעט אַ שטאַרק פאַרוואונדעטער. ער רופט צוהילף די טויטע מאַמע. ער בעט, זי זאָל אים וואַרעם צודעקן און אים געבן אַ קאַלטן טרונק וואַסער. און דער טאַטע, אוי דער טאַטע! ער קוקט מיט געגלייזטע פאַראַליזירטע אויגן אויפן צעביילטן זון, וויל עפּעס העלפן, אָבער קאָן זיך פון אָרט ניט רירן . . .

מיני האָט פון סטאָר אַ נעם געטאָן זאַכן, וועלכע זי האָט געדענקט אַז זיי קאָנען העלפן אַ קראַנקן, און איז אַוועק מיט מאַרדזשין ראַטעווען איר ברודער.

שפּעט אין אָוונט איז מיני צוריקגעקומען אָן אַנטשלאָסענע צו העלפן די סטרייקער געווינען זייערע פאָדערונגען. זי האָט דערציילט איר מאַן:

# שלמה וואסערמאן

— אוי, דעיוו, ביי דער מאַרדזשין אין הויז איז אַזאַ בויט! זיי האָבן לגמרי ניט וואָס צו עסן! מיר דאַכט זיך, אַז עס איז ביי זיי נאָך ערגער ווי אַמאָל אין מיין אַלטער היים . . . דו האָסט אַמאָל געזען, דעיוו, ווי אַ פּאַראַליזירטער ווייגט? ווי פיינלעך דאָס קומט אים אָן! אויף אים, דעם אַלטן, איז נאָך מער רחמנות ווי אויפן צעממיתטן זון.

און באַלד, כמעט מיט טרערן אין די אויגן, צוגעגעבן:

— דעיוו מען מוז העלפן ראַטעווען די מענטשן! מאָרגן פאַר איך מיט אַ קאָמיטעט זאַמלען עסנוואַרג ביי די פאַרמערס! — האָט זי פעסט פאַרענדיקט.

מיני האָט זיך אַ נעם געטאָן צו דערפילן איר באַשלוס און זיך אַרויס־געלאָזט אויף די פאַרמס. אָפט איז אויך זייער אַלטע לענדלעידי מיטגע־פאָרן מיט איר. יענע האָט אַ סך באַקאַנטע און פריינט צווישן זיי. און וואָס מער מ׳וועט קריגן שפייז, אַלץ שנעלער וועלן די באָסעס מוזן נאָכ־געבן. און דעם סטרייק מוז מען געווינען, ווייל ס׳איז שוין דער צוויי־טער חודש, וואָס דעיוו צאָלט ניט קיין רענט.

דאָס שטעטל איז געוואָרן נאָך מער פאַרטאַיעט, עקשנותדיק, און אַנטשלאָסן ניט נאָכצוגעבן, ביז . . . דאָס שטעטל האָט געוואונען.

צוזאַמען מיט אַלע אַרבעטער האָבן זיך געפרייט אויך דעיוו און מיני. זיי האָבן זיך געפרייט מיט זייער נצחון און מיט דער נייער אינסטיטוציע אין שטעטל — די יוניאָן. מיט דער יוניאָן האָבן זיי זיך געפילט זיכערער. איצט, האָבן זיי געוואוסט, וועט אַלץ גיין באַרג אַרויף. דאָס לעבן וועט ווערן בעסער, לייכטער און שענער! . . .

ווידער האָבן די פאַבריק־סירענעס געוועקט דאָס שטעטל יעדן פרי־מאָרגן צו דער אַרבעט. פון די פאַבריק־קוימענס האָט דער רויך זיך אימפעטיק געכוואַליעט און פאַרשוואַרצט דעם שניי אויף די אַרומיקע דעכער. שפּעטער זיינען געקומען רעגנס, מערץ־ווינטן און פאַרצערט יעדן באַהאַלטענעם ווייסן שניי־פלעק. און אַז די זון האָט זיך באַוויזן, האָט זי אַ פאַרבענקטע געקושט און געוואַרעמט די גרויע, נאַקעטע ערד, ביז ס׳האָט זיך צעגרינט און צעבליט און צעזונגען מיט אַלערליי פייגל־נגינות.

ווידער האָט זיך באַוויזן דער ליבער שמייכל אויף די קינדערשע פנימלעך. פריידיקע קומען זיי ווידער צו דעיוון אין סטאָר, קויפן אַ נאַש, אַ טשיקאַווע זאַך, אָדער אַ „דזשאָק״־בוך, און לויפן צוריק גליקלעכע, ווייל אין הויז איז שוין פאַראַן גענוג צום עסן. די טאַטעס אַרבעטן, די מאַמעס זאָרגן ניט מער, — איז זיי וואויל . . .

אויך דעיוון און מינין איז גוט. אַ גאַנצן טאָג זיינען זיי פאַרנומען

מיט קונים. אין די פרייע אָוונט־שעהן זיצן זיי ווידער, ווי אַמאָל, איני־דרויסן פאַר דער טיר פון געוועלב און לאָזן זיך צערטלען פון די מילדע פרילינג־ווינטלעך, וועלכע ברענגען אַזעלכע געשמאַקע ריחות פון זאַפטיקע פעלדער, פון זינגעוודיקע וואַסער־קוואַלן אין די בערג, פון נאָדל־ביימער אין די שאָטנדיקע וועלדער און פון כלערליי קרייטעכצער, — ריחות, וואָס דערמאָנען אין שוין לאַנג פאַרגעסענע איבערלעבונגען. ביל־דער און געשעענישן, וועלכע זיינען אין די שווערע לעבנס־יאָרן ווי אָפּגע־בליאַקעוועט געוואָרן, באַקומען פאַר זיי איצטער צוריק זייערע דייטלעכע קאָלירן . . .

אָט, דערמאָנט זיך דעיוו, ווי אַנומלטן וואָלט דאָס פּאַסירט: ס'איז געווען נאָך פּסח. די ערד — ווייך און פריש. די זון איז שוין ביים זוים פונעם הימל, וואָס רירט אָן די ערד. שאָטנס האָבן זיך געשפּרייט צווישן בערגלעך און טאָלן. און ער, דעיוו, אַ באָרוועסער אויפן פוכקען פעלד, זוכט ביינער און שמאַטעס, וואָס זאַמלען זיך אָן איבערן ווינטער פון די רייכע הייזער. קלייבט ער דאָס אויף צו פאַרקויפן צו די פאַרבייפאָרנ־דיקע שמאַטעלייניקעס. דאָס זעקל אויף די פּלייצעס ווערט טאָקע אַלץ פולער און שווערער, אָבער וואָס שווערער — אַלץ לייכטער ווערט ווערן די נויט אין הויז. בלאָנדזשען די אויגן זיינע איבערן ברייטן פעלד און ער טראַכט ניט נאָר וועגן ביינער און שמאַטעס, נאָר אויך וועגן אַן אוצר, וואָס קאָן זיך אַמאָל באַווייזן . . .

זיין טאַטע האָט געהאַט דערציילט, אַז ער אַליין, ווען ער איז נאָך געווען אַ יינגל, האָט זיך אַמאָל געיאָגט נאָך אַן אוצר, וואָס איז, — ווי אַ גאָלדענער פלאַם — געשפּרונגען איבערן פעלד צווישן די קשאַקעס און ביימלעך. מיט די בלויזע הענט האָט דער טאַטע געוואָלט כאַפּן דעם אוצר, אָבער אַן אוצר לאָזט זיך אַזוי ניט כאַפּן. מען דאַרף אַראָפּנעמען אַ מלבוש פון זיך און אַ וואַרף טאָן אויפן אוצר. איז אָבער דער טאַטע געווען אָרעם, אַ יתום, און געהאַט אויף זיך ניט מער ווי אַ צעריסן העמדל און אַ פּאָר פלודערן. מיט אַ היטל קאָן מען טאַקע אויך צודעקן אַן אוצר, טאָר מען אָבער ניט בלייבן מיטן בלויזן קאָפּ אונטערן הימל . . .

כאָטש זיין מאָגער לייב איז געקליידט ניט בעסער ווי זיין טאַטעס אַמאָל, איז ער פונדעסטוועגן גרייט צו אַנטבלויזן דעם קאָפּ און מיטן היטל פאַקן דעם אוצר. זינדיקן — אַבי קריגן אַן אוצר . . . אָבער זינדיקן? אַנטבלויזן דעם קאָפּ? נו, אַז דער טאַטע האָט ניט איבער וואָס צו מאַכן קיין קידוש? אַז די עלטסטע שוועסטער וויינט, ווייל מ'זויל זי פאַר־שלייערן מיט אַ גרוש, אַ בטלן? און אַז אַ גאַנצע וואָך האָפט מען אויפן

שבת, אַז עס זאָל כאַטש זיין שוואַרץ־ברויט גענוג פֿאַר אַלע מיילער אין הויז . . . אָבער אַז ער וועט כאַפּן אַן אוצר, וועט דעמאָלט זיין נדן פֿאַר דער שוועסטער און זי וועט קאָנען חתונה האָבן מיט דעם וועמען זי האָט ליב . . . ברויט וועט זיין צו דער זעט. שיך — פֿאַר אַלע פיס און . . . אויס דאגות.

וואַרט ער, ס'זאָל צופֿאַלן די נאַכט, וועט זיך דאַן באַווייזן דער אוצר מיט אַ בליאַסק, אָדער ווי אַ שטיק פֿייער, וואָס וועט באַלייכטן די פֿינצ־טערניש און . . . ער האָט זיך אַ יאָג געטאָן צום אוצר. אָבער אָט איז פֿון ערגעץ מיטאַמאָל אָנגעקומען צדוק, זיין חבר, אויך מיט אַ זעקל שמאַ־טעס אוןביינער, און יענער קאָן נאָך אַמאָל אָנקומען פֿריער צום אוצר. לויפֿן זיי ביידע און ביידע וואַרפֿן זיך אויף אַ . . . ביין, אַ גרויסן ביין, וואָס האָט אַרויסגעשטעקט פֿון אַ בערגל. כאַפּט אים דעיוו און וויל אַנטלויפֿן, אָבער זיין חבר לאָזט אים ניט. ער האַלט אים ביים פֿוס און וויינט. ער וויינט ביטער און פֿאַרצווייפֿלט, ביז זיי הויבן זיך אָן קאָלערן איינער אי־בערן אַנדערן. אָט־אויבן, אָט־אונטן; אַראָפּ־אַרויף, ביז ביידע האָבן אָנ־געהויבן שרייען: „וואו איז דער ביין?" ווען זיי האָבן זיך סוף־כל־סוף אויפֿגעהויבן פֿון דער ערד, איז שוין געווען גוט טונקל און דער ביין איז ווי אין דר'ערד אַריין. ניטאָ דער ביין, ניטאָ קיין אוצר . . .

אַהיים איז מען שוין געגאַנגען שווייגנדיק, אָפּגעזונדערט. ערשט ביים הויז האָט צדוק זיך אַ טאָפּ געטאָן ביי דער צעריצטער באַק און גע־פֿרעגט:

— האָסט אים טאַקע ניט, דעם ביין?

— דעם ביין? הלוואַי פּאַק איך אַזוי דעם אוצר, ווי כ'האָב ניט דעם ביין . . .

— וואו־זשע האָט טאַקע דער ביין געקאָנט פֿאַרשווינדן? . . .

— איך פֿרעג דיך . . .

דעיוו וואַרפֿט אַוועק דאָס לעצטע שטיקל פֿונעם אויסגערויכערטן ציגאַרעט און זעצט פֿאַר זיינע מחשבות: „וואו קאָן ער איצט זיין, זיין חבר צדוק? אוי, ווי ער וואָלט זיך געוואָלט באַגעגענען מיט אים! ער וואָלט אים געזאָגט, אַז זיין גאַנץ לעבן איז אים אויסגעקומען זיך צו שלאָגן איבער אַ ביין . . . קיין אוצר האָט זיך קיינמאָל צו אים ניט באַוויזן. ערשט איצט, שוין נאָענט צו די פֿופֿציקער, האָט זיך באַוויזן אַ — יוניאָן אין שטעטל, וואָס האָט פֿאַרבעסערט און באַרייכערט דאָס לעבן פֿון די אַרבע־טער. איז אים אויך גוט. ס'איז דאָ מער שפֿע. זומער וועט מסתמא זיין נאָך בעסער. מען וועט דאַן מוזן האָבן אַן אַרויסהעלפֿער. שוין גענוג

געאַרבעט איבער די כוחות ביז איצט. שוין צייט אַביסל אָפּצוכאַפּן דעם אָטעם . . ."

* * *

דער זומער איז געקומען אַ הערלעכער. אַ בלויער הימל איז אַ לויטערער געהאַנגען איבער גרינע פאַרטראַכטע בערג, איבער ברייטע, שטילע פעלדער, איבער שטאָלצע, צעוואַקסענע ביימער. פולע זאַפּטיקע קאַרשן פינקלען פון צווישן גרינע בלעטער. יונגע עפּל ציען זיך צו דער ליכטיקער זון און די זון קושט זיי אויס די רויטע בעקעלעך. דאָס מענטשלעכע אויג קוויקט זיך מיטן שיינעם אַרום, וואָס באַרואיקט און טרייסט. נאָר דעיווס אויגן האָבן, אין סאַמע פראַכט פון זומער, אין סאַמע אָנהויב פון די אויסגעטרוימטע גוטע צייטן, מיטאַמאָל דערזען צווישן די גרינע ביימער אַ גרויסע, רויטע שילד מיט גאָלדענע אותיות: „אַטלאַנטיק און פּאַסיפיק קאָמפּאַניע". און נידעריקער איז געווען אַ מעלדונג, אַז דאָס גרויסע שפּייז־געשעפט וועט זיך אינגיכן דערעפענען.

דעיוו און מיני האָבן פון די גאָלדענע אותיות דערשפּירט, אַז אַ בייזע באַשעפעניש רוקט זיך אויף זיי און גרייט זיך זיי צו פאַרצוקן . . . אָפּטרעטן פון דאַנען? וואוהין אָבער? אַז דאָ איז שוין אַלץ געווען אַזוי גוט איינגעאָרדנט. מיט פּרנסה האָט מען זיך שוין מער נישט געדאַרפט מאַטערן . . . מיט דער יוניאָן אין שטעטל איז דאָס לעבן פאַר זיי געוואָרן זיכערער און רואיקער. איצט קומט אויס אָפּצושלאָגן דעם נייעם מאַנסטער: „אַטלאַנטיק און פּאַסיפיק" . . .

דעם ערשטן פאַרמעסט פאַר זייער עקזיסטענץ האָבן זיי אָנגעהויבן מיט אַ „סאַמער סעיל" (זומער־אויספאַרקויף). אין פענצטער האָבן זיך באַוויזן אַרטיקלען מיט שטאַרק־רעדוצירטע פּרייזן. דעיוו און מיני זיינען געשטאַנען [illegible]ייט צו באַדינען די קונים, אָבער די קונים זיינען גאָר געגאַנגען אין דער נייער סטאָר מיט מאָדערנע איינריכטונגען, וואו דער אויסוואַל איז אַזאַ גרויסער, און וואו עס געפינען זיך אַזעלכע נייע מינים אַרטיקלען, וועלכע מ'האָט ביי דעיוון אין גראָסערי קיינמאָל נישט געזען.

אַז זייערע שטענדיקע קונים גייען פאַרביי זייער סטאָר מיט איינגעקויפטע פּעקלעך, דאַכט זיך זיי, אַז מען האָט זיי פאַרראַטן. דעיוו קוקט מיט פאַרוואונדערטע אויגן, פּונקט ווי דעמאָלט, בעת זיין לאַנדסמאַן, דער פריינט און באָס, ביי וועמען ער האָט געאַרבעט אַ סך יאָרן, האָט מיטאַמאָל אַריינגעשטעלט אַ ביי־דערפונדענע מאַשין, וואָס האָט ביי אים, ביי דעיוון, און ביי פיל אַנדערע צוגענומען די אַרבעט.

— סטייטש? — האָט ער דעמאָלט אַ פאַרחידושטער געפרעגט.

## שלמה וואסערמאן

— ס'איז אַ צייט פון מענטשלעכער געניע, מיין פריינט, — האָט דער באָס גאַנץ גלייכגילטיק געענטפערט, — ס'איז אַ צייט פון פּראָגרעס...

דעיוו איז דאָן געבליבן שטיין אין מיטן שאַפּ אַ הילפלאָזער קעגן דער מאַשין, וואָס האָט פאַרנומען זיין אָרט. מיט שטומע בליקן האָט ער גע־מאָנט ביי די איבעריקע אַרבעטער אין שאַפּ: די מאַשין, דער „מענטש־לעכער געניע" צעדריקט אונדז! העלפט! וואָס שווייגט איר? . . .

די פאַרבליבענע אַרבעטער האָבן געהאַלטן די קעפּ געבויגן צו דער אַרבעט. דאָ און דאָרט האָט זיך געהערט אַ זיפץ. עס קאָן זיין, אַז אַלע האָבן געזיפצט, נאָר יעדער האָט עס געטאָן שטיל, פאַר זיך, און ניט איינ־איינעם. יעדנפאַלס, ניט העכער ווי דאָס גערויש פון די מאַשין־רעדער...

פון די געציילטע קונים, וואָס קומען נאָך אַריין צו דעיוון אין סטאָר, איז אויך פאַראַן מאַרדזשי. זי לאַכט נאָך אַלץ און זיי לאַכן מיט, נאָר אָן פרייד. דאָס געלעכטער ווערט גיך איבערגעריסן מיט אַ טיפן זיפץ, גלייך זיי וואָלטן זיך דערמאָנט אָן אַ קראַנקן, וואָס וועט שוין קיינמאָל ניט גע־זונט ווערן. זיי טראַכטן, אַז אַפילו מאַרדזשי וועט שוין לאַנג אַהער ניט קומען, ווייל דאָרטן, ביי דער „עי ענד פּי", איז אַלץ אַזוי אַנדערש . . .

אויך די פאַרמערקע קומט נאָך מיט איר זון צוויי מאָל אַ וואָך, ניט אַזוי צוליב „ביזנעס", ווי אַראָפּצורעדן זיך פון האַרצן. זי שעלט די גרוי־סע קאָמפּאַניס, וועלכע באַפאַלן ווי היישעריקן די פאַרמערס. זי ווייסט גאָרניט וואָס פאַר אַן עצה מען גיט זיך קעגן זיי. אַז ס'לוינט זיך גאָרניט די גאַנצע טרחה! — טענהט זי. אַרבעט ביי טאָג און ביינאַכט, באַגיס זיך מיט שווייס, און זיי קומען צום גרייטן . . . זיי באַשטימען אַ פּרייז אויף מיין אַרבעט: אַזויפיל און אַזויפיל — מער ניט. אַז מ'קען זיך אַפילו ניט דינגען מיט זיי. און אַלע זיינען זיי איינס צווישן זיך. האַלטן דעם פאַרמער ווי אין אַ צוואַנג! . . .

— מאַ, — פאַלט אַריין דער זון אין דעם געשפּרעך, — ס'וועט זיי אַזוי גלאַטיק ניט אָפּגיין! אַלע פאַרמערס זיינען אומצופרידן, נאָר באַ־זונדער פאַר זיך קאָן קיינער גאָרניט אויפטאָן. אינאיינעם קאָנען מיר באַווייזן דאָס זעלביקע וואָס די אַרבעטער דאָ אינעם שטעטל האָבן באַ־וויזן דעם פאַרגאַנגענעם ווינטער . . .

— סטרייקן, מיינסטו? . . . נו, אָבער דערווייל? דערווייל איז ביי־טער . . . יאָ, וויפיל פּוטער דאַרפט איר היינט?

דעיוו האָט אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ, אַ פאַרלוירענער. מיני האָט גע־וויזן שטום מיט דער האַנט אויף דעם פּוטער, וואָס עלטערט זיך ביי זיי, ווי אַ וואונד וואָס וויל זיך ניט היילן . . .

# היימישע מענטשן

— איר וואָלט פונדעסטוועגן ניט באַדאַרפט אָפּלאָזן די הענט, — מונטערט די פאַרמערקע, — איז שוין גאָר ניט פאַראַנען קיין פּלאַן, קיין מיטל, קיין עצה?

— נו, אדרבה, לאָמיר הערן! אפשר ווייסט איר ווי אַזוי מיר קאָנען זיך ווערן, אַז מען זאָל אונדז ווידער ניט מאַכן ברויטלאָז? — האָט מיני זיך געבעטן ביי דער פאַרמערקע.

די פאַרמערקע איז געשטאַנען אַ פאַרטראַכטע און גערעדט ווי אין דער וועלט אַריין:

— עס לייגט זיך גאָרניט אויפן שכל, אַז די וועלט זאָל שוין טאָקע זיין אַזוי־אַ הפקר. ערגער ווי אין וואַלד, צווישן חיות!

* * *

אין די אָוונטן, נאָכדעם ווי די „עי און פּי" סטאָר שליסט זיך, ווערט ליכטיק ביי ידעיוון אין סטאָר. די לאָמפּן לייכטן העל און אַנגעגעם פאַר די קונים, וועלכע האָבן פאַרגעסן אַלץ איינצוקויפן בייטאָג, אָדער האָבן אומגעריכט צוגעקראָגן געסט. דער געלט־רעגיסטער ווערט ווי לעבעדיק און רעדט זיין נאַטירלעכע שפּראַך: „קליק־קליק; אַזוי פיל געלייזט פון דעם; קליק־קליק — אַזוי פיל פון יענעם". דאַן דאַכט זיך דעיוון און מינין, אַז די לאַנגע, ליידיקע טעג זיינען ניט מער ווי אַ בייזער חלום און אַז אַן זיי און זייער געוועלבל וועט שוין דאָס שטעטל ניט קענען אויסקומען...

דאָס האָלט אָבער אָן אַ קורצע צייט. נאָך דעם זיצן זיי און וואַרטן ביזן לעצטן ביסל געדולד אויף אַ קונה. שוין גאָר שפּעט פאַרמאַכן זיי דאָס געוועלב און שפּאַנען אַהיים שטילע, פאַרטראַכטע, ווי זיי וואָלטן זיך איינגעהערט צו די פאַרשיידענע באַשעפענישן און אינסעקטן, וואָס ווידמען זיך אין די אַרומיקע פעלדער...

דאָס שטעטל שלאָפט שוין, ווען ביי דעיוון און מינין אין וואוינונג ווערט ליכטיק. דאָס געלע שפּיל־פייגעלע, וואָס זינגט אַ גאַנצן טאָג פאַר ליידיקע צימערן, באַגעגנט זיי מיט אַ פאַרשלאָפענעם געזאַנג פון אַן איבערגעריסענעם חלום, אַזש דאָס שטייגל גיט זיך אַ וויג. זיי קוקן מיט ליבע אויפן צאַרטן פייגעלע, וואָס האָט זיך, זעט אויס, דערפילט היימישער מיט די צוויי עלנטע מענטשן.

מינין דאַכט זיך, אַז דאָס פייגעלע זינגט פון בענקשאַפט נאָך טאַטע־מאַמען, פונקט ווי זי הערט ניט אויף בענקען נאָך אַ קינד. דעיוו גיט אַ פיר מיט דער האַנט איבערן שטערן, גלייך ער וואָלט געוואָלט פאַרגעסן עפּעס פיינלעכס, און טוט זיך אַ שאַר אַריין אין קיך אַריין.

# היימישע מענטשן

מיני פאָלגט אים נאָך. זי הויבט זיך אָן פּאָרען אַרום די טעפּלעך, וואָס צעזידן זיך באַלד אויפן גאַז־אויוון. נאָך דעם עסן זיי שטיל, שווייגנ־דיק, און קוקן ניט אויף די צוויי ליידיקע שטולן, וועלכע שטייען ביים טיש און אויף וועלכע זיי וואָלטן געוואָלט עס זאָלן זיצן קינדער. די צוויי ליידיקע שטולן — פון די פיר — ווייל אַזוי קומט אַ קיך־סערוויז: פיר שטולן און אַ טיש — אָט־די צוויי ליידיקע שטולן שטייען איבעריקע, פאַרשעמטע . . .

נאָכן עסן וואַשט מיני דאָס געפעס. דעיוו ציילט דערווייל דאָס איינ־געלייזטע געלט. ער לייגט אויס די מטבעות אין קופּקעלעך, קוקט זיי אי־בער נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל, ווי ער וואָלט זיך פאַרשפּילט מיט זיי.

מיני באַמערקט דאָס און זיפצט אָפּ מיט טיפן רחמנות אויף איר מאַן, וואָס איז געקומען צו אַזאַ מדרגה, אַז ער פאַרשפּילט זיך מיטן טעמפּן קלאַנג פון מיזערנעם קליינגעלט. זי פאַרלאָזט די קיך מיט אַ פּיינלעכער געדריקטקייט און רופט אים באַלד פון צווייטן צימער:

— דעיוו, ווי לאַנג איז דער שיעור? גענוג שוין געציילט און גע־רעכנט! קום, רו זיך אויס! . . .

דעיוו ענטפערט ניט. ער הייבט זיך אויף מיט אַ זיפץ פון זיין שטול און לאָזט זיך מיט מידע טריט אין דער פינצטערער שטילקייט . . .

* * *

כדי צו ראַטעווען זייער שטיקל ברויט און דאַך איבערן קאָפּ, האָבן זיי, דעיוו און מיני, אויסגעפּרובירט פאַרשיידענע איינפאַלן: זיי האָבן שטאַרק אַראָפּגעלאָזט פון די פּרייזן אויף די אַרטיקלען און אַראָפּגעדונגען ביי די „האָלסעילערס". האָבן טאַקע די קונים געכאַפּט מציאות, אָבער אַז די מציאות האָבן זיך אויסגעלאָזט זיינען זיי ווידער געגאַנגען אַהין, ווידער צו דער „עי און פּי" . . .

* * *

ביים וועג זיינען געוועזן אָנגעוואָרפן פּעקלעך. לעבן די פּעקלעך — דעיוו, מיני, אַ פּאָר אַרבעטלאָזע שכנים און מאַרדזשי. מאַרדזשין איז זייער שלעכט. אָ, ווען מען זאָל קאָנען איצט אַריינקומען אין סטאָר און לאָבן ווי אַמאָל, ווען מיני און דעיוו האָבן מיטגעלאַכט. איז גאָר די קראָם פאַרמאַכט. אין פענצטער וואַלגערן זיך ליידיקע פודעלעך, ציישונג־פּאַפּיר און אַלטע „דזשאָוק"־זשורנאַלן. ביי דער שוועל פון געוועלב וואַרעמט זיך די קאַץ און עטלעכע קליינע קעצעלעך טוליען זיך צו איר. די מאַמע־קאַץ לאַשטשעט זיי מיט די לאַפּקעלעך און באַלעקט זיי מיט דער צונג . . .

# היימישע מענטשן

ס'איז אָנגעקומען די פאַרמערקע מיט איר זון אין זייער טראָק. דעיוו האָט אַ כאַפּ געטאָן די פּעקלעך און אַריינגעוואָרפן אין טראָק אַריין. ער האָט אַ רוף געטאָן מינין, אָבער זי, מיני, איז געזעסן אויף דער שוועל, מיטן הוט אין דער האַנט, און האָט שטיל געוויינט.

פון דערביי האָבן זיך געהערט פריילעכע קינדערשע קולות, וואָס האָבן זיך געשפּילט אין די שאָטנס פון די ביימער אַרום די הייזער, און פאַרדעקט דאָס שטילע הֿעשען פון מינין.

— מיני, מאַך זיך ניט נאַריש, — מונטערט זי די פאַרמערקע, — גאָט איז אומעטום. קום, וועלן מיר דיך צופירן צום באַן. קום, וועסט נאָך פאַרשפּעטיקן.

— פאַרשפּעטיקן? — האָט זי מיט אַ ביטערן שמייכל איבערגע־פרעגט און אַ גלעט געטאָן די יונגע קעצעלעך.

מאַרדזשי האָט זי געפירט אונטערן אָרעם צום טראָק און איר גע־האָלפן אַריינשטייגן.

— האָסט אַלץ מיטגענומען? — האָט מיני געפרעגט דעיוון, ווען דער טראָק האָט אָנגעהויבן זיך רירן פון אָרט.

— אַלץ. — האָט ער טרוקן געענטפערט.

— דאָס יוניאָן־ביכל האָסטו מיט זיך? ניט פאַרגעסן? . . .

— פאַרגעסן? — האָט דעיווו געענטפערט ווען דער טראָק האָט זיך אַ טראָג געטאָן איבערן ברייטן וועג, — אָן דעם וואָלטן מיר דאָך גאָר קיין האָפענונג ניט געהאַט . . .

עטלעכע אָנגעשטעלטע פון דער „עי און פּי" זיינען געמיטלעך גע־שטאַנען אין דער צעעפנטער טיר פון זייער באַלויכטענער קראָם. זיי האָבן פאַרחידושטע נאָכגעקוקט דעם פאַרבייפאָרנדיקן טראָק, וואָס האָט אויפ־געהויבן אַ שטויב נאָך זיך, און איינער פון זיי האָט, ווי אַ פאַרשולדיקטער, אַ מורמל געטאָן:

— וואוהין? . . .

די אַנדערע האָבן בלויז געהויבן מיט די אַקסלען . . .

# דאָס מאָדעל־מיידל

פלאָרענס איז יונג און שיין: איר טאַליע, היפּטן און ביוסט — אַ סימעטרישע פּראָפּאָרציע, אַ פּינקטלעכע פולקאָמענקייט פון אַ מאָדעל־מיידל, מאָס צוועלף.

איר שלאַנקער קערפּער איז עלאַסטיש, בויגעוודיק, און ווען זי שטעלט זיך אַוועק אין אַ „סעמפּל"־קלייד, איז דאָס אין דער פּויזע פון דער שענסטער מאָדעל־סטאַטוע, וואָס אין רייכע שוי־פענצטער: אָט איז אַ פוס, וואָס האַלט, דאַכט זיך, אין גיין ערגעץ, נאָר האָט זיך אין מיטן וועג אויף עפּעס פאַרחידושט און געבליבן שטיין אַזוי שטיל, לייכט און רירט קוים אָן דעם ווייכן טעפּעך; אַ האַנט איז אויסגע־שטרעקט, ווי צו בלויער ווייטקייט. די פינגער־שפּיצן — קנאָספּן אויף יונגע צווייגלעך ערב בליען. דאָס גלייכע נעזל איז חנעוודיק פאַרריסן פאָראויס. אירע בלאָנדע האָר — אַ כישוף־פּלאַטער, וואָס שוועבט — אין אַ נײַ קלייד פאַר די קויפערס אויגן.

צי דאָס קלייד געפעלט יאָ די קונים אָדער נישט, נאָר סײַ־ווי־סײַ איז דאָ אַ ליבער שמייכל אויף איר פּנים און אַ גראַציעזער דריי, לויט די בעסטע כללים צו פאַרקויפן דאָס קלייד, נאָר אין האַרצן וואַקסט אַ פאַרדראָס אויף די מענטשן, וועלכע נעמען זי דורך מיט זייערע בליקן דורך די קליידער.

זי דערפילט די גרינע קנאה־בליקן פון די פרויען קויפערינס און די הייסע תאווה־בליקן פון די מענער. די בליקן דערמאָנען זי אין איר טאַטנס געבעט: „טאָכטער, ס'איז ניט . . . נייך, ס'איז ניט קיין אָנ־גענעמער דזשאַב" . . . „אמת, טאַטע, אמת" — ווײַנט אין איר דער באַליידיקטער מיידלשער שטאָלץ.

נאָך דעם באַלעבאָס' בליקן גיבן נישט קיין צייט צו טראַכטן, זיי איילן זי אונטער: אַ נײַ קלייד ווײַז פאַר די קונים! . . . יאָ, אָט גיי איך שוין איבערטאָן זיך אין אַ נײַעם „סעמפּל"־קלייד.

אין אַ זײַטיק ענגן צימערל טוט זי זיך איבער. איר זײַדן אונטער־קליידל שאָרשעט סודותדיק אויף איר האַלב־אַנטבלויזטן לײַב. אַ ווײַלע בלײַבט זי שטיין קעגן שפּיגל, אַן איבערראַשטע קוקט זי אויף איר ליכ־טיקן לײַב, וואָס זעט אויס מיר און לויז. אין אירע אויגן דערזעט זי

# שלמה וואַסערמאַן

דער מאַמעס פאַרזאָרגטן געבעט: „טאָכטער, קינד, טרונק נאָך אַ גלעזל מילך. שפּאָר נישט, טו אַריין נאָך אַ שטיקל פּוטער אין דער מילך . . ."

און זי ענטפערט איר: „מאַמע, איך טאָר נישט ווערן פולער, איך מוז אָנהאַלטן מאָס 12, איך דאַרף זיך צופּאַסן צו דער מאָס פון „סעמפּל"־קלייד".

„אָבער, טאָכטער, זע נאָר, אַ פיגורעלע פון אַ קינד און ביסט שוין צוואַנציק יאָר אַלט . . ."

איצטער, ביים שפּיגל, אין ענגן צימערל, אַנטפּלעקט זי אירע אַלע פאַרבאָרגענע פיינלעכע געפילן פאַר דער מאַמען:

„מאַ, איך וויס וואָס דו מיינסט מיט דעם וואָס כ'בין שוין צוואַנציק יאָר אַלט . . . איז דאָס מיין שולד וואָס מ'האָט מיין פרעדין גענומען צום מיליטער? איך האָב אים ליב, מאַ, איך וועל וואַרטן אויף אים. ער שרייבט אַזעלכע גוטע בריוו צו מיר. מאַ, איך בענק נאָך אים, איך שרעק זיך עס זאָל קיין קריג נישט ווערן . . ."

זי טוט זיך אַ דריי פאַרן שפּיגל. די דרעס פּאַסט איר שיין, נאָר דאַכט זיך, צו ברייט אין די היפטן . . . „יאָ, מאַמע, זעט אויס, איך ווער פאַרצערט פון בענקשאַפט, איך ווער מאָגערער . . . די מאַמע איז גע־רעכט . . . איך דאַרף טרינקען מער מילך, איך מוז האָבן דעם דזשאָב... איך טאָר נישט זיין ווינציקער ווי „סייז" צוועלף . . . זע, פרעדי, ווי שיין עס פּאַסט מיר דאָס נייע קלייד! זע, אַ מיליטערישער עמבלעם אויף מיין ברוסט, מיר דערמוטיקן דיך!"

זי הויבט אויף אירע ווייסע אָרעמס, מאַכט צורעכט אירע האָר, און זי דערפילט פּלוצים אַ בענקשאַפט נאָך פרעדיס קוש אויפן נאַקן, וואָס ער פלעגט דאָס טאָן בשעת זי האָט זיך אַזוי פאַרנומען די האָר. און זי רעדט צו אים:

„פרעדי, איך צייל די טעג זאָלסט שוין צוריקקומען . . . מען רעדט פון מלחמה און דו ביסט אַ סאָלדאַט . . . איך בין שוין מיד צו מעסטן דרעסעס . . ."

שנעל ווישט זי איבער אירע פאַרלאָפענע אויגן און שפּאַנט אַריין אין „שאָו־רום" אַזאַ שטאָלצע, מיט אַ שטילן אומעט אויף איר פיין פּנים.

די קונים באַמערקן נישט איר טיפע בענקשאַפט. זי פאַרענפערט זיך: „אַ זייער קאָמפּליצירט קלייד, האָט דאָס גענומען לענגער אָנצו־טאָן".

די קויפערס זיינען באַגייסטערט פון דעם נייעם „סעמפּל"־קלייד און

שמייכלען מיט גרויס פאַרגעבונג צו איר. זייערע אויגן צעלייכטן זיך פון דער מיליטערישער צאַצקע אויפן קלייד . . . עס איז ניי. ס'איז אַ גוטער איינפאַל. פאַטריאָטיש. עס וועט העלפן צו דער שטימונג . . .

ביי די טישלעך אין צימער פאַרשרייבן די קונים באַשטעלונגען. ביים באַס שטראַלט דאָס פּנים . . . ענדלעך האָט זיך די דיזיינערין געכאַפּט וואָס פאַר אַ מאָדעס מען דאַרף איצט . . . שוין שיעור זי אָוועקגעשיקט... יאָ, די דיזיינערין האָט פאַנטאַזיעס, אידייעס, זי האָט קינסטלערישע איינפאַלן. יאָ, איך וועל נאָך „שלאָגן" מיינע קאָנקורענטן . . .

און פלאָרענס שפּאַנט גראַציעס איבערן ווייכן קאַרפּעט. ביסלעכווייז ווייזט זי יעדן טייל פון איר קערפּער, ווי שיין דאָס קלייד פּאַסט, נאָר איר האַרץ קלאַפּט האַסטיק פון שרעק, צי זעט זי נישט קיין מלחמה־שטימונג, און אַז פרעדי וועט אַוועק אין מלחמה וועט זי וואַרטן אויף אים. זי וועט וואַרטן און פאַרצערט ווערן פון בענקשאַפט. די מאַמע וועט בעטן: „נאָך אַ גלאָז מילך, נאָך אַ שטיקל פּוטער, האַלט זיך, ער וועט קומען . . ."

„וועט ער צוריקקומען, מאַ?"

זי דערזעט דער מאַמעס טרויעריק פּנים . . . דער געליבטער איז ווייט. דאָס האַרץ איז אומרואיק . . . עס ווערן איר נימאס די קויפערס — זי האָט זיי פיינט, זי האַסט דעם ווייכן טעפּעך, זי האַסט די שפּיגלען, וועלכע ווייזן אַן אַרויפגעצוואונגען שמייכעלע אויף איר צאַרט פאַרבענקטן פּנים . . .

# פאַר דער באַגעגעניש

באַנען קומען־אָן אַלע ווײַלע פון אַלע עקן לאַנד. זײ ברענגען געסט. מען באַגעגנט זיך.

איך וואַרט שוין 25 יאָר צו באַגעגענען מײַן ברודער. איצט זײַנען אַלע מײַנע חושים אין דערוואַרטונג:

— באַלד קומט אָן די באַן, אין וועלכער ער פאָרט.

געדאַנקען לויפן שנעל: ווי־זשע וועט עס זײַן? וועלן מיר זיך דער־קענען? וועלן מיר אין ערשטן מאָמענט וויינען? לאַכן? אָדער גאָר שווײַגן פאַר פרייד? . . .

נאָכן שווײַגן וועל איך הערן זײַן קול. 25 יאָר נישט געהערט אים רעדן. קלינגט נאָך זײַן שטים אַזוי לויטער און שפּילעוודיק ווי דעמאָלט?...

ער וועט אַוודאי פרעגן: „וואָס הערט זיך אין דער היים?" (ער ווייסט, אַז איך האָב מער ידיעות). איך וועל שווײַגן . . . ער וועט, האָב איך מורא, דערקענען דעם טרויער אין מײַן שווײַגן. נו, וועל איך רעדן פון עפּעס אַנדערש, כדי ער זאָל נישט באַמערקן דעם טרויער פון די פאַרשניטענע שוועסטער און ברידער.

איך וועל פּרובירן אויסמײַדן זײַן בליק, וואָס וועט מאָנען: „ווער איז פאָרט געבליבן פון אונדזערע שוועסטער און ברידער, וואָס האָבן זיך אויסגעוויגט אין דעם זעלבן וויגל ווי מיר ביידע? דערצייל, וויפיל פעלן פון אונדז?" . . .

— ציילן?

— יאָ, ברודער, ציילן, רעכענען! דער שונא וועט מוזן באַצאָלן! . . .

און אפשר וועט גאָר די באַגעגעניש זײַן אַזוי: מיר וועלן זוכן אויס־צומײַדן צו זען די סימנים פון פינף־און־צוואַנציק פאַרגאַנגענע יאָרן אויף אונדזערע פּנימער. ער — אינעם הייסן אַרגענטינער קלימאַט, איך — אין דעם הייס־פאַרשטיקטן ניו־יאָרקער שאַפּ. מיר וועלן גאָר זוכן סימנים פון די פאַרגאַנגענע קינדער־יאָרן, פון דער געזונטער באַרוועסקייט. דאָס ווײַכע פּאַטשן מיט די פיס איבער ברייטע פעלדער. אָדער מיר וועלן זוכן אַ סימן פון דער מאַמעס שטאָלצער פרייד: „מײַנע קינדער — סאַסנעס אויסגעוואַקסן אונטערן בעט".

— וועסט אים דערקענען? — שלאָגט מיר איבער מײַן זון די מחשבות.

## שלמה וואסערמאַן

— וואָס הייסט, צי ער וועט אים דערקענען? — ענטפערט מיין פרוי,
— דער פעטער איז שטאַרק ענלעך אויפן טאַטן.

און איך צווייפל אַפילו, צי איך בין ענלעך אויף זיך אַליין פון מיט 25 יאָר צוריק.

— ווי דער טאַטע? — חידושט זיך מיין טעכטערל און וויל, איך זאָל פאַר איר אויסמאָלן מיין ברודער, וועמען זי קען בלויז פון זיינע לידער.

— ווי דער טאַטע, ווי דער טאַטע, — ענטפער איך, — נאָר אַביסל העכער און ברייטער. און דאָס איבעריקע מאָל איך מיר אויס אַליין: נאָך גאָר אַ קינד, אַ רונד פנים, פלאַקסענע האָר, אַ שווייגער, נאָר פון די גע־ציילטע ווערטער, וואָס ער רעדט אַרויס, קוועלט מיין טאַטע און זאָגט: „לויטער חכמה".

מיט די זכרונות גייען־אויף פרישע ריחות פונעם קליינעם היימישן דאָרף מיט די ברייטע פעלדער, וואָס ענדיקן זיך מיט וועלדער און וועלד־לעך. אין מיטן פעלד — אַ שטוב. אַרום — אַ פּלויט, אויף וועלכן עס טריקענען זיך טעפּ און „באַניאַקעס", מילכיקע און פליישיקע. אין יענער זייט פלויט — אַ לאָנקע. אויף דער לאָנקע רוישט אַ וואַסערמיל. דאָס רוישן איז פול מיט געהיימענישן און פילט אָן דעם אַרום מיט סודות: פון וואַנען קומט דאָס וואַסער? פאַרוואָס דרייט דאָס וואַסער די רעדער? און וואוהין לויפט דאָס וואַסער פונדאַנען?

ס'איז פרילינג, דאָס וואַסער שטייגט און פלייצט אין טייך אַריין. דאָס רוישן רופט: קום!

— לאָמיר גיין! לאָמיר גיין! מיר זיינען דאָס די דריי יינגסטע פון אַכט ברידער און פינף שוועסטער. דער יינגסטער מיטן רונדן פנים—דער שווייגער. מיר שפּאַנען מיט די באָרוועסע פיסלעך. עס איז שבת. דער טאַטע איז אין דאָרפישן מנין,ביים דאַוונען. ער וועט דאָך נישט זען ווי מיר שטייען אויפן בריק און לאָזן „שיפלעך" מיט די שטראָמען.

אַ שפּענדל, אַ צוויגל, אַ בלעטל, זיינען אונדזערע שיפן. מיר לאָזן שווימען וועלטן, חלומות, מיט די פרילינג־שטראָמען, וועלכע ציען אַוועק אין ווייטע, פרעמדע לענדער . . . נאָר אָט שווימט אַ גרויסע שיף. וואָסער שיף! עס איז שנייער — דאָס יינגסטע ברודערל. שנייער, שנייער!

ער איז פלוצים אַלט און ערנסט געוואָרן. ער ראַנגלט זיך מיט די שטראָמען ווי אַ גרויסער מענטש. אָט שטרעקט ער אויס דאָס הענטל צו אַ בוימל, וואָס ביים ברעג. ער וויל זיך אָנכאַפּן, נאָר דאָס וואַסער ציט אים אַוועק . . .

# היימישע מענטשן

די ערד לויפט אונטער מיר, דאָס גאַנצע הויזגעזינד פליט שוין אַנט־קעגן. די מאַמע — פאַראויס — ברעכט די הענט: „אַן אומגליק, אַן אומגליק געשען!" אָבער דער עלטערער ברודער פירט שוין דעם ייִנגסטן ביים הענטל. ביידע נאַס, ביידע דערשראָקן.

שפּעטער: פאַרוואָס איז אים באַשערט געווען דאָס גרויסע גליק זיך צו טרינקען? פאַרוואָס איז מיר נישט געקומען אַזאַ גליק? אַלע פרייען זיך מיט אים. מ'האָט דרך־ארץ פאַר אים. דער טאַטע האַלט אים לעבן זיך אין בעט, נאָכן שבתדיקן שלאָף. צו אַזאַ זכיה האָט מען זיך בלויז גע־קאָנט דערלעבן, ווען אַ קינד איז קראַנק געווען, אָדער נאָך אַ פאַרציע גוטע פּעטש, וואָס דער טאַטע האָט געגעבן און דערנאָך אַרויסגעוויזן זיין חרטה דורך אָט דער צערטלעכקייט צום קינד . . .

מיינע קינדער מאָנען:

— ווען קומט ער שוין אָן? אפשר זיך גאָר אויסגעמיטן? . . .

— ניין, קינדער, מיר קאָנען זיך ניט אויסמיידן. איך וועל אים דער־קענען בלויז אין זיין גאַנג אַפילו . . .

אָט זע איך אים ווידער אין שטאָט. דער איידלסטער אין הויז. פון אַלע זין וועט איינער, דער ייִנגסטער, זיין אַ רב. טאַטע־מאַמע שפּינען זייער חלום: „כאָטש איין רב אין דער משפּחה. ווייל פון דעם עלטער־זיידן אָן איז נאָך קיין רב אין דער משפּחה נישט געווען. איצט אַזאַ מדרגה! אַ רב, אַ זון אַ רב! . . ."

אין מיר ברענט די קנאה: פאַרוואָס ער? איך וואָלט אויך געקאָנט זיין אַ רב. און אַז אַ רב, דאַרף ער שוין דערפאַר עסן די בעסטע עסנס? מוז ער האָבן פּוטער צום ברויט? מוז ער טרינקען מילך, אַפילו ווען ער איז געזונט? אָט, אַפילו דאָס פּנים איז ביי אים איידל און בלאַס, ווי ביי אַ רב. פאַרוואָס קומט דאָס אים? . . .

דער גרויסער מלמד, ביי וועמען דער צוקונפטיקער רב האָט גע־לערנט, האָט זיך אָבער געפּוילט אַנצוהאַקן האַלץ צו באַהייצן דאָס קאַלטע חדר. האָט ער אויסגעקליבן דעם גרויס־געוויקסיקן תלמיד אַנצוהאַקן דאָס האַלץ פאַר אים. אינדרויסן האָט געברענט אַ פראָסט און אין יונגן האַרץ האָט הייס געפלאַמט אַ פּראָטעסט: האַקן האַלץ גאָר? איז די האַק געבליבן שטעקן אין קלאָץ און ער אַליין איז אַ באַליידיקטער געלאָפן אַהיים . . .

— כ'האָב פּיינט, אַז מען הערשעוועט איבער מיינע קינדער, — זאָגט דער טאַטע און די ברייטע באָרד ציטערט ביי אים פון פאַרדראָס.

— אַ מלמד אַ גזלן, — בייזערט זיך די מאַמע, — נעמט אַ קינד אין אַזאַ פראָסט און שיקט דאָס האָלץ האַקן ! . . .

אויס חלום, אויס רב אין דער משפחה ! מיך אַרט דאָס נישט . . .

— פאַ, — שלאָגט מיר איבער די מחשבות מיין טעכטערל, — האָט דער אָנקל נאָך אין דער אַלטער היים געשריבן לידער ?

— געשריבן. זיכער. — ענטפער איך און טראַכט : „וואָס פאַר אַ כישוף איז עס געווען אין יענער סביבה, וואָס האָט אים געמאַכט צו חלומען מיט אָפענע אויגן ? און מיטן שפּראַץ אויף טאָג האָט ער זיינע לידער פאַרשריבן מיט אַ צעבראָכן שרייבפעדל אויף שטיקלעך פּאַפּיר — וואָס פאַר אַ כוח ?

טאַטע־מאַמע שאָקלען ערנסט מיט די קעפּ בשעת ער לייענט די לי־דער : „ס'איז דאָך אמת יעדער וואָרט וואָס ער זאָגט. ס'איז דאָך טאַקע נישטאָ קיין יושר אויף דער וועלט. איינער האָט צופיל, דער צווייטער — קיין ביסן ברויט”.

אַזויפיל שיינקייט אין זיין שאַפן ! ער וואַקסט, ער וואַרפט פון זיך אַראָפּ קינדישע געוואוינהייטן, ער לייטערט זיך, שטייגט איבער שטרויכ־לונגען און גייט פאַראויס.

עס קומט די ערשטע וועלט־מלחמה. די דייטשן זיינען אומעטום ! מען כאַפּט אונדז, פיר ברידער, אויף צוואַנג־אַרבעט. נישטאָ קיין וועג צו אַנטלויפן. מען היט מיט טויזנטער אויגן. נאָר ביינאַכט, ווען אין סטאַ־דאָלע שלאָפן שוין אַלע, גראָבט ער מיט אַ לעפל די „פּאָדוואָליענע”. ביס־לעכווייז ווערט אַן עפענונג — אין יענער זייט איז פריי ! ער רוקט אַרויס דעם קאָפּ, אַ טייל פון די אַקסל און — ווייטער גייט נישט . . . איין העלפט — אין געפאַנגענשאַפט, אַ צווייטע העלפט — אויף דער פריי. אויבן, אי־בער אים — די סטאָדאָלע. מאָמענטן פון שרעק . . . דאָך — געלינגט צו אַנטלויפן . . .

יאָ, שוין 25 יאָר זיך נישט דורכגערעדט מיט אים וועגן דער פּאַנ־סקער פוילן. צי געדענקט ער, ווען זיי האָבן זיך געשלאָגן מיט די באָל־שעוויקעס ? מען כאַפּט אין סאָלדאַטן, אָבער וואָס האָט ער מורא ? צו יונג ! גייט ער מיט די וועגן פון צעבליטע פעלדער צו בייטן די ביכער אין ביבליאָטעק, ווייל לייענען לייענט זיך גאָר געשמאַק. מען שלינגט ביכער ביים צאַנקענדיקן לעמפּל, ביי אַ ליכטל, אַפילו ביי דער ליכטיקער לבנה־שיין.

פּלוצלינג קומט די נייעס : געכאַפּט שנייערן צו די סאָלדאַטן. אים

אָפּגעמאָסטן, באַטראַכט און געזאָגט: „זדאָלניע״ (ער טויג!). אַ פּאָר חדשים שפּעטער רוקן זיך די באָלשעוויקעס צו אונדזער שטאָט. קוילן פליען שוין איבער די דעכער. שונאים אַנטלויפן. פריינט וואַרטן אין באַהעלטעניש. און אָט שטעלט זיך אַריין מיין ברודער אין פוילישן אוניפאָרם: ער וועט אויך וואַרטן...

טאַטע־מאַמעס צער: אַ דעזערטיר. כאַפּט מען אים, חלילה, — איז גלייך אויפן צווינטער און דערשאָסן. ער וועט נאָך פאַר זיך אַליין דאַרפן גראָבן אַ קבר. אַרויסיאָגן אים צוריק אין דער אַרמיי? אין דער מלחמה? ווי קאָן מען? אַ קינד, עס וויל זיך ראַטעווען... ווי־זשע קאָן מען אים טרייבן צום טויט? צי געדענקט ער נאָך אָט יענעם צער פון טאַטע־מאַמען?...

ער געדענקט אָבער זיכער דעם גרוב, וואָס מ׳האָט אויסגעגראָבן אונטער דער פּאָדלאָגע, און ביים קלענסטן שאָרך האָט די מאַמע אויפגעציטערט און אים אַריינגעשאַרט אין גרוב אַריין, צוגעדעקט מיט די ברעטער און געשעפּטשעט: „ער זאָל נאָר דאָרט, חלילה, ניט דערשטיקט ווערן...״.

און צי געדענקט ער זיין ערשטע רעדע אין אַרבעטער־לאָקאַל צום 1טן מאַי? איך געדענק די רעדע, ווייל זינט דאַן האָב איך אים ניט געהערט רעדן. איז ווי קלינגט זיין קול איצט?

וואָקזאַלן, פּאָרטן: כעלם, וואַרשע, לעמבערג, בוענאָס־איירעס, ניו־יאָרק, מיט 25 יאָר אין מיטן... און אָט קומט די באַן! ער גייט! וואו זיינען די 25 יאָר?

אַ חלום?...